מאַרק טווען
(סעמועל קלעמענס)

# דער פּרינץ און דער בעטלער

אַ מעשה פאַר יונגוואַרג פון יעדן עלטער

פון ענגליש איבערזעצט דורך ז. ווענדראָף



ווילנע — 1923

ווילנער פאַרלאַג פון ב. א. קלעצקין.



מאַרק טווען

(סאמיועל קלעמענס).

די געהאָרכזאַמע און ליבע קינדער

**שושנה און קלאָרא קלעמענס**

ווידמעט מיט ליבע דאָס בוך

זייער פּאָטער.

# אינהאַלט.

---

# פאָרוואָרט.

איך וועל אייך דאָ פאָרלייגן אַ מעשה ווי זי איז מיר דער־ציילט געוואָרן (בײַ) אַ מענטשן, וואָס האָט זי געהערט פון זיין פאָטער, וועלכער האָט, דאָסגלייכן געהערט זי פון זיין פאָטער, יענער ווידער, האָט געהאַט די זעלביקע מעשה במסורה פון זיין פאָטער, און אזוי ווייטער און ווייטער אַלץ צוריק צו די פאַר־גאַנגענע דורות. אין אַ משך פון דריי הונדערט יאָר איז די מעשה איבערגעגאַנגען פון פאָטערס צו זין, ביז זי איז אויף אַזאַ אופן דערגאַנגען צו אונז.

עס קען זיין, אַז די מעשה איז אַן אמתע מעשה און עס קען זיין, אַז ס׳איז ניט מער ווי אַ לעגענדע, אַן אויסגעטראַכטע זאַך. מעגלאַך, אַז דאָס האָט קיינמאָל ניט פּאַסירט, אָבער, ווי די מעשה איז, האָט עס געקענט פּאַסירן. עס קען געמאָלט זיין, אַז אין די אַלטע צייטן האָבן אין דער געשיכטע געגלויבט קלוגע און געלערנטע מענטשן, און אפשר האָבן באַר די פּשוטע און ניט געלערנטע געליבט זי און געגלויבט אין איר.

# ערשטער קאַפּיטל.

## דאָס געבורט פון דעם פּרינץ און פון דעם בעטלער.

אין דער שטאָט לאָנדאָן איז אין איין הערבסט-פרימאָרגן פון זעכצנטן יאָר-הונדערט אין אַן אָרימער פאַמיליע מיט דעם נאָמען ק ע נ ט י, געבאָרן געוואָרן אַ יינגל, וואָס איז געקומען אין דער הויז-געזינט ווי אַן אומגעבעטענער גאַסט. אין דעם זעלביקן טאָג איז אין אַ רייכער פאַמיליע מיט דעם נאָמען ט י ו ד אָ ר אויך געבאָרן געוואָרן אַ יינגל, וואָס איז געווען זייער אַן אָנגעלייקטער גאַסט. און ניט נאָר ער איז געווען געוואונטשן פאַר זיינע עלטערן— גאַנץ ענגלאַנד האָט זיך געפרייט מיט זיין געבורט.

ענגלאַנד האָט אַזוי לאַנג געבענקט נאָך אים, און געוואַרט אויף אים, און געבעטן גאָט פאַר אים, אַז ווען ער איז לסוף געקומען אויף דער וועלט, — איז דאָס פאָלק כמעט משוגע געוואָרן פון שמחה. האַלב-באַקאַנטע מענטשן האָבן זיך ארומגעכאַפּט אין די גאַסן, געקושט און געהאַלזט זיך פאַר גרויס פרייד. יעדערער האָט זיך געמאַכט דעם טאָג אַ יום-טוב, יחסנים און פּראָסטע מענטשן, אָרים און רייך, קליין און גרויס האָבן געטאַנצט און געזונגען, געגעסן און געטרונקען, און געדויערט האָט דאָס אייניקע טעג און נעכט.

ביי טאָג איז לאָנדאָן געווען אַ פּראַכט צו זען: יעדער טיר און יעדער פענסטער איז געווען באַפּוצט מיט פלאַטערדיקע פאָנען, איבער אַלע גאַסן האָבן זיך געצויגן לוסטיקע פּראָצעסיעס, אומעטום האָט געשפּילט מוזיק. ניט ווייניקער שיין איז די שטאָט געווען ביי נאַכט: אויף יעדער ווינקל גאַס האָבן געפלאַקערט פייערן און

דער אויסגעטרונקענער עולם האָט געטאַנצט און לוסטיק געמאַכט זיך אַרום זיי.

גאַנץ ענגלאַנד האָט פון קיין אַנדער זאַך ניט גערעדט ווי נאָר פון דאָס ניי־געבאָרענע קינד עדוואַרד טיודאָר, דעם פרינץ פון וועלש.

און ער, דער יורש עצר פון ענגלישן טראָן, איז זיך געלעגן פאַרוויקלט אין זיידענס און אַטלאַס... ניט האָבנדיק קיין שום אַנונג פון דעם גאַנצן פּאַראַד, וואָס מען האָט דאָ געמאַכט אַרום אים און ניט חושד זייענדיק, אַפילו אַז די גרעסטע לאָרדן און הויף־דאַמען ניאַנטשען זיך מיט אים, און פּאַסן אים אויף און היטן אים אָפּ ווי דאָס שוואַרצאַפּל פון אויג.

און, דעם אמת געזאָגט, האָט ער זיך ווייניק געקימערט וועגן דעם.

אָבער וועגן דעם צווייטן יינגל, טאָם קענטי האָט קיינער גאָרניט גערעדט, אַחוץ אפשר זיין אייגענע אָרימע הויז־געזינט, וועלכער ער האָט מיט זיין קומען געבראַכט פרישע זאָרגן מיט פרישע צרות.

---

# צווייטער קאַפּיטל.

## טאָמס קינדער־יאָרן.

### איצט לאָמיר איבערהיפּן עטלאַכע יאָר.

לאָנדאָן איז געווען פופצן הונדערט יאָר אַלט און איז, ווערליק יענער צייט, געווען אַ גרויסע שטאָט: זי האָט פאַרמאָגט אַ הונדערט טויזנט איינוואוינער; אַנדערע זאָגן אפילו, אַז צוויי מאָל אַזוי פיל. די גאַסן זיינען געווען זייער שמאָל, און געדרייט און שמוציק, איבערהויפּט אין יענער טייל שטאָט, וואו טאָם קענטי האָט געוואוינט — אין דעם געגנט פון „לאָנדאָן־בריק".

די הייזער זיינען געווען הילצערנע, דער צווייטער שטאָק ברייטער פון דעם ערשטן און דער דריטער שטאָק ברייטער פון צווייטן, אַזוי, אַז וואָס העכער די געביידע איז געווען, אַלץ ברייטער איז זי געווען אויבן. געבויט זיינען זיי געווען פון גראָבע בעלקעס, צונויפגעלייקט אין דער לענג און דער ברייט, און דער שטח צווישן זיי אויסגעפילט מיט פעסטן מאַטעריאַל און פון אויבן פאַרשמירט מיט זאַמד און וואַפנע. די בעלקעס זיינען געפאַרבט געווען רויט, בלוי אָדער שוואַרץ — ווערליק דעם גוסט פון בעל־הבית, וואָס עס האָט צוגעגעבן די הייזער אַ מאַלעריש פריילאַך אויסזען. די פענסטערלאַך אין די הייזער זיינען געווען קליינינקע באַגלאָזט מיט קליינע שייבאַלאַך. געעפנט האָבן זיי זיך דרויסן צו אויף זאַווערסעס, ווי טירן.

דאָס הויז, אין וועלכער טאָמס פאָטער האָט געוואוינט, איז געשטאַנען אין אַ פאַרוקט ווינקל, וואָס האָט געהייסן דער שמוץ־הויף, אין שכנות מיט דער פרעסער־געסל, אָדער פודינג־געסל.

דאָס הייזל איז געווען קליין אַלט און האַלב צעפאַלן, אָבער פול געפּאַקט מיט מוראדיק־אָרימע שכנים. די משפּחה קענטי האָט פאַרנומען אַ צימער אויפן דריטן שטאָק. די מוטער מיטן פאָטער האָבן געהאַט אַ מין בעט אין ווינקל, אָבער טאָם, זיין באָבע און זיינע צוויי שוועסטער, בעט און נען, זיינען נישט געווען באַגרענצט: זיי האָבן געהאַט פאַר זיך די גאַנצע דיל און געקענט שלאָפן, וואו זיי האָבן געוואָלט. זיי האָבן פאַרמאָגט די רעשטלאַך פון אַ פּאָר קאָלדרעס און עטלעכע בינטלעך צוריבענע און פאַרפוילטע שטרוי, וואָס זיינען בייטאָג צונויפגעשאַרט געוואָרן אין איין ווינקל, פון וועלכן יעדערער האָט ביינאַכט גענומען פאַר זיך אויף אַ געלעגער, וואָס ס׳איז אים צום האַנט געקומען.

בעט און נען זיינען געווען אַ צווילינג פופצן יאָר אַלט. דאָס זיינען געווען גוטהאַרציקע, אָבגעלאָזענע, אָבגעריסענע און טיף־אומוויסנדיקע מיידלאַך. די מוטער איז אין גאַנצן געווען געראָטן אין די טעכטער, אָבער די באָבע און דער פאָטער זיינען געווען אַ פּאָר אמת׳ע טייוואָלים. זיי פלעגן זיך אָנשכורן ווען זיי האָבן נאָר געהאַט די געלעגנהייט דערצו און פאַרפירן אַ געשלעג צווישן זיך, אָדער מיט יעדערן, ווער עס איז זיי געקומען אונטערן האַנט.

דזשאָן קענטי איז געווען אַ גנב און זיין מוטער—אַ בעטלערקע. פון די קינדער האָבן זיי געמאַכט בעטלער, אָבער מאַכן זיי פאַר גנבים האָט זיך זיי ניט איינגעגעבן.

אין דער זעלביקער הויז, אָבער אָבגעזונדערט פון דער אי־בעריקער חברה, האָט געוואוינט אַ געוועזענער גלח, וועלכן דער קיניג האָט געלאָזן אויף דער עלטער אָן אַ היים און ברויט מיט אַ פענסיע פון עטלאַכע גראָשן אַ וואָך. אָט דער אַלטער גלח פלעגט פאַרופן צו זיך די קינדער פון געסל און לערנען זיי געהיים גוטע מידות. דער זעלביקער פאַטער אַנדריו האָט אויך אויסגעלערנט טאָמען לייענען, שרייבן און אַ ביסל לאַטיין. ער וואָלט דאָס זעלביקע געטאָן מיט טאָמ׳ס שוועסטער אויך, אָבער יענע האָבן שטאַרק געציטערט, אַז זייערע חבר׳טעס וועלן זיך דער פון דערוויסן און וועלן חוזק מאַכן פון זיי פאַר זייער מאָדנעם אויפטו.

גאַנץ שמוץ־הויף־געסל איז געווען פּונקט אַזאַ בינ־שטאָק ווי די הויז, אין וועלכער טאָם קענטי האָט געוואוינט. שכּרות, זידלעריי און געשלעג איז געווען פון די געוויינלאַכסטע זאַכן אין שמוץ־הויף סיי בייטאָג, סיי ביינאַכט. צובראָכענע קעפּ איז דאָרטן געווען אַ טעגליכע ערשיינונג, אַזוי גוט ווי הונגער. פונדעסטוועגן, האָט זיך טאָם ניט געפילט אומגליקלאַך. אמת, עס האָט זיך אים ניט גרינג געלעבט, אָבער ער האָט פון עפּעס בעסערס ניט געוואוסט. דאָס איז געווען דער סאָרט לעבן, וואָס אַלע יינגלאַך פון שמוץ־הויף־געסל האָבן געלעבט, און טאָם האָט געמיינט, אַז אַנדערש קען גאָרניט זיין. ער האָט געוואוסט, אַז ווען ער קומט אין אָבנט אַהיים מיט ליידיקע הענט, וועט אים פריער דער טאַטע גוט אָנשילטן און אָנשלאָגן, דערנאָך, אַז דער טאַטע וועט מיד ווערן שלאָגנדיק, וועט זיך די באָבע, די מכשפה, נעמען צו דער אַרבעט און פאַרבעסערן. ער האָט געוואוסט, אַז ביי נאַכט, ווען דאָס גאַנצע הויז־געזינד וועט שוין שנ[illegible]ן אין שווערן שלאָף, וועט זיך די הונגעריקע מאַמע צוגנבענען צו אים און, שטילערהייד, אונטערוקן אַ פּעניצל פאַרטריקענט ברויט אָדער וואָסערע ניט איז שיריים, וואָס זי האָט אָבגעשפּאָרט פון איר אייגענעם מויל, ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס דער' מאַן האָט איר ניט איין מאָל געשלאָגן צום טויט, ווען ער האָט זי געכאַפּט ביים האַנט.

ניין, טאָמען האָט זיך געלעבט ניט שלעכט, איבערהויפּט ווען ס'איז געקומען זומער־לעב. ער האָט געבעטעלט נאָר אויף אַזוי פיל, ווי פיל עס איז נויטיג געווען אויסצומיידן דעם טאַטנס און דער באָבעס קלעפּ.—וואָרום די געזעצן זיינען דאַמאָלט געווען שטריינג און די שטראָף פאַר בעטלען — שווער.— ער האָט אַ רעכט ביסל צייט פאַרבראַכט אין הערן דעם פּאָטער אַנדריוס פּראַכטפולע אַלטע מעשהלאַך און לעגענדעס וועגן ריזן און מכשפים, וועגן קאַרליקעס און גלגולים, וועגן פאַרכּישופטע שלעסער, וועגן מעכטיקע קסרים און העלדישע פּרינצן. זיין קאָפּ איז פול געווען מיט אָט די אַלע וואונדערפולע געשטאַלטן, און ניט איין נאַכט, ליגנדיק אין דער פינסטער אַ צושלאָגענער, אַ מידער און, אַ הונגע־

ריקער, געביסן פון וואנצן, פליי און אנדערע פאראזיטן מיט וועל־
כע דאס ביסל צופוילטע שטרוי האט געווירבלט,—האט ער געלאזן
זיין פאנטאזיע שוועבן און האט גיך פארגעסן אן אלע ווייטאגן
און אלע יסורים, מאלנדיק זיך דאס פראכטיקע לעבן פון א פרינץ
אין א קייזערליכן פאלאץ.

מיט דער צייט איז זיין גרעסטער וואונטש געווארן צו זען
מיט זיינע אייגענע אויגן אן אמתן לעבעדיקן פרינץ. דער דאזיקער
וואונטש האט אים פארפאלגט טאג און נאכט. איינמאל האט ער
אפילו ארויסגעזאגט זיין פארבארגענעם וואונטש פאר זיינע חברים
פון שמוץ־הויף־געסל, אבער יענע האבן אים אזוי אומרחמנות'דיק
אויסגעלאכט, אז ער האט שוין פארזאגט א צענטן צו ריידן מיט
זיי וועגן אזעלכע זאכן. פון דאמאלסט אן האט ער געהאלטן זיי־
נע חלומות פאר זיך.

טאם האט אפט געלייענט דעם אלטן גלחס אלטע ביכער
און געבעטן ער זאל אים זיי פארטייטשן און דערקלערן. דאס
לייענען און דאס טרוימען האבן ביסלאכוויים ארויסגערופן אין
אים א געוויסע פארענדערונג. די העלדן, וואס ער האט באשאפן
אין זיין פאנטאזיע זיינען געווען אזוי שיין און פראכטפול, אז ער
האט זיך אנגעהויבן צו שעמען מיט זיינע טראנטעס און שמוץ
און אים האט זיך געוואלט אליין אויך זיין ריינער און בעסער
אנגעטאן. ער האט ווי פריער געשפילט אין בלאטע און הנאה גע־
האט דערפון אויך; אבער אנשטאט צו פליושקען זיך אין דער
טעמזע גלאט אין דער וועלט אריין, צוליב שטיפעריי, האט
אים דאס באדן זיך אנגעהויבן צו געפעלן נאך דערפאר, וואס
עס מאכט ריין.

טאם האט שטענדיק געפונען עפעס אינטערעסאנטעס אין
דער טשיפסייד־געגנט און אויף די ירידן. פון צייט צו צייט
איז אים מיט דער איבעריקער באפעלקערונג פון לאנדאן אויסגע־
קומען צו זען ווי מען פירט א גרויסן מענטשן איבערן וואסער
אדער מיט דער יבשה אין לאנדאנער טורם — א געפענגניס פאר
איידל־לייט. איין זומער־טאג איז אים אפילו באשערט געווען צו
זען ווי מען האט די אומגליקלאכע אננא אסקיו און נאך דריי

מאַנסביל פאַרבּרענט אויף אַ שייטערהויפן און געהערט ווי אַ בּיסקופּ האָט געהאַלטן פאַר די פאַרמשפּטע אַ דרשה, וואָס איז טאַמען גאָר ניט געווען אינטערעסאַנט. יאָ, בּכלל איז טאַמס לעבּן געווען גענוג אינטערעסאַנט און פאַרשיידנאַרטיק.

בּיסלאַכווייס האָט דאָס שטענדיקע לעזן און חלומען וועגן מלכים און פּרינצן געמאַכט אויף טאָמען אַזאַ איינדרוק, אַז ער האָט אַליין גענומען שפּילן די ראָלע פון אַ פּרינץ. זיין אַרט ריידן און בּאַנעמען זיך איז געוואָרן מאָדנע צערעמאָניש און הויף־מעסיק צו דעם גרויסן פאַרגעניגן און פאַרוויילונג פון זיינע חברים און בּאַקאַנטע. נאָר כאָטש זיי האָבּן זיך לוסטיק געמאַכט איבּער אים פונדעסטוועגן איז זיין ווירקונג צווישן זיינע חברים געוואַקסן פון טאָג צו טאָג. בּיסלאַכווייס האָט מען אויף אים בּענומען קוקן מיט התפּעלות, ווי אויף אַ וואונדער־קינד. אַ קליינינקייט וואָס ער ווייס און וואָס ער קען אויפטאָן! און חוץ דעם, איז ער אַזוי קלוג און געלערנט! טאָמס בּאַמערקונגען און טאָמס אויפטועכצן זיינען דורך די קינדער בּאַוואוסט געוואָרן אויך בּיי די עלטערן, וואָס האָבּן אויך אָנגעהויבּן צו קוקן אויף אים ווי אויף אַ גוואַלדיק־פעאיקן און אויסערגעוויינליכן יינגל. דערוואַקסענע מענטשן האָבּן אָנגעהויבּן צו קומען צו אים אין יעדער פאַרלעגנ־הייט אַן עצה האַלטן זיך און זיינען געווען אויסער זיך פון דער חכמה און איינפאַלן, וואָס ער ווייזט אַרויס בּיים אַרויסזאָגן זיין בּאַשלוס אָדער זיין פּסק־דין. קורץ, ער איז געוואָרן דער העלד פון גאַנצן געסל, אַחוץ זיין אייגענער פאַמיליע, וואָס האָט אין אים קיין שום בּאַזונדערעס ניט בּאַמערקט.

אַ בּיסל צייט שפּעטער, האָט טאָם שטילערהייד איינגעפירט זיין אייגענעם קייזערלאַכן הויף! עס פאַרשטייט זיך, — ער איז געווען דער פּרינץ, זיינע נאָענטסטע חברים — לייבּ־היטערס, קאַמער־הערן, שטאַל־מייסטערס, לאָרדן, הויף־דאַמען און מיטגלידער פון דער קייזערליכער פאַמיליע. יעדן טאָג האָט דער הויף אויפגענומען דעם נייעבּאַקענעם פּרינץ מיט אַלע צערעמאָניעס, וואָס טאָם האָט אויסגעלייענט אין זיינע בּיכער. יעדן טאָג זיינען אין מיניס־טעריום פון דעם בּלומערשדיקן קיניגרייך בּאַהאַנדלט געוואָרן אַלע

וויכטיקע מלוכה־פּראַגן און יעדן טאָג האָט זיין צופּלייסנדיקע מאַיעסטעט אַרויסגעגעבן באַפעלן צו זיין פאַנטאַסטישער אַרמיי, פלאָט און שני־למלכים.

נאָכהער פלעגט ער זיך ווייטער אַרויסלאָזן אין זיינע שמאַטעס איבער די גאַסן אויסצובעטלען אַ פּאָר גראָשן, ווידער עסן זיין פאַרדאַרט שטיקל ברויט, נאָך אַמאָל אַריינכאַפּן זיין חלק קלעפּ, און קללות, ביז ער פלעגט אַ פאַל טאָן שפּעט ביינאַכט אויף זיין הויפן פאַרפוילטע שטרוי און ווייטער אָנהויבן לעבן אין זיינע פאַנטאַזיעס און חלומות דאָס לעבן פון אַ פּרינץ.

דערוויל איז דער וואונטש צו זען כאָטש איינמאָל אין לעבן אַן אמתן פּרינץ, אַ לעבעדיקן פּרינץ פון בלוט און פלייש געוואַקסן ביי טאָמען פון טאָג צו טאָג און פון וואָך צו וואָך ביז דערדאָזיקער וואונטש האָט פאַרשלונגען אַלע אַנדערע וואונטשן און איז געוואָרן די איינציקע לוסט פון זיין לעבן.

איינמאָל ווינטער, אין אַ קאַלטן יאַנואַר־טאָג האָט טאָם, ווי געוויינלאַך אַרויסגעלאָזן זיך אויף זיין בעטלער־גאַנג. שעה פאַר שעה האָט ער, אַן אָפּגעריסענער, אַ באָרוועסער און אַ הונגעריקער יאושדיק אַרומגעדרייט זיך הין און צוריק אין געגנט פון מיינ־סינג־געסל, אַריינקוקנדיק אין די פענסטער פון די גאָרקיכן, וואו עס זיינען ווי אויף צו להכעיס, געווען אויסגעשטעלט טייגאכצן געפילט מיט געהאַקטע חזיר־פלייש און נאָך אַזעלכע משונהדיקע מאכלים, וואָס כאָטש ער אַליין האָט עס קיינמאָל ניט פאַרזוכט פונדעסטוועגן האָט ער געפילט נאָכן ריח נאָך אַז דאָס זיינען געריכטן ניט פאַר פּשוטע מענטשן, און אַז נאָר קיסרים און מלכים קענען זיך פאַרגינען אַזויגס צו עסן.

אַ שפּאָרעוודיק רעגנדל האָט געגאָסן, ווי דורך אַ זיפּ, דער טאָג איז געווען אַ כמאַרער, אַ טרויעריקער, די לופט — אַ נאַסע, אַ דורכנעמענדיקע. ביינאַכט, האָט ער זיך פאַרשלעפּט אַ היים אַזוי דורכגעווייקט, מיד און הונגעריק, אַז אַפילו דער טאַטע מיט דער באָבן האָבן אויף זייער אייגענעם שטייגער אויף אים רחמנות באַקומען און אים ניט לאַנג געפּייניקט: דערלאַנגט אים גלייך אַ גוטן חלק קלעפּ און געשיקט שלאָפן.

אַ לאַנגע צייט האָבן אים די ווייטאָקן און הונגער פון איין זייט און די קולות און געשלעג אין שטוב פון דער צווייטער זייט ביז געלאָזן איינשלאָפן, נאָר ביסלאַכווייס האָבן אים זיינע מחשבות אוועקגעטראָגן העט ווייט אין אַ צויבער-לאַנד און ער איז איינגע-שלאָפן אין אַ פּראַכטיקן גרויסן פּאַלאַץ צווישן פּרינצלאַך און בני-מלכים, באַשאָטענע פון קאָפּ ביז די פיס מיט דימענטן און בריליאַנטן, אַרומגערינגלט מיט קנעכט, וואָס בוקן זיך צו די פיס און פליען פייל פון בויגן אויסצופילן יעדער זייער באַפעל. עס פּאַרשטייט זיך, אַז ער אַליין איז אויך געווען איינער פון די פּרינצן.

אַ גאַנצע נאַכט האָט ער געלעבט דאָס לעבן פון אַ פּרינץ אין קייזאַרלאַכן הויף. ער האָט זיך געבאָדן אין שטראָמען פון ליכט און גלאַנץ, ער האָט זיך באַוועגט צווישן לאָרדן און הויף-דאַמען, איינגעאָטעמט די ריחות פון די פיינסטע בשמים און פּאַרפומען, אויפגענומען די זיסע קלאַנגען פון צויבער-מוזיק און וואו מיט אַ שמייכל, און וואו מיט אַ לייכטן קאָפּ-נויג געענטפערט אויף די אונטערטעניקע בוקונגען פון דעם גלענצנדן עולם, וואָס האָט געמאַכט אַ וועג בײַ זיין דורכגאַנג.

און ווען ער האָט זיך אויפגעוואַכט אין דער פרי און דער זען דעם דלות און עלנט אַרום זיך, — האָט עס אים, ווי שטענדיק נאָך אַזעלכע חלומות, אויסגעזען נאָך טויזנט מאָל אָרימער און עלנטער ווי פריער. עס האָט אים פּאַרקלעמט ביים האַרצן און ער האָט זיך באַגאָסן מיט ביטערע טרערן.

# דריטער קאַפּיטל.

## טאָמס באַגעגעניש מיטן פּרינץ.

טאָם האָט זיך אויפגעהויבן אַ הונגעריקער און איז אַרויס פון שטוב אַ הונגעריקער, אָבער זיינע געדאַנקען זיינען אינגאַנצן געווען פאַרנומען מיט דעם שאָטנדיקן גלאַנץ פון זיינע חלומות. ער האָט געוואַנדערט איבערן שטאָט אַהין און אַהער, אַליין ניט וויסנדיק וואוהין ער גייט און קוים באַמערקנדיק וואָס עס טוט זיך אַרום אים. פאַרביי־גייער האָבן אים געשטויסן, אַנדערע האָבן אים געזידלט פאַרוואָס ער זעט ניט וואו ער גייט, אָבער דער פאַרחלומטער יינגל האָט זיך ניט געקימערט וועגן דעם.

פאַרטראַכטערהייט איז ער אַזוי פאַרגאַנגען ביז צו טעמפּל-באַר.—אַזוי ווייט פון דערהיים איז ער נאָך קיינמאָל ניט געווען. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ מאָמענט ווי ער וואָלט זיך מישב געווען מיט זיך אַליין, נאָכהער האָט ער זיך ווידער פאַר־טראַכט און איז ווייטער אַוועק ביז ער האָט זיך אַרומגעזען, אַז ער געפינט זיך אויסער די טויערן פון לאָנדאָן.

סטראַנד האָט שוין דעמאָלט אויפגעהערט צו זיין אַ דורכ־פאָר־וועג און האָט זיך שוין גערעכנט פאַר אַ שטאָטיקע גאַס, אָבער אַ מאָדנע גאַס איז דאָס געווען. פון איין זייט גאַס איז אַפילו געשטאַנען אַ שורה הייזער, אָבער אויף דער צווייטער זייט זיינען אויף אַ ווייטן שטח איינס פון דאָס אַנדערע געשטאַנען בלויז עטלאַכע גרויסע געביידעס. דאָס זיינען געווען פּאַלאַצן פון גרויסע לייט מיט גרויסע פּראַכטיקע גערטנער, וואָס האָבן זיך געצויגן ביז צום ברעג טייך. איצט זיינען אויף דעם אָרט פון די אַמאָליקע שאָטנדיקע פּראַכט־גערטנער, אויסגעוואַקסן גאַנצע וויאָרסטן פון כמורע שטיין, ציגל און צעמענט־הייזער.

אינגיכן האָט ער זיך געפונען אין דערפל טשערינג און האָט זיך געזעצט אָפּרוען אויפן פונדאַמענט פון פּראַכטיקן צלם, וואָס אַן אַראָפּגעזעצטער קיסר האָט דאָ אַמאָל אויפגעשטעלט. *) אָפּגערוט אַ ביסל, איז ער זיך לאַנגזאַם אַוועק איבער אַ שטילן, פיינעם וועג, איז פאַרבייגעגאַנגען דעם קאַרדינאַלס גרויסן פּראַכ-טיקן פּאַלאַץ, ביז ער איז געקומען צו דעם נאָך מער פּראַכטיקן קייזערלאַכן וועסטמינסטער-פּאַלאַץ. **)

מיט אַן אָפענעם מויל איז טאָם געשטאַנען און מיט מורא-דיקער התפעלות געקוקט אויף דעמדאָזיקן וואונדער פון דער בוי-קונסט, אויף דער גרויסער מאַסע גראַניט און מירמל-שטיין, אויף די ווייס-פאַרשפּרייטע נעבן-געביידעס, אויף די שטרענגע טורימס און פעסטונגען, אויף די גוואַלדיק ברייטע טויערן מיט באַגילטע שטאַנגען און מיט גאַנצע שורות קאָלאָסאַלע גראַניטענע לייבן, און אויף די אַנדערע צייכנס און סימבאָלן פון קייזערלאַ-כער מאַכט.

ניט שוין-זשע וועט זיין גרעסטער וואונטש ניט דערפילט ווערן? ער שטייט געוויס פאַרן קיניגלאַכן פּאַלאַץ, קען ער דען ניט האָפן, אַז דער אויבערשטער וועט אים מזכה זיין צו זען אַ פּרינץ, — אַן אמתן פּרינץ פון פלייש און בלוט?

פון יעדער זייט באַגילטן טויער איז געשטאַנען אַ לעבעדי-קע סטאַטוע — אַ גלייכער, גראַציעזער, אומבאַוועגלאַכער וואַך-האַל-טער פון קאָפּ ביזן קנאַפּל אין געווער און פּאַנצער פון בליש-טשענדיקן שטאָל. פון דערווייטנס, אַנטקעגן טויער זיינען געשטאַ-נען דאָרפס-לייט און שטאָט-לייט און געוואַרט אויף אַ געלעגנהייט צו כאַפּן אַ קוק אויף וועמען עס איז פון דער קייזערלאַכער פאַ-מיליע. אויסגעפוצטע דאַמען און הערן, באַגלייט פון פּראַכטפול געקליידעטע דינערשאַפט זיינען אַלע ווײַלע צוגעפאָרן און אָפּגע-

---

*) טשערינג-קראָס (טשערינג-צלם) איז איצט דער מיטל-פּונקט פון לאָנדאָן.

**) וועסטמינסטער איז אין מערב-טייל פון לאָנדאָן, דאָרטן געפינט זיך דער ענגלישער פּאַרלאַמענט אין איינער פון די קייזערלאַכע פּאַלאַצן.

פאָרן צו די אָדער יענע טויערן, וואָס האָבן דורכגעשניטן דעם קייזערלאַכן הויף.

דער אָרימער קליינער ט אָ ם אין זיינע שמאַטעס איז אויך צוגעגאַנגען צום טויער און האָט לאַנגזאַם און הכנעהדיק גענומען באַוועגן זיך פאַרביי די וואַך-האַלטערס. זיין קליין הערצל האָט האַסטיק געקלאַפּט און זיין האָפענונג צו זען אַ לעבעדיקן פרינץ האָט זיך געשטאַרקט. מיט אַמאָל האָט ער דורך די גאָלדענע שטאַנגען דערזען אַ בילד, וואָס האָט אים אַ הויב געטאָן אין דער לופטן און ער האָט נאָך אַ האָר ניט אַ געשריי געטאָן פאַר פרייד; אינעווייניק אין הויף איז געשטאַנען אַ שיין, סימפּאַטיש יינגל, פאַרברוינט און טונקל פון שטענדיקן שפּילן און ספּאָרט-טרייבן אויף דער פרישער לופט; געקליידט איז דאָס יינגל געווען אינגאַנצן אין פראַכטפולן זייד און סאַמעט, באַפּוצט מיט שאַך-שטיינער; אויפן זייט איז ביי אים געהאַנגען אַ ראַפּיר און אַ שווערד, אינגאַנצן באַשאָכן מיט דימענטן און בריליאַנטן; אויף די פיסלאַך — פיינע שיכלאַך מיט רויטע קנאַפּל און אויפן קאָפּ אַ רויט מיצל, באַפּוצט מיט שטרויס-פעדערן, באַפעסטיקטע צום היטעלע מיט אַ גרויסן שיינענדיקן עדלשטיין. ער איז געווען אַרומגערינגלט פון עטלאַכע פיין-באַפּוצטע הערן — אוודאי זיינע דינער.

אָ, דאָס איז געוויס אַ פּרינץ! אַן אמתער, לעבעדיקער פרינץ! דאָ קען קיין שום ספק ניט זיין! אָ, די תפילה פון דעם קליינינקן, אָרימענקן בעטלערל איז סוף-כל-סוף פאָרט אָנגענומען געוואָרן!

ט אָ ם האָט קוים געקענט דעם אָטעם כאַפּן פון אויפרעגונג זיינע ברייט-אויפגעריסענע אויגן האָבן געשיינט מיט פרייד און באַגייסטערונג. אין זיין נשמה האָט איצט געהערשט נאָר איין פאַרלאַנג; צוגיין נענטער צום פרינץ און גוט אָנקוקן זיך אויף אים. איידער ער האָט נאָך באַרעכנט וואָס ער טוט, איז ער שוין געשטאַנען מיטן פנים צוגעפּרעסט צו די צוים-שטאַנגען. אָבער דאָ האָט אים איינער פון די זעלנער אַ כאַפּ געטאָן ביים קאָלנער און דערלאַנגט אַ שליידער צו דער חברה דאָרפישע און שטאָטיקע ליידיק-גייערס, זאָגנדיק דערביי:

— פֿאַרגעס ניט ווי צו באַנעמען זיך, דו יונגער בעטלער!
דער עולם האָט אַ הירזשע געטאָן און געגומען שיטן מיט ווערטלאַך אויף דעם אָרימען יינגל, אָבער אין דערזעלביקער מינוט איז דער יונגער פּרינץ מיט אַ פֿאַרפֿלאַמט פּנים און מיט אויגן, וואָס האָבן געשאָטן פֿונקען, צוגעשפּרונגען צום טויער און אויפֿגעבראַכט אויסגעשריען:
— ווי אַזוי האָסטו זיך געקאָנט דערוועגן אַזוי צו באַגיין זיך מיט אַן אָרים יינגל! ווי האָט דיין האַנט געוואַגט אויפֿהייבן זיך אַפֿילו אויף דעם קלענסטן פֿון מיין פּאָטערס, דעם קיניגס אונטערטאַנער?! עפֿן די טויערן און לאָז אים אַריין!
איר האָט געדאַרפֿט זען ווי דער זעלביקער המון, וואָס האָט נאָר וואָס חוזק געמאַכט פֿון אָרימען טאָם, האָט אַ ריס געטאָן די היטלען פֿון די קעפּ! איר האָט געדאַרפֿט זען ווי זיי האָבן דאָס אַ ביסל געריסן די העלזער, שרייענדיק: „עס זאָל לאַנג לעבן דער יורש עצר! הוראַ פֿאַר דעם פּרינץ פֿון וועלש!...״
די וואַך-האַלטערס האָבן געסאַליוטירט מיט זייערע אַלע-באַרדן *) און געעפֿנט דעם טויער. דער פּרינץ פֿון דלות און נויט אין זיינע פֿלאַטערדיקע שמאַטעס איז אַריין אין הויף און באַגריסט זיך פֿאַרן האַנט מיטן פּרינץ פֿון פּראַכט און מאַכט. די זעלנער האָבן ווידער אַמאָל געמאַכט אַ סאַליוט.
און עדוואַרד טיודאָר האָט אַזוי געזאָגט:
— דו זעסט אויס מיד און הונגעריק; דו ביסט שלעכט באַהאַנדלט געוואָרן. קום מיט מיר!
אַ האַלבע טוץ הויף-לייט האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן פֿאָרויס — ניט צו דערלאָזן, אַ פּנים. — אָבער דער פּרינץ האָט אויף אַן עכט קיניגלאַכן שטייגער אַ מאַך געטאָן מיטן האַנט, און יעדערער פֿון זיי איז פֿאַרגליווערט געוואָרן אויף זיין אָרט ווי אַ שטיין-בילד.
עדוואַרד האָט אַריינגעפֿירט טאָמען אין אַ רייך-פֿאַרפּוצטן זאַל, וועלכן ער האָט אָנגערופֿן זיין קאַבינעט. אויף דעם פּרינצס באַפֿעל האָט מען טאָמען אַריינגעבראַכט אַ מאָלצייט, וואָס ער

*) אַ פּאַרצייטיקער מין שפּיז און האַק צוזאַמען.

האָט קיינמאָל אַפילו די נעמען פון די שפּייזן ניט געהערט, סיידן אפשר אין ביכער באַגעגנט. מיט אַן עכט קיניגלאַכער איידלקייט און ערצויגנקייט האָט דער פּרינץ אַרויסגעשיקט די דינער פון צימער, כדי זיין שעמעוודיקער גאַסט זאָל זיך ניט שטערן צו עסן. דאַן האָט ער זיך אַליין געזעצט לעבן טאָמען און, אין דער צייט וואָס יענער האָט געגעסן, גענומען פאַרנאַנדערפרעגן אים:

— ווי רופט מען דיך, יינגעלע?

— טאָם קענטי, — אויב עס געפעלט דיר, גנעדי־קער האַר.

— אַ מאָדנער נאָמען, און וואו וואוינסטו?

— אין שטאָט, איך בעט דיך, גנעדיקער האַר אין שמוק־הויף, וואָס אין פּרעסער־געסל.

— שמוק־הויף, הם... ווידער אַ מאָדנער נאָמען! און עלטערן האָסטו?

— עלטערן האָב איך, סער, און אַ באָבע אויך, אָבער איך האָב זי ניט ליב, שטראָף מיך גאָט ניט פאַר די רייד, און צוויי שוועסטער, אַ צווילינג, בעט און נען, האָב איך.

— דיין באָבע איז, ווי איך פאַרשטיי, ניט שטענדיק פריינד־לאַך צו דיר.

— זי איז צו קיינעם קיינמאָל ניט פריינדלאַך, גנעדיקער האַר, איר האַרץ איז שלעכט און אירע מעשים זיינען שלעכט אַלע טעג פון איר לעבן.

— שלאָגט זי דיר?

— עס טרעפן צייטן, ווען עס רוט איר האַנט, דאָס איז ווען שלאָף אָדער שכּרות נעמט אויף איר די אויבערהאַנט, אָבער ווען איר זין איז קלאָר, באַצאָלט זי מיר דאָפּלט.

די אויגן פון דעם קליינינקן פּרינץ האָבן אַ בליץ געטאָן מיט פייער.

— וואָס! זי שלאָגט דיך?

— אָ, יאָ, גנעדיקער האַר.

— שלאָגן דיך, אַזאַ קליינינקן און שוואַכינקן! הער־זשע צו

מיינע רייד: איידער די נאַכט װעט אָנקומען, װעט זי געפינען איר אָרט אין געפענגניס. מיין פאָטער דער קיניג...

— דו טוסט פאַרגעסן, גנעדיקער האַר, אַז זי איז פון נ-דעריקן שטאַם און דער טורעם איז נאָר פאַר די איידללייט.

— אמת, דו ביסט גערעכט. איך האָב גאָר פאַרגעסן װעגן דעם, אָבער איך װעל שוין אויסטראַכטן אַ שטראָף פאַר איר. איז דיין פאָטער גוט צו דיר?

— ניט בעסער פון דער באָבען, סער.

— אַ פנים, אַז אַלע טאַטעס זיינען גלייך. מיין פאָטער איז אויך ניט װייכהאַרציק: זיין האַנט איז שװער, אָבער מיך טוט ער שוינען. ער קאַרגט אָבער ניט פאַר מיר קיין שטראָף-רייד.

— און װי באַגייט זיך מיט דיר דיין מוטער?

— זי איז גוט-האַרציק, סער, און פאַרשאַפט מיר ניט קיין לייד און קיין פיין. דאָס גלייכן מיינע שװעסטער בעט און נען זיינען אינגאַנצן געראָטן אין איר.

— װי אַלט זאָלן דיינע שװעסטער זיין?

— פופצן יאָר, גנעדיקער האַר.

— די ליידי עליזאַבעט, מיין שװעסטער איז פערצן יאָר אַלט און די ליידי דזשעני גריי, מיין קוזינע, איז אין מיינע יאָרן. זיי זיינען ליבענסווירדיק און שיין, אָבער מיין שװעסטער, די ליידי מערי איז אַן ערנסטע און אַ שטרענגע און... זאָג נאָר: דיינע שװעסטער פאַרבאָטן אויך זייערע דינסטן צו לאַכן, כדי זיי זאָלן חלילה ניט פאַרזינדיקן דערמיט זייערע נשמות?

— מיינע שװעסטער? מיינסטו, גנעדיקער האַר, אַז זיי האָבן דינסטן?

דער קליינינקער פרינץ האָט אַ װיילע געקוקט אויף דעם קליינינקן בעטלער און געזאָגט:

— איך בעט דיך, פאַרװאָס ניט? װער-זשע העלפט זיי אויס-טאָן זיך פאַרן שלאָף און װער טוט זיי אָן אינדערפרי?

— קיינער ניט, גנעדיקער האַר, װילסטו זיי זאָלן אויף דער נאַכט אויסטאָן זייערע קליידער און שלאָפן נאַקעטע, װי די חיות?

— זייערע קליידער ? — האָבן זיי דען מערניט ווי צו איין קלייד ?

— אָ, גנעדיקער האַר ! וואָס האַלטן זיי דען געטאָן מיט צוויי קליידער ? האָבן זיי דען צו צוויי לייבער ?

— דאָס איז אַ פיינער געדאַנק און אַ גוטער איינפאַל ! זיי מיר מוחל, איך בין ניט אויסן געווען צו מאַכן שפּאַס פון דיר. אָבער דיין גוטע נ ע ן און ב ע ט וועלן האָבן אי קליידער, אי די־ ערשאַפּט און גאָר אינגיכן אויך. מיין שאַצהאַלטער וועט שוין דאָס באַזאָרגן. אָ, ניין, ניין, דאַנק מיר נישט. דאָס איז אַ קלייניקייט. דו רעדסט שיין און האָסט מאַלאַנט דערצו. ביסט דו געלערנט ?

איך ווייס ניט צו איך בין געלערנט אָדער ניט, גנעדיקער האַר. דער גוטער גלח אַ נ ד ר י ו איז געווען אַזוי פריינדלאַך צו לערנען מיך פון זיינע ביכער.

— פאַרשטייסטו לאַטיין ?

— זייער ווייניק, דוכט זיך, גנעדיקער האַר.

— לערן לאַטיין, יינגעלע, לערן. דאָס איז נאָר פון אָנ־ פאַנג שווער. גריכיש איז אַ סך שווערער. נאָר ניט דידאָזיקע שפּראַכן, ניט אַנדערע לשונות זיינען פאַר דער ליידי עליזאַבעט און פאַר מיין קוזינע שווער. דו האָסט געדאַרפט אַ ביסל הערן די פריילנס ריידן אין פרעמדע שפּראַכן ! אָבער דערצייל מיר בעסער פון דיין שמוץ־הויף. פאַרברענגסטו דאָרטן עפּעס פריילאַך די צייט ?

— דעם אמת געזאָגט — זייער פריילאַך, סער, ווען איך בין נאָר ניט הונגעריק. מיר האָבן דאָרטן באַלאַגאַנעס און אַלערליי פאָרשטעלונגען, הייגט אָבעזיאַנקעס ! — אָ, וואָס פאַר אַ קאָמישע ברואימלאַך דאָס זיינען ! און ווי פיין זיי זיינען אָנגעטאָן ! עס זיי־ נען פאַראַן פאָרשטעלונגען, אין וועלכע אַלע קאָמעדיאַנטן שרייען און שלאָגן זיך ביז זיי פאַלן אַלע טויט, און דאָס אַלץ אָנצוקוקן, קאָסט בלויז איין פאַרטינג (אַ קאָפּיקע) — ניט מער, אמת ס'איז נאָך גענוג שווער צו באַקומען דעם פאַרטינג, אייער גנאָד.

— דערצייל נאָך עפּעס.

— מיר, יינגלאַך פון אונזער געסל, פירן אָפּט מלחמה איינע

מיט די אַנדערע און שלאָגן זיך אויף שלאָג־שטעקנס, ווי די האַנט־ווערקער־געזעלן.

דעם פּרינצס אויגן האָבן אַ בליץ געטאָן, און ער האָט גע־זאָגט:

— דערויף וואָלט איך אויך אַ בעלן געווען. דערציי֗ל נאָך, איך בעט דיך.

— מיר שפּילן אין פעלדלאַך צו זען ווער פון אונז לויפט געשווינדער.

— דערפון וואָלט איך זיך אויך ניט אָפּגעזאָגט. ווייטער.

— זומערצייט בראָדזשען מיר און שווימען אין די קאַנאַלן און אין טייך, מיר טונקען איינער דעם אַנדערן און באַשפּריצן זיך מיט וואַסער, און גרונטעווען, און מאַכן אַלערליי קאָזליקעס אין וואַסער און...

— מיין פאָטערס גאַנצע מלוכה וואָלט איך אַוועקגעגעבן פאַר איינמאָל פאַרזוכן אַזאַ פאַרווײַלונג! אָבער דערציי֗ל ווייטער, איך בעט דיך.

— מיר זינגען און טאַנצן אַרום דעם מיי־דראָנג אין טשיפּ־סייד; מיר שפּילן זיך אין זאַמד, באַדעקנדיק איינער דעם אַנדערן פון קאָפּ ביז די פיס; אַמאָל מאַכן מיר קיכאַלאַך פון בלאָטע. אָ, די ליבע בלאָטע! קיין בעסערע זאַך ווי צו שפּילן זיך דערמיט איז גאָר אויף דער גאַנצער וועלט ניטאָ! מיר באָדן זיך פּשוט אין בלאָטע!—ניט אין נעגנוואָרט פון אייער גנאָד צו דערמאָנען.

— אָ, האָב רחמנות, רייד מערניט!—האָט דער פּרינץ אויס־געשריען, עס איז געטלאַך! אָ, ווען איך וואָלט געקענט אָנטאָן צע־ריסענע קליידער ווי דו, אַראָפּנעמען די שיך פון מיינע פיס און קייקלען זיך אין בלאָטע, כאָטש איין איינציקן מאָל, און קיינער זאָל מיר דאָס ניט פאַרבאָטן און קיינער זאָל מיר קיין אויסרייד ניט מאַכן. איך וואָלט, דוכט זיך, די קרוין אַוועקגעגעבן דערפאַר!

— און ווען איך וואָלט געקענט כאָטש איינמאָל אָנטאָן אַזעלכע קליידער ווי דיינע, זיסער האַר—בלויז איין איינציק מאָל!

— האָט טאָם פון זיין זייט אויסגערופן.

— אָהאָ! דו וואָלסט עס געוואָלט! טו זאָל עס געשען! וואַרף

אַראָפּ די שמאַטעס און צי אָן אויף זיך אָט די גאַנצע פּראַכט יונגלינג! דיין גליק וועט זיין ניט דויערהאַפט, אָבער ער וועט צוליב דעם קלענער ניט זיין. לאָמיר זיך בייטן, כל-זמן מיר קענען און מיר וועלן זיך צוריק איבערטאָן, איידער עמיצער האָט אונז געשטערט.

איין־ניקע מינוט שפּעטער איז דער פּרינץ פון וועלש געווען אָנגעטאָן אין טאַמס הענגענדיקע שטיקלאַך און בריעקלאַך, און דער פּרינץ פון דלות איז געשטאַנען אין די פּראַכטיקע קייזערלאַכע קליידער. ביידע זיינען צוגעגאַנגען און געשטעלט זיך זייט ביי זייט אַנטקעגן אַ גרויסן שפּיגל. און, אָ, אַ וואונדער! עס האָט אויסגעזען ווי זיי וואָלטן זיך גאָר קיינמאָל ניט געביטן מיט די קליידער! זיי האָבן זיך איינער דעם אַנדערן נייגעריק אָנגעקוקט. דערנאָך אַריינגעקוקט אין שפּיגל און ווידער אַמאָל אָנגעקוקט זיך, דאַן האָט דער פאַרוואונדערטער פּרינץ געזאָגט:

— וואָס זאָגסטו דערצו?

— אָ, אייער גנאָד, צווינג מיך ניט צו ענטפערן! עס פּאַסט ניט, אַז איינער פון מיין שטאַנד זאָל זיך דערוועגן אַזוינס אַרויסצוזאָגן.

— אויב אַזוי, וועל איך זאָגן. דו האָסט די זעלביקע אויגן, די זעלביקע האָר, די זעלביקע שטימע, דאָס זעלביקע באַנעמען און האַלטן זיך, דעם זעלביקן פּנים און דעם זעלביקן געשטאַלט וואָס איך. ווען מיר זאָלן ביידע אַרויסגיין נאַקעט, וועט קיינער ניט קענען זאָגן ווער פון אונז איז דו און ווער איז דער יורש עצר — דער פּרינץ פון וועלש, און איצט, ווען איך בין אָנגעטאָן אין דיינע קליידער, קען איך ערשט רעכט פילן וואָס דו האָסט איבערגעלעבט, ווען דער שלעכטער זעלנער... זע נאָר, וואָס איז עס פאַר אַ צייכן אויף דיין האַנט?

— יאָ, אָבער ס'איז גאָרנישט. און אייער גנאָד ווייס דאָך, אַז דער אָרימער וואַך-האַלטער...

— שווייג שטיל! דאָס איז געווען מיאוס און שלעכט פון זיין זייט! — האָט דער קליינער פּרינץ אַ טופּע געטאָן מיטן פיסל, — אויב דער קיניג... ניט ריר זיך פון אָרט, ביז איך וועל צוריקקומען. דאָס איז אַ באַפעל!

אין אַ מינוט האָט ער אַ כאַפּ געטאָן פון טיש און באַהאַלטן עפּעס אַ זאַך פון גרויס מלוכה־וויכטיגקייט, איז פּייל פון בויגן אַרויסגעלאָפן אין זיינע שמאַטעס און האָט זיך געלאָזן איבערן פּאַלאַץ־גאָרטן גלייך צום טויער, מיט אַ פאַרפלאַמטן פּנים און ברענענדיקע אויגן. צוגעלאָפן צום טויער, האָט ער זיך אָנגעכאַפּט אָן די ריגלען און טרייסלענדיק געשריען:

— עפן אויף די טויערן, ריגל אָפּ די ריגלען!

דער זעלנער, וואָס האָט פריער אַ שליידער געטאָן ט אָ מ ע ן, האָט גלייך געפאָלגט דעם באַפעל, און ווען דער פּרינץ איז אין זיין קינִיגלאַכן צאָרן דורכגעלאָפן פאַרביי אים, — האָט ער אים דערלאַנגט אַזאַ רייב אין אויער, אַז ער איז אַרויסגעפלויגן ווי אַן אונטערגעשאָסענער אַזש ביז צום מיטן גאַס.

— דאָס האָסטו פון מיר, דו שלעפּערשע קישקע, פאַר דעם אויסרייד, וואָס איך האָב צוליב דיר געכאַפּט פון זיין מאַיעסטעט דעם פּרינץ! — האָט אים דער זעלנער נאָכגעשריִען.

דער עולם האָט געלאַכט, דער פּרינץ האָט זיך אויפגעהויבן פון בלאָטע און מיט כּעס אַ געשריי געטאָן אויף דעם זעלנער:

— איך בין דער פּרינץ פון וועלש, דער ענגלישער טראָנ־פאָלגער. מיין פּערזאָן איז הייליג און דיך וועט מען הייגען פאַר דיין אַרויפליייגן אַ האַנט אויף מיר.

דער זעלנער האָט גענומען די ביקס ווי מען נעמט ביי ערע אָבגעבן און האָט מיט שפּאָט געזאָגט:

איך גריס איער קינִיגלאַכע מאַיעסטעט!

און באַלד מיט כּעס און שוין ערנסט אויסגעשריען:

— טראָג אָפּ דיינע ביינער, דו משוגהנער שלעפּער!

דאָ האָבן די חברה ליידיגייער, וואָס האָבן זיך שטענדיק געדרייט אַרום פּאַלאַץ, אַרומגערינגלט דעם קליינעם אָרימען פּרינצל און באַגלייט אים אַראָפּ־וועג מיט קולות און געלעכטער:

— מאַכט אַ וועג פאַר זיין קינִיגלאַכער מאַיעסטעט! אַ וועג פאַר דעם יורש עצר, דעם פּרינץ פון וועלש! הוראַ — אַ!!...

---

# פערטער קאַפּיטל.

## דעם פּרינצס צרות הויבן זיך אָן.

עטלאַכע שעה נאָכאַנאַנד האָט דער ווילדער המון נאָכגעיאָגט דעם פּרינץ און חוזק געמאַכט פון אים. אַזוי לאַנג ווי ער האָט זיך געכּעסט און געסטראַשעט דעם המון מיט זיין קייזערלאַכער שטראָף, — האָט ער געגעבן אַלץ פרישע שטאָף צו רייצן אים. אָבער ווי נאָר ער האָט שוין מער קיין כּוח ניט געהאַט צו ענטפערן אויף דעם שפּאַס, — איז ער פאַר זיי מער ניט געווען אינטערעסאַנט און זיי האָבן זיך געזוכט אַנדערע פאַרוויילונגען. ער האָט זיך אַרומגעקוקט אַרום זיך און דערזען, אַז ער געפינט זיך אין אַן אומבאַקאַנטער געגנט. דאָס איינציקע וואָס עס איז פאַר אים קלאָר געווען איז, אַז ער איז אין לאָנדאָן גופא. ער האָט ווייטער געוואַנדערט צוועקלאָז ביז ער איז געקומען צו אַ פאַרשטאָט. די הייזער זיינען געוואָרן שיטערער און די דורכגייער — זעלטענער. ער האָט אויסגעוואַשן זיינע צעבלוטיקטע פיס אין אַ טייכל, וואָס האָט געפלאָסן אויף דעם אָרט, וואו עס געפינט זיך איצט פערינגדאָן גאַס, זיך אָפּגערוט אַ ווײַלע און איז אַוועק ווייטער. אינגיכן האָט ער דערגרייכט אַ גרויסן פּלאַץ, אויף וועלכן עס זיינען געשטאַנען צעוואָרפן עטלאַכע הייזער, איבער וועלכע עס האָט זיך אויפגעהויבן אַ גרויסע קירך. ער האָט דערקענט דעם קלויסטער. די קירך האָט געהאַלטן אין איבערבויען זיך און איז אינגאַנצן געווען אַרומגערינגלט מיט רישטאָוואַניעס, אויף וועלכע עס האָבן געאַרבעט און באַוועגט זיך מויערער און טאָג־אַרבעטער.

דער פּרינץ האָט פרייער אָפּגעעטעמט. איצט וועט נעמען אַ סוף צו זיינע פּלאָגונגען: דאָס איז דאָך די אַלטע פראַנציסקאַ־

נער קירך, וואָס זיין פאָטער, דער קיניג, האָט אָפּגענומען ביי די מאָנאַכן און געלאָזט איבערבויען אויף אַ קינדערהיים פאַר אָרימע און פאַרלאָזענע קינדער, אַ נאָמען געבנדיק עס די „קריסטוס־היים." זיי, די אָרימע, וועלן מיט גרויס פאַרגעניגן באַהילפיק זיין דעם זון פון יענעם, וואָס האָט מיט זיי געטאָן אַזאַ וואוילטאַט, בפרט, ווען ער אַליין איז איצט אַזוי עלנט און פאַרוואָגלט. ווי די קינדער, וואָס געפינען אָדער וועלן ווען עס איז געפינען שוין דאָ אין דעם הויז. אין אַ מינוט אַרום איז ער שוין געשטאַנען צווישן אַ לעבעדיקע חברה יינגלאַך, וואָס זיינען אומגעלאָפן, גע־שפרונגען, געשפילט אין פילקעס און שפרינג־פראָש מיט גרויס טומל און געפילדער, געקליידט זיינען זיי געווען אַלע אויף איין שטייגער, ווי עס פלעגן זיך צו יענער צייט אָנטאָן לערן־יינגלאַך און דינערשאַפט. אָנשטאָט אַ היטל האָט יעדערער געטראָגן אויפן שפּיץ קאָפּ אַ מין פלאַכע יאַרמלקע, די גרויס ווי אַ טעצל, וואָס האָט ניט באַשיצט און ניט באַשיינט דעם קאָפּ, פון אונטער דאָס היטל איז געפאַלן אויפן שטערן אַ פלאָנטער ניט פאַרקאַמטע האָר, אונטערגעשאָרן אין אַ קרייזל, אויפן האַלז — אַ האַלזבאַנד ווי עס טראָגן די גייסטלאַכע, אַ לאַנגן, שמאָלן, בלאָען מלבוש מיט ברייטע אַרבל, אַ ברייטן, רויטן גאַרטל, העל־געלבע זאָקן מיט זאָקן־בענדלאַך איבער די קני און שיך מיט גרויסע מעטאַלענע שפּראָנזש־קעס. בכלל איז עס געווען אַ גענוג מיאוסע הלבשה.

די יינגלאַך האָבן איבערגעהאַקט די שפּיל און אַרומגע־רינגלט דעם פּרינץ, וואָס האָט מיט געבאָרענער זעלבסטווירדע געזאָגט:

— גוטע קינדער, לאָזט זאָגן אייער עלטסטן, אַז עדוואַרד דער פּרינץ פון וועלש וויל ריידן מיט אים.

אַ הילכיק געלעכטער איז געווען דער ענטפער אויף דעם פּרינצס מעלדונג און איין אומבעלומפּערטער חברה־מאַן האָט געזאָגט:

— זאָג נאָר, שלעפער דו איינער, ביסטו עס דעם פּרינצס שליח?

דעם פּרינצס פּנים האָט זיך אָנגעצונדן מיט כעס און זיין

האַנט האָט פון זיך אַליין אַ וואָרף געטאָן זיך צום זייט, אָבער דאָרטן איז קיין געוועזן ניט געהאַנגען.

דאָס האָט אַרויסגערופן אַ פרישן שטורם פון געלעכטער.

— האָט איר געזען? — האָט איין ייִנגל כלומרשט ערנסט געזאָגט,—ער האָט זיך געכאַפּט פאַרן שווערד. צפנים, אַז דאָס איז סאַקע, דער פּרינץ גופא.

די חברה האָט זיך פשוט געקייכט פון געלעכטער.

דער פּרינץ האָט זיך שטאָלץ אויסגעגלייכט און געזאָגט:

— איך בין באמת דער פּרינץ, און עס איז ווייער ניט שיין אַז איר, וואָס עסט מיין פּאָטער, דעם קיניגס ברויט, זאָלט מיך אַזוי באַהאַנדלען.

דאָס האָט ערשט רעכט געוויילט די ייִנגלאַך און דער חברה-מאַן, וואָס האָט דער ערשטער גערעדט, האָט אויסגעשריען צו זיינע חברים;

— ע, איר חזירים, קנעכט, ברויט-פּרעסער, פון זיין מאַיעס-טעטס פּאָטער, דעם קיניג! נידער אויף אייערע מאַרך-ביינער און בוקט זיך צו זיין פּרינצלאַכער גרויסקייט און זיינע קייזערלאַכע טראַנטעס! אַלע ביז איינעם אויף די קני!...

מיט גרויס טומל און געלעכטער זיינען זיי אַלע ווי איינער אַ פאַל געטאָן אויף די קני כלומרשט אויסדריקנדיק אונטערטע-ניקייט און כבוד צו זייער קרבן.

דער פּרינץ האָט אַ שטויס געטאָן איינעם פון די ייִנגלאַך מיטן פוס און איז גרויס כעס אויסגעשריען:

— דערווייל, נעם דאָס, מאָרגן וועל איך באַפעלן אויסצו-בויען פאַר דיר אַ תליה!

אָ, דאָס איז שוין גאָר קיין געלעכטער ניט. דאָס גייט שוין צו ווייט. דער געלעכטער האָט זיך גלייך אָפּגעהאַקט און זיין אָרט האָט פאַרנומען אַ ווילדער כעס. אַ גאַנצע טוץ שטימען האָבן מיט איינמאָל אויסגעשריען:

— האַלט אים! נעמט אים! אין טייך אריין! וואַרפט אים אין טייך! ע, וואו זיינען די הינט? ע, ל י י אָ ן, פ אַ נ ג ס, אַהער!

נאכהער איז פאָרגעקומען עטוואָס אַזוינס, וואָס ענגלאַנד האָט נאָך קיינמאָל ניט געזען: די הייליקע פערזאָן פון דעם ענגלישן יורש-עצר איז גראָב אָנגעגריפּט געוואָרן דורך די הענט פון פּראָסטע מענטשן: מען האָט אים געשלאָגן און געריצט אויף אים הינט.

ווען די נאַכט איז אָנגעשטאַנען, האָט זיך דער פּרינץ געפונען אין דער געדיכטסטער טייל פון לאָנדאָן. זיין גאַנצער גוף איז געווען צעביילט, די הענט האָבן געבלוטיקט און זיינע שמאַטעס אינגאַנצן פאַרשמירט אין בלאָטע און שמוץ. ער האָט געוואַנדערט אַלץ ווייטער און ווייטער, פאַרפּלאָנטערנדיק זיך אַלץ מער און מער און קוים שלעפּנדיק די פיס פון הונגער און מידקייט. ער האָט אויפגעהערט פאַרנאַנדערצופרעגן פאַרביייגייער דעם וועג, ווייל חוץ זידלעריי און שפּאָט האָט עס אים קיין זאַך ניט געבראַכט. ער האָט נאָר געמורמלט צו זיך אַליין: שבוץ-הויף — אַזוי הייסט עס. ווען איך זאָל נאָר אויסגעפינען וואו דאָס איז, איידער די כּוחות גייען מיר אויס, — דאַן בין איך געראַטעוועט: זיינע עלטערן וועלן מיך געוויס גלייך אָפּפירן אין פּאַלאַץ און באַווייזן, אַז איך בין ניט איינער פון זייער משפּחה, און איך וועל צוריק קומען אויף מיין ריכטיקן אָרט".

פון צייט צו צייט פלעגט ער זיך דערמאָנען אָן דעם צופאַל לעבן קריסטוס-היים און ער האָט געטראַכט: ווען איך וועל זיין קיניג וועלן די יינגלאַך האָבן ניט נאָר ברויט פאַר זייערע מיילער און אַ דאַך איבער זייערע קעפּ, נאָר אויך שפּייז פאַר זייערע נשמות. איך וועל זיי לאָזן לערנען פון די ביכער. וואָרים אַ זאַטער מאָגן איז אַ סך ניט ווערט, ווען דאָס האַרץ איז הונגעריק און דער קאָפּ איז פּוסט. איך וועל זען, אַז דער היינטיקער טאָג זאָל אויף שטענדיק בלייבן אין מיין זכרון און כּיין פאָלק זאָל עפּעס דערפון געניסן, וואָרים וויסן מאַכט ווייך דאָס האַרץ און איידל די זיטן.

די פייערלאַך אויף די גאַסן האָבן אָנגעהויבן צו פינקלען.

עס האָט גענומען רעגענען און עס איז אָנגעשטאַנען א קאַלטע און נאַסע נאַכט. דער הימלאָזער פּרינץ, דער הימלאָזער נאָכפאָלגער פון ענגלישן טראָן האָט אַלץ טיפער און טיפער אריינגעדרונגען אין דעם פלאָנטער פון שמאָלע און צעדרייטע געסלאַך, וואו געסטן פון דלות און עלנט זיינען געוועזן אָנגעזעצט איינער אויף דעם אַנדערן, ווי בינשטאָקן.

מיטאַמאָל האָט אים אַ גרויסער, אומגעלומפּערטער שכור׳ער פאַרשוין אַ כאַפּ געטאָן פאַרן קאָלנער און מיט אַ הייזעריקער שטימע אויסגעשריען:

— ווידער אַרומגעשלעפּט זיך ביז האַלבע נאַכט און אוודאי אַ גראָשן ניט געבראַכט אהיים! זאָג איך דיר, אויב איך האָב געטראָפן, איז מיין נאָמען ניט דזשאָן קענטי, אויב איך וועל ניט צעברעכן אַלע ביינער אין דיין דאַר נפשל!

דער פּרינץ האָט זיך אַריס.געגעבן פון דעם שכור׳ס האַנט און אויסגערופן.

— אָ, ביסטו עס זיין פאָטער?! גאָט זאָל געבן איך זאָל קיין טעות ניט האָבן. אויב אַזוי, וועסטו מיך אָפּפירן אין פּאַלאַץ און אים נעמען אהיים.

— זיין פאָטער—האָט דער שכור געשטאַמלט,—איך ווייס ניט וואָס מיינסטו דערמיט. איך ווייס נאָר, אַז איך בין דיין פאָטער, ווי דו וועסט זיך באַלד איבער...

— אָ, שפּאַס ניט, ווייל ניט, לייג ניט אָפּ! האָט דער פּרינץ מיט תחנונים אויסגעשריען,—איך בין מיד, איך בין צעביילט און צעשלאָגן, איך קען מער ניט אויסהאַלטן! פיר מיך שנעל אָפּ צום קיניג, מיין פאָטער, און ער וועט דיך גליקלאַך מאַכן מער וויפל דו האָסט ווען עס איז געחלומט. גלויב מיר מענטש דו איינער, אַז איך טרייב קיין שפּאַס ניט, אַז איך זאָג דעם ריינעם אמת! שטרעק אויס דיין האַנט און ראַטעווע מיך! איך בין באמת דער פּרינץ פון וועלש!

דער פאַרשוין האָט אַ ביסל צעטומלט באַטראַכט דאָס יינגל און שאָקלענדיק מיטן קאָפּ געזאָגט:

— ער איז דאָך משוגע ווי יעדער משוגענער פון משוגעים הויז!

דערנאָך האָט ער אים ווידער אַ נעם געטאָן פאַרן קאָלנער אין מיט זידלערייַ און ווילדן געלעכטער געזאָגט:

— משוגע ניט משוגע, נאָר איך מיט דער באָבע קענטי, וועלן באַלד געפינען די ווייכע ערטער אין דיין פוילן נפשל, ווי איך בין אַ מענטש! —

און אזוי ריידנדיק, האָט ער אוועקגעשלעפּט דעם דער־שראָקענעם און צאַפּלדיקן פּרינץ, באַגלייט פון אַ כאַפּטע ווייסע חברהניקעס און אַלערליי מענטשלאַכע ווערים.

# פינפטער קאַפּיטל.

## טאָם אַלס פּרינץ.

איבערגעבליבן אַליין אין פּרינצס קאַבינעט, האָט טאָם קענ־טי געגומען אויסנוצן די גוטע געלעגנהייט. ער האָט זיך געדרייט פאַרן גרויסן שפּיגל אַהין און אַהער, אָנקוועלנדיק פון זיינע פּרינצ־לאַכע קליידער; ער האָט, קוקנדיק אין שפּיגל, גענומען נאָכמאַכן דעם פּרינצס שטאָלצן גאַנג און באַנעמען, ער האָט אַרויסגענומען דעם שווערד פון שייד, פאַרנייגט זיך און אַ קוש געטאָן דעם קלינגל, צודריקנדיק דעם שווערד צום האַרצן, ווי ער האָט געזען טאָן אַ ריטער באַגריסנדיק דעם קאָמענדאַנט פון פעסטונג, בעת ער האָט אים איבערגעגעבן די געפאַנגענע, די גרויסע לאָרדן נאָרפאָלק און סורריי. טאָם האָט זיך געשפּילט מיט דער באַגילטער און באַפּערלטער ראַפּירע, וואָס איז געהאַנגען אויף זיין זייט; ער האָט באַטראַכט די טייערע און זעלטענע מעבל אין צימער; ער האָט זיך צוגעזעצט אויף יעדער שטול, קלערנדיק ווי גליקלאַך ער וואָלט זיך געפילט, ווען שמוץ־הויף־געסל וואָלט געקענט אַריינ־קוקן כאָטש דורך אַ שפּעלטעלע און זען זיין גדלות. ער האָט גע־קלערט וועגן דעם, צו וועט מען אים גלויבן, ווען ער וועט אין דערהיים דערציילן די וואונדערלאַכע פּאַסירונג, וואָס עס האָט מיט אים פּאַסירט, אָדער זיי וועלן צושאָקלען מיט די קעפּ און. זאָגן, אַז זיין איבערגעשטרענגטע פאַנטאַזיע האָט אים, נעבאַך, געבראַכט צו משוגעת.

אַז ס׳איז אַוועק אַ האַלבע שעה, האָט זיך טאָם געכאַפּט, אַז דער פּרינץ זאַמט זיך עפּעס צו לאַנג, און ער האָט זיך גלייך דערפילט איינזאַם. נאָך אַ ווייַלע שפּעטער, האָט ער גענומען צו־

הערן זיך, צו גייט ניט דער פרינץ און האָט אויפגעהערט צו שפּילן מיט די קאָסטבאַרע קלייניקייטן אַרום אים. ער האָט זיך דערפילט אומבאַקוועם, ־דערנאָך אומרואיק און צום סוף דער־שלאָגן. וואָס וועט זיין, אַז עמיצער קומט אַריין און געפינט אים אין דעם פּרינצס קליידער? און דער פרינץ, וואָס זאָל ערקלערן די איבערקערעניש, איז ניטאָ דערביי! וועלן זיי אים ניט אויפ־הענגען גלייך אויפן אָרט און דערנאָך ערשט באַטראַכטן דעם ענין? ער האָט געהערט, אַז גרויסע לייט עסקן זיך ניט לאַנג מיט אַזעלכע קלייניקייטן. זיין שרעק איז וואָס ווייטער געוואַקסן אַלץ מער און מער און ציטערנדיק ווי אַ בלאַט, האָט ער שטיל געעפנט די טיר אין פּאָדער־צימער, באַשלאָסן צו לויפן אויפזוכן דעם פרינץ און דורך אים געפינען שוץ און פרייהייט. זעקס קאַמער־הערן און צוויי יונגע הויכגעבאָרענע פּאַזשן, אויסגעפּוצטע ווי ליאַלקעס זיינען אויפגעשפּרונגען פון זייערע ערטער און טיף פאַר־נ״גט זיך, ווי נאָר ער האָט זיך באַוויזן ביים טיר. ער איז שנעל אָפּגעטראָטן אַהינטער און צוריק צוגעמאַכט די טיר.

— אָ, זיי לאַכן פון מיר! איצט וועלן זיי גיין און דער־ציילן. אָ, צו וואָס בין איך גאָר אַהער געקומען? צו וואָס בין איך אַליין געגאַנגען זוכן מיין טויט?

ער האָט געשפּרייזט, הין און צוריק איבערן דיל פול מיט שווערן פּאַרגעפיל, ציטערנדיק ביי יעדער שאָרך. באַלד האָט זיך אָן עפן געטאָן די טיר און איינער פון די פּאַזשן האָט געמאָלדן:

— די ליידי דזשעני גריי!

די טיר האָט זיך צוגעמאַכט און אַ ליבנסווירדיק יונג, רייך געקליידט מיידל איז צוגעלאָפן צו טאָמען מיט אויסגעשפּרייטע אָרימס. מיטאַמאָל האָט זי זיך אָפּגעשטעלט און אומרואיק גע־פרעגט:

אָ, וואָס פעלט דיר, מיין לאָרד?

טאָמען האָט דער אָטעם פאַרכאַפּט. אָבער ער האָט זיך אָנגענומען מוט און אויסגעשטאַמלט:

— אָ, האָב מיטלייד מיט מיר! איך בין ניט קיין לאָרד, נאָר בלויז דער אָרימער טאָם קענטי פון שמוץ־הויף, וואָס

אין שטאָט. איך בעט דיך, לאָז מיר זען דעם פּרינץ און ער וועט מיט זיין גנאָד צוריק אומקערן מיך צו מיינע אָרימע שמאַטעס און פריי לאָזן מיך פונדאַנען אומבאַשעדיקט. אָ, זיי דו גוטהאַרציק און ראַטעווע מיך!

טאָם איז אַ פאַל געטאָן אויף די קני בעטנדיק מיט די אויגן און מיט די אויסגעשטרעקטע הענט אַזוי גוט ווי מיטן צונג. דאָס יונג מיידל איז ווי פאַרשטיינערט געוואָרן פון שרעק. זי האָט אויסער זיך אויסגעשריען:

— אָ, מיין לאָרד! דו אויף די קני און פאַר מ י ר!

אַ דערשראָקענע אויף טויט איז זי אַרויסגעלאָפן פון צימער, איבערלאָזנדיק ט אָ מ ע ן נאָך מער פאַרצווייפלט ווי פריער.

— נישטאָ קיין הילף, נישטאָ קיין האָפענונג. איצט וועלן זיי קומען און אַרעסטירן מיך—האָט ער געמורמלט.

אין דער צייט, וואָס ט אָ ם איז דאָ געלעגן אַן אָפּגעשטאָר־בענער פון שרעק, האָט זיך איבערן פאַלאַץ פאַרשפּרייט די שרעק־לאָכע נאַכריכט. פון דינער צו דינער, פון לאָרד צו הויף־דאַמע, פון סאַלאָן צו סאַלאָן, פון שטאָק צו שטאָק איז איבער אַלע קאָ־רידאָרן בסוד איבערגעגעבן געוואָרן: „דער פּרינץ איז פון זינען אַראָפּ, דער פּרינץ איז משוגע!“

באַלד זיינען אין יעדער סאַלאָן, אין יעדער מראַמאָר־זאַל געשטאַנען גרופּן גלענצנדע לאָרדן, דאַמען און ווייניקער וויכטיקע הויף־לייט, שעפּטשנדיק זיך מיט טרויעריקע פּנימער.

אין אַ ווײַלע אַרום איז אַ הויף־מאַרשאַל פאַרבייגעגאַנגען די קופּקעס מענטשן און פייערלאַך אויסגערופן:

— אין נ אָ מ ע ן פ ו ן ד ע ם ק י נ י ג! אונטער געפאַר פון טויט־שטראָף זאָל זיך קיינער ניט דערוועגן צו גלויבן דעם פאַלשן און נאַרישן קלאַנג, ניט ריידן וועגן דעם און ניט פונאַנדער־טראָגן עס אויסער די ווענט פון פאַלאַץ. אין נאָמען פון דעם קיניג!

די שעפּטשערייַ איז אָפּגעהאַקט געוואָרן פּונקט ווי אַלע וואָלטן מיט איינמאָל שטום געוואָרן.

מיטאַמאָל איז געוואָרן אַ הוזשעריי איבער אַלע קאָרידאָרן:
— דער פּרינץ! זעט, דער פּרינץ גייט!

דער אָרימער טאָם איז לאַנגזאַם געגאַנגען פאַרביי בידע־ריק־פאַרנייגטע קעפּ, מאַטערנדיק זיך צו ענטפערן אויף די באַגרי־סונגען און אונטערגעבעבּיק און איבעראַשט קוקנדיק אויף די אַרו־מיקע מיט פאַרוואונדערטע און דערשראָקענע אויגן. גרויסע אַדל־לייט זיינען געגאַנגען פון ביידע זייטן, אונטערהאַלטנדיק אים אונ־טער די הענט. הינטן זיינען נאָכגעגאַנגען צטלאַכע דינער און הויף־דאָקטוירים.

מען האָט אַריינגעפירט טאָמען אין איינעם פון די פּראַכ־טיקע צימערן און פאַרמאַכט די טיר.

אַרום אים איז געשטאַנען די גאַנצע סוויטע און פון פאָרנט האָט זיך צו אים אָנגעבויגן פון אַ סאָפע אַ גרויס־געוויקסיקער, זייער דיקער מענטש מיט אַ ברייטן, אָנגעבלאָזענעם פּנים און שטרענגן אויסזען. זיין גרויסער קאָפּ איז געווען בריינז־גראָ און זיין באָרד, וואָס האָט אַרומגענומען דעם פּנים ווי אַ רעמל איז אויך געווען גראָ. זיינע קליידער זיינען געווען פון טייערן שטאָף, אָבער אָפּגעניצט און אין אייניקע ערטער אָפּגעריבן. איין פוס איז ביי אים געווען געשוואָלן און איז אַ פאַרבינטעוועטער געלעגן אויף אַ קישן. אַלע זיינען געווען שטיל און יעדער קאָפּ, אַחוץ דעם אַלטן מאַנס קאָפּ, איז געווען נידריק געבויגן. אָט דער אינ־וואַליד מיטן שטרענגן אויסזען איז געווען דער גרויזאַמער הענרי דער אַכטער, קיניג פון ענגלאַנד.

ער האָט אָנגעהויבן צו ריידן און זיין שטרענגער פּנים איז גלייך צאַרט געוואָרן.

— וואָס איז מיט דיר, מיין לאָרד עדוארד, מיין פּרינץ? עס האָט זיך דיר פאַרגלוסט אַ שפּאַס טרייבן מיט דיין גוטן פאָ־טער, דעם קיניג, וואָס ליבט דיך אַזוי און באַגייט זיך מיט דיר אַזוי פריינדלאַך?

דער אָרימער טאָם האָט זיך צוגעהערט צו דעם אָנהויב פון די רייד אויף וויפל זיין שרעק און צומישונג האָבן אים ער־לויבט, אָבער ווען זיינע אויערן האָבן געכאַפּט די ווערטער: „דיין

גוטן פאָטר דעם קיניג״ איז ער בלייך געוואָרן ווי קרייד, איז אַ פּאַל געטאָן אויף די קני, ווי פון אַ קויל געטראָפן, און, אויפ־הויבנדיק די הענט מיט געבעט אויסגעשריען:

— דו,—דער קיניג! דאַן בין איך פאַרלאָרן!

דידאָזיקע ווערטער האָבן געטראָפן דעם קיניג ווי אַ דונער. זיינע אויגן האָבן צוועקלאָז געוואַנדערט פון פּנים צו פּנים, ווי ער וואָלט געזוכט הילף. דערנאָך האָבן זיי זיך דערשראָקן אָפּ־געשטעלט אויף דעם ייִנגל, וואָס איז געשטאַנען פאַר אים און ער האָט מיט טיפער אַנטוישונג געזאָגט:

ליידער זיינען די קלאַנגען ניט ווייט פון אמת. און איך האָב געגלויבט אַז ס׳איז איבערגעטריבן.

ער האָט טיף אָפּגעזיפצט און צאַרט געזאָגט:

— דו ביסט ניט געזונט, מיין קינד. קום צו מיר, דיין פּאָטער.

אַ פּאָר לאָרדן האָבן אונטערגעכאַפּט טאָמען אונטער די הענט און אַוועקגעשטעלט אים אויף די פיס. אונטערטעניק און ציטערנדיק האָט ער זיך דערנענטערט צום הערשער פון ענגלאַנד, דער קיניג האָט אַריינגענומען טאָמס צעשראָקענעם פּנים צווישן זיינע ווייכע הענט, האָט אים אַ ווײַלע ערנסט און מיט ליבע אָנ־געקוקט, ווי ער וואָלט אין אים געזוכט אַ צייכן פון צוריקגע־קערטן פאַרשטאַנד, נאַכהער האָט ער צוגעדריקט דעם געגרייזלטען קאָפּ צום ברוסט און, צערטלאַך גלעטנדיק דאָס קעפּל, געזאָגט:

— דערקענסטו ניט דיין פּאָטער, קינד? ברעך ניט מיין אַלט האַרץ. זאָג, אַז דו דערקענסט מיך. דו דערקענסט מיך יאָ. ניט אַזוי?

— יאָ, דו ביסט מיין גנעדיקער האַר, דער קיניג, גאָט זאָל דיך באַשיצן!

— אמת, אמת—דאָס איז גוט—זיי־זשע רואיק, ציטער ניט אַזוי. דאָ איז ניטאָ קיינער, וואָס זאָל דיר שלעכטס טאָן, דאָ איז ניטאָ קיין איינער וואָס זאָל דיר ניט ליבן. דו ביסט שוין בעסער איצט. דיין שלעכטער חלום איז פאַרביי, ניט וואַר, מיין קינד? דו ווייסט שוין איצט ווער דו ביסט, ניט וואַר? דו וועסט זיך

שוין מערניס אָנרופן מיט פרעמדע נעמען, ווי דו האָסט געטאָן אַ ווײַלע צוריק, יאָ, מײַן קינד?

— איך בעט פון דײַן גנאָד, גלויב מיר, מײַן מעכטיקער הערשער, אַז איך האָב געזאָגט דעם אמת. איך בין דער אומוויר־דיקסטער פון דײַנע אונטערטאַנער,—אַ בעטלער פון געבורטס־טאָג אָן, און נאָר אַן אומגליקלאַכער צופאַל האָט מיך געבראַכט אַהער, אָבער איך האָב קײן שלעכטס ניט געטאָן. איך בין נאָך אַזוי יונג צו שטאַרבן, און דו קענסט מיר שענקען דאָס לעבן מיט אײן קלײנעם וואָרט דײַנעם. אָ, זאָג־זשע דאָס וואָרט, גרויסער האַר!

— שטאַרבן? רייד ניט אַזעלכע רייד, מײַן זיסער פּרינץ. רוע, רוע צו דײַן אומרואיק קאָפּ. דו וועסט ניט שטאַרבן!

טאָם איז אַ פּאַל געטאָן אויף די קני מיט אַ פרײדנס־אויס־געשריי.

— גאָט זאָל דיר באַצאָלן פאַר דײַן גוט האַרץ, אָ, מײַן קיניג, זאָל ער דיר געבן לאַנגע יאָרן אויף דעם גליק פון דײַן לאַנד.

נאַכהער איז טאָם צוריק אויפגעשפּרונגען אויף די פיס און, ווענדנדיק זיך מיט אַ גליקלאַך פּנים צו די צוויי לאָרדן, וואָס האָבן אים באַדינט, האָט ער מיט פרייד אויסגעשריען:

— האָט איר געהערט?—איך וועל ניט שטאַרבן: דער קי־ניג אַליין האָט אַזוי געזאָגט.

אַלע האָבן מיט גרויס דרך ארץ אָנגעבויגן די קעפּ, אָבער קײנער האָט זיך ניט גערירט פון אָרט און אַ וואָרט ניט געזאָגט. טאָם האָט אַ ווײַלע געקווײנקלט, נאַכהער האָט ער זיך אונטער־טעניק געווענדט צום קיניג:

— קען איך איצט גײן?

— גײן? געוויס קענסטו, אויב דו ווילסט. אָבער פאַרוואָס זאָלסטו ניט פאַרווײַלן מיט אונז נאָך אַ ביסל? וואוהין ווילסטו גײן?

טאָם האָט אַראָפּגעלאָזן די אויגן און אונטערטעניק געזאָגט:

— פילייכט האָב איך אַ טעות געהאַט, אָבער איך האָב גע־מיינט אַז איך בין פריי און האָב געוואָלט צוריק אומקערן זיך צו

דער אָרימער חורבה. וואו איך בין געבאָרן און ערצויגן געוואָרן אין אָרימקייט. אָבער אין יענעם אָרימען ווינקל וואוינען מיין מוטער און מייגע שוועסטער און ס'איז דעריבער מיין היים, צו די רייכקייט און לוקסוס פון דיין פּאַלאַץ בין איך אָבער נים גע־וואוינט. אָ, איך בעט דיר, גנעדיקער האַר, לאָז מיר גיין אַהיים!

דער קיניג האָט זיך פאַרטיפט אין געדאַנקען און זיין פּנים האָט אויסגעדריקט טיפן צער און אומרואיקייט. נאַכהער האָט ער מיט אַ שוואַכע האָפענונג אין זיין שטים געזאָגט:

— אפשר איז ער נאָר געררירט אויף דעם איין פונקט און אין אַלעס איבעריקנס איז ער קלאָר. זאָל גאָט געבן עס זאָל אַזוי זיין. לאָמיר נאָר פּרובירן.

ער האָט געשטעלט טאָמען אַ פראַגע אין לאַטיין און טאָם האָט אים שוואַכלאַך געענטפערט אין דערזעלביקער שפּראַך.

דער קיניג איז געווען העכסט צופרידן און האָט עס אַרויס־געוויזן. די לאָרדן און דאָקטוירים האָבן אויך אַרויסגעוויזן זייער צופרידנקייט.

דער קיניג האָט ווייטער גערעדט:

— דער ענטפער איז אַפילו נים נאָך זיינע פעאיקייטן און געלערנטקייט, אָבער דאָס באַווייזט, אַז זיין פאַרשטאַנד איז נאָר צומישט אַ ביסל, אָבער נים אינגאַנצן פאַרלאָרן. וואָס זאָגט איר, סער? — האָט ער זיך געווענדט צום הויפּט־דאָקטאָר:

דער דאָקטאָר האָט זיך טיף פאַרנייגט און געענטפערט:

— די מיינונג פון אייער קייזערלאַכער מאַיעסטעט שטימט מיט מיין איבערצייגונג, אייער השערה איז ריכטיק.

דער קיניג איז געווען שטאַרק צופרידן מיט דער מיינונג פון אַזאַ אויסאָריסעטן מענטשן, ווי דער הויפּט־דאָקטאָר איז, און ער האָט גוטמוטיק געזאָגט:

— איצט זייט אַלע אויפמערקזאַם. מיר וועלן אים ווייטער פאַרהערן.

ער האָט געשטעלט טאָמען אַ פראַגע אין פראַנצויזיש. טאָם איז אַ ווײַלע געשטאַנען שטיל, פילנדיק זיך אומבאַקוועם,

וואָס אַזוי פיל אויגן זיינען אויף אים געווענדעט; נאָכהער האָט ער פעסט געזאָגט:

די דאָזיקע שפראַך איז מיר פרעמד, זאָל עס מיר אייער מאַיעסטעט פאַרגעבן.

דער קיניג איז צוריק אַ פאַל געטאָן אויפן סאָפע. די דינער האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן העלפן אים, אָבער ער האָט זיי אָפּגעשטופט אָן אַ זייט און געזאָגט:

— לאָזט מיך צורו. ס'איז ניט מער ווי אַ קליינע שוואַכקייט. הייבט מיך אונטער! אָט אַזוי... קום אַהער, מיין קינד. לייג אַוועק דיין אָרים, קראַנק קעפל אויף דיין פאָטערס ברוסט און זאָל עס דיך באַרואיקן, אָט אַזוי... דו וועסט אינגיכן געזונט זיין. ס'איז ניט מער ווי אַן איבערגאַנג... האָב קיין פורכט, מיין קינד. דו'סט זיין געזונט...

נאָכהער האָט ער זיך אַ קער געטאָן צו די אַנוועזנדע און זיין צערטלאַכקייט איז מיטאַמאָל פאַרשוואונדן. זיינע אויגן האָבן געבליצט מיט מאַכט און גרויזאַמקייט, ווען ער האָט געזאָגט:

— הערט צו, איר אַלע! מיין זון איז משוגע, אָבער דאָס איז ניט אויף שטענדיק. דאָס איז אים בעקומען פון צופיל לערנען און פון צו ווייניק זיין אויף דער פרישער לופט. אַוועק מיט די ביכער און מיט די לערערס! — איר זאָלט עס שוין אויספּאַסן. פאַרנעמט אים מיט ספּאָרט, פאַרוויילט אים מיט שפּילערייען, זיין געזונט זאָל זיך שטאַרקן.

ער האָט זיך אויפגעהויבן נאָך העכער אויף זיין געלעגער און האָט נאָך שטרענגער און ענערגישער געזאָגט:

— ער איז משוגע, אָבער ער איז מיין זון און דער יורש פון ענגלישן טראָן? — און — משוגע אָדער ניט משוגע — הערשן וועט ער!... און האָרכט איר אַלע ווייטער און לאָזט עס וויסן די איבעריקע. ווער עס וועט לאָזן פאַלן אַ וואָרט וועגן זיין קראַנקהייט, — יענער טרעט אַרויס געגן דעם פרידן און אָרדנונג פון דער מלוכה, און וועט געשיקט ווערן אויף דער תליה!... גיט מיר אַ טרונק... איך ברען!... דער אומגליק האָט אויסגעזויגן מיינע קרעפטן... אָט אַזוי... נעמט צו דעם בעכער... האַלט מיך אונטער.

אָט אַזוי... איצט איז גוט... משוגע איז ער? ער מעג טויזנט מאָל זיין משוגע, בלייבט ער אַלץ דער פּרינץ פון וועלש און איך, דער קיניג, וועל עס באַשטעטיקן! מאָרגנדיקן טאָג זאָל ער אָפּי־ציעל פּראָקלאַמירט ווערן אַלס טראָנפאָלגער לויט אַלע אַלטע צערעמאָניעס און מנהגים. גיב גלייך אָפּ אַ באַפעל וועגן דעם, מיין לאָרד הערטפאָרד!

איינער פון די לאָרדן האָט געקניט פאַר דעם קיניגס סאָפע און געזאָגט:

— אייער מאַיעסטעט דער קיניג ווייס, אַז דער גרויס־מאַר־שאַל פון ענגלאַנד ליגט געפאַנגען אין פעסטונג און עס פּאַסט ניט, אַז איינער, וואָס...

— שווייג שטיל! באַליידיקט ניט מיינע אויערן מיט דעם־דאָזיקן פאַרהאַסטן נאָמען! ביט שוין־זשע וועט דער מאַן אייביק לעבן? איז מיין ווילן ניט ערפילט צו ווערן? אָדער וועט דער פּרינץ בלייבן ניט באַשטעטיקט אין זיינע רעכט, ווייל אין מיין קיניגרייך פעלט אַ הויפּט־מאַרשאַל, וואָס זאָל אויף אים אַרויפ־לייגן די צייכנס פון זיין ראַנג? ניין, ביי דעם אַלמעכטיקן גאָט! וואָרן מיין פּאַרלאַמענט, אַז איידער די זון וועט אויפגיין, זאָל אַרויסגעטראָגן ווערן דעם לאָרד נאָרפאָלקס טויט־אורטייל, ווען ניט, וועלן זיי דערפאַר טייער באַצאָלן!

דער לאָרד האָט געזאָגט:

— דעם קיניגס ווילן איז אַ געזעץ.

און, אויפהויבנדיק זיך פון די קני, האָט ער זיך אומגע־קערט צו זיין אָרט.

ביסלאַכווייז איז דער אויסדרוק פון צאָרן פאַרשוואונדן פון קיניגס פּנים, און ער האָט ווייך געזאָגט:

— קוש מיך, מיין פּרינץ. אָט אַזוי... וואָר האָסטו מורא? בין איך דען ניט דיין ליבנדער פאָטער?

— דו ביסט גוט צו מיר, דעם אומווירדיקן, אָ, דו מעכ־טיקער און באַרמהערציקער הערשער — דאָס ווייס איך, אָבער... אָבער עס שמערצט מיר צו וויסן, אַז ער דאַרף שטאַרבן און...

— אָ, דאָס איז ענלאַך צו דיר, דו־ביסט עס. איך דערקען

דיין האַרץ. כאָטש דיין זין איז געריוט, אָבער דיין האַרץ איז געבליבן דאָס זעלביקע: דו האָסט שטענדיק געהאַט אַ גוט האַרץ. אָבער דערדאָזיקער הערצאָג האָט זיך געשטעלט דיר אין וועג. ער האָט זיך געשטעלט צווישן דיר און דיינע רעכט. איך וועל געפינען אויף זיין אָרט אַן אַנדערן, וואָס וועט ניט פאַרפלעקן די הויכע שטעל מיט פאַרראַט. זאָרג ניט מיין פרינץ, און זאָל זיך דיין אָרים קאָפּ ניט באַאומרואיקן מיט אַזעלכע זאַכן.

— אָבער דאָס בין ניט איך, וואָס דערנעענטערט זיין טויט? ־ויפל וואָלט ער נאָך געלעבט ווען ניט איך?

ניט קלער וועגן אים, מיין פרינץ, ער האָט עס ניט פאַרדינט. קוש מיר נאָך אַמאָל און גיי צו דיינע שפּילצייג און פאַרוויילונגען, וואָרים מיין קראַנקהייט האָט מיך אויסגעפּייניקט. איך בין מיד און וויל אָפּרוען. גיי מיט דיין פעטער דעם לאָרד הערט־פאָרד און די איבעריקע און קום ווידער, ווען איך וועל אָפּרוען.

מיט אַ שווער האַרץ האָט טאָם פאַרלאָזן דאָס צימער. דער באַפעל צו קומען ווידער איז געווען אַ טויט־קלאַפּ פאַר זיין שוואַכער האָפענונג פריי צו ווערן. דורכגייענדיק די זאַלן און קאָרידאָרן האָט ער ווידער געהערט אַ הווּשעריי: „דער פרינץ, דער פרינץ גייט!

ער איז אַלץ מער און מער געפאַלן ביי זיך: איצט איז ער זיכער געווען, אַז ער בלייבט אויף אייביק געפאַנגען אין דער גאָלדענער שטייגל, אַן איינזאַמער און עלנטער פרינץ. סיידן גאָט אַליין וועט אויף אים רחמנות האָבן און פריי מאַכן.

און וואוהין ער האָט זיך ניט געקערט, איז פאַר זיינע אויגן געשטאַנען דער אָפּגעהאַקטער קאָפּ און דער באַקאַנטער פּנים פון דעם גרויסן לאָרד נאָרפאָלק מיט אויגן פול מיט פאָרוואורף געווענדט צו אים.

ווי אָנגענעם זיינען געווען זיינע אַלטע פאַנטאַזיעס און חלומות, און ווי שרעקלאַך איז די ווירקלאַכקייט!

# זעקסטער קאַפּיטל.

## טאָם ווערט געלערנט שטאַט.

טאָם איז אַריינגעפירט געוואָרן אין דעם הויפּט-זאַל פון די קייזערלאַך-אויפגערוימטע צימערן און איז אַוועקגעזעצט געוואָרן. אַ זאַך, וואָס ער וואָלט זייער ניט געוואָלט טאָן אין דער געגנוואַרט פון די אַלטע און וויכטיקע פּערזאָנען, וואָס זיינען געשטאַנען אַרום אים. ער האָט געבעטן זיי זאָלן זיך אויך זעצן, אָבער זיי האָבן זיך בלויז מיט דאַנק פאַרנייגט און ווייטער געבליבן שטיין. ער האָט נאָכאַמאָל געבעטן זיצן, אָבער זיין „פעטער" דער מאַרקיז הערטפאָרד האָט אים איינגערוימט אין אויער:

— איך בעט דיך, מיין הערשער, ניט צוזושטיין צו זיי, עס איז ניט פּאַסיק זיי זאָלן זיצן אין דיין געגנוואַרט.

— דער לאָרד סענט-דזשאָן! — האָט געמאָלדן אַ הויף-דינער.

נאָכדעם ווי דער לאָרד סענט-דזשאָן האָט זיך טיף פאַרנייגט, — האָט ער געזאָגט:

— אין קום פון קיניג אין שליחות וועגן אַן ענין, וואָס פאָדערט צו בלייבן בסוד. וועט אייער קייזערלאַכע גנאָד באַווייליגן צו באַפעלן, אַז אַלע, וואָס זיינען אָנוועזנד דאָ, אַחוץ דעם מאַרקיז הערטפאָרד, זאָלן פאַרלאָזן דאָס צימער?

זעענדיק, אַז טאָם ווייס ניט וואָס ער זאָל דאָ טאָן, האָט דער מאַרקיז הערטפאָרד אים איינגערוימט, אַז ער דאַרף בלויז אַ מאַך טאָן מיטן האַנט, ניט געבנדיק זיך די מי צו ריידן. אויב ער האָט דערצו קיין לוסט ניט. ווען אַלע זיינען אַרויס, האָט דער לאָרד סענט-דזשאָן געזאָגט:

— זיין מאַיעסטעט, דער קיניג האָט באַפוילן אז צוליב געהעריקע און וויכטיקע מלוכה־טעמים זאָל דער פרינץ אויף אלע מעגלאַכע אופנים באַהאַלטן זיין צייטווייליקע שוואַכקייט, ביז זי וועט זיך פעלן און דער פרינץ וועט געזונט ווערן ווי פריער. בעמלאַך, ער זאָל מער נים לייקענען, אז ער איז דער אמתער פרינץ און טראַנפאָלגער פון ענגלישן טראָן; ער זאָל מער נים אָפּווענדן מים קיין וואָרט אָדער באַוועגונג די צייכנס פון ערע און אויפמערקזאַמקייט, וואָס עס ווערט אים ארויסגעוויזן פון זיינע אונטערטאַנער און וועלכע עס קומט אים לויט זיין ראַנג און איז פאַרהייליקט דורך טראַדיציע; ער זאָל אויפהערן צו ריידן וועגן זיין, כלומרשט, נידריקע אָפּשטאַמונג און לעבן, וואָס זיין קראַנקע פאַנטאַזיע שטעלט זיך פאָר; ער זאָל זיך מיט אלע קרעפטן באַמיען ארויסצורופן אין זיין זכרון יענע פנימער און געשטאַלטן, וואָס ער איז געוואוינט צו קענען, און ווען דאָס וועט אים נים געלינגען, זאָל ער בעסער שווייגן, נאָר נים ארויסווייזן מים קיין וואָרט אָדער צייכן, אז ער דערקענט עמיצן נים אָדער, אז ער האָט עפּעס פאַרגעסן; באַזונדער פאָרזיכטיק זאָל ער זיין אין דער עפנטלאַכקייט, אַ שטייגער אין דער ־צייט פון גרויסע אויפנאַמעס אָדער פאַראַדן: יעדן מאָל ווען ער וועט זיין אין ספק בנוגע צו זיין האַנדלונג אָדער רייד, זאָל ער נים ארויסווייזן קיין שום צייכנס פון פאַרלעגנהייט, נאָר ער זאָל זיך באַראַטן מיטן מאַרקיז הערטפאָרד אָדער מיט מיר, דיין אונטערטעניגן דינער, וואָס זיינען טאַקע דערויף צוגעשטעלט געוואָרן צו דיין פרינצלאַכע הויכקייט ביז עס וועט זיך פעלן די נויטווענדיקייט אין אונזער דינסט. אזוי האָט געזאָגט זיין קיניגלאַכע מאַיעסטעט, וואָס שיקט דיין קיניגלאַכער הויכקייט זיין גרוס און ברכה און וואָס טוט מתפלל זיין צו גאָט, אז ער זאָל דיר שיקן אַ גיכע רפואה און זאָל דיך פון היינט אָן און אייביק באַשיצן אונטער זיינע פליגלען.

דער לאָרד סענט־דזשאָן האָט זיך ווידער פאַרנייגט און איז אָפּגעטראָטן אָן אַ זייט. דאַן האָט טאָם אונטערגעביק געזאָגט:

— דער קיניג האָט אַזוי געזאָגט. ווער־זשע קען לײכט־שעצן דעם קיניגס באַפעל, אָדער אויסטײטשן אים ווי פאַר זיך איז בעסער, צו מיט געשיקטקײט אויסמײדן אים? דעם קיניגס וואָרט ווערט געהאָרכט ווערן!

איצט האָט דער לאָרד הערטפאָרד גערעדט:

— באַרירנדיק זײן מאַיעסטעט, דעם קיניגס, פאַראָרדנונג וועגן ביכער און נאָך אַזעלכע ערנסטע זאַכן, וועט אפשר אײער גנאָד באַוויליקן צו פאַרברענגען די צײט אין לײכטע פאַרווײלונ־גען, כדי ניט קומען מיד אויפן באַנקעט, וואָס דאָס קען שאַטן אײער געזונט?

טאָמס פּנים האָט אויסגעדריקט וואונדער: וואָס פאַר אַ באַנ־קעט מײנט ער? און באַמערקנדיק דעם לאָרד סענט־דזשאָנס צער־פולן בליק געווענדט אויף אים, איז ער נאָך מער צומישט גע־וואָרן און רויט געוואָרן.

דער לאָרד סענט־דזשאָן האָט געזאָגט:

— דײן זכרון האָט דיך ווײטער פאַרפירט; און דו האָסט אַרויסגעוויזן איבעראַשונג. אָבער האָב קײן צער ניט און באַמי זיך ניט צו דערמאָנען — דאָס וועט ניט אײביק אַזוי זײן: עס וועט זיך פעלן צוזאַמען מיט דײן קראַנקהײט. דער לאָרד הערטפאָרד רעדט פון דעם באַנקעט, וואָס די שטאָט גיט פון אײער קיניגלאַכן גנאָדס וועגן, זײן מאַיעסטעט. דער קיניג האָט נאָך מיט אַ חדשים צוויי צוריק פאַרשפּראָכן, אַז אײער גנאָד וועט באַערן דעם באַנ־קעט מיט זײן אָנוועזנהײט. איצט דערמאָנסטו זיך שוין?

— עס טוט מיר לײד מודה צו זײן, אַז איך האָב באמת פאַרגעסן — האָט טאָם געזאָגט און איז ווידער רויט געוואָרן.

אין דעמדאָזיקן מאָמענט איז געמאָלדן געוואָרן אַז די פרינ־צעסין עליזאַבעט און די לײדי דזשעני גרײ זײנען גע־קומען.

די צוויי לאָרדן האָבן זיך אָנגעקוקט אײנער דעם צווײטן מיט אַ פּיל באַדײטנדן בליק און דער לאָרד הערטפאָרד איז שנעל אָפּגעטראָטן צום טיר.

ווען די צוויי פריילנס זיינען פאַרבייגעגאַנגען, האָט ער שטיל געזאָגט:

— איך בעט אייך מייני ליידיס, האַלטן זיך אַזוי ווי איר וואָלט קיינזאַך ניט באַמערקט, און ניט אַרויסווייזן קיין שום אי־בעראַשונג ווען זיין זכרון וועט אים פעלשן — עס וועט אייך לייד טאָן צו באַמערקן ווי ער פאַרגעסט יעדער קלייניקייט.

דער לאָרד סענט־דזשאָן האָט דערווייל גערעדט טאָמען אויפן אויער:

— איך בעט דיך, מיין הערשער, גוט צו האַלטן אין זינען זיין מאַיעסטעטס דעם קיניגס פאַרלאַנג: געדענק אַלץ וואָס דו קענסט נאָר געדענקען און וואָס דו געדענקסט ניט,—מאַך זיך, אַז דו געדענקסט, לאָז זיי ניט באַמערקן, אַז דו האָסט זיך אַסך געענדערט אין דיינע געוואוינהייטן, וואָרים דו ווייסט דאָך ווי איינגעבאַקן דו ביסט אין האַרצן ביי דיין שוועסטער און שפּיל־חבר ליידי דזשעני און וויפל צער דיין שוואַכקייט וואָלט זיי פאַר־שאַפן. באַוויליגסט דו, מיין הערשער, איך און דיין פעטער זאָלן לעבן דיר פאַרבלייבן?

מיט אַ באַוועגונג און אַ וואָרט האָט טאָם אויסגעדריקט זיין הסכמה, ער האָט שוין פאַרשטאַנען וואָס מען פאַרלאַנגט פון אים און אין זיין ערלאַך האַרץ איז שוין פעסט געווען דער באַ־שלוס צוצופּאַסן זיך און ווי ווייט ער וועט נאָר קענען אויספירן דעם קיניגס באַפעל.

ניט קוקנדיק אויף די וואָרנונג און פאָרזיכטיקייט, איז דער שמועס צווישן טאָמען און די יונגע ליידיס, פון צייט צו צייט, אָפּגעהאַקט געוואָרן.

מער ווי איינמאָל האָט טאָם געהאַלטן ביי אונטערגעבן זיך און ערקלערן, אַז ער פאַר אומפּעאיק צו שפּילן אַזאַ שווערע ראָלע. אָבער דער פּרינצעסין עליזאַבעטס טאַקטיש באַנעמונג אָדער אַ וואָרט פון איין אָדער דעם אַנדער לאָרד, אַריינגעוואָרפן אין דער ריכטיקער צייט, האָט אים פאַרהיט דערפון.

איינמאָל האָט זיך די ליידי דזשעני געווענדט צו אים מיט אַ פראַגע, וואָס האָט אים אינגאַנצן פאַרווירט.

— האָסטו שוין היינט דערפילט דיין פליכט צו איר מאַ־יעסטעט דער קיניגין, מיין לאָרד?

טאָם האָט געקווייטשט, איז צומישט געוואָרן און איז שוין גרייט געווען אַזאָג צו טאָן וואָס עס וועט אים קומען אויפן זי־נען, ווען דער לאָרד סענט־דזשאָן האָט זיך אַריינגעמישט און, מיט די לייכטקייט און טאַקט פון אַ הויף־פּאָליטיקער, וואָס איז געוווינט צו אַלערליי איידעלע סיטואַציעס און צו געפינען אַן אויסוועג פון אַלע שוועריקייטן, האָט ער געזאָגט:

— געוויס האָט ער באַזוכט, מיין ליידי, און די קיניגין האָט אים געמוטיקט און געטרייסט, ניט וואַר, אייער גנאָד?

טאָם האָט אַ מורמל געטאָן אַזוינס, וואָס האָט געדאַרפט באַדייטן צושטימונג, אָבער ער האָט געפילט, אַז ער טרעט אַרויף אויף אַגעפערלאַכן באָדן.

שפּעטער אַביסל איז געקומען צו רייד, אַז טאָם דאַרף איצט אויפהערן זיינע לימודים, ווען די פּרינצעסין האָט באַמערקט:

— אַ שאָד, זייער אַ שאָד! דו האָסט געמאַכט אַזעלכע פּאָר־שריטן! אָבער האָב געדולד, עס איז ניט אויף לאַנג. דו וועסט נאָך זיין געבענטשט מיט קענטעניש ווי דיין פאָטער און וועסט נאָך באַהערשן אַזוי פיל שפּראַכן ווי ער, מיין לאָרד.

— מיין פאָטער!?—האָט טאָם, פאַרגעסנדיק זיך אויף אַמאָמענט, אויסגעשריען.—איך גלויב, אַז ער קען זיין אייגענעם לשון ניט ריידן גוט גענוג, אַז אימיצער, אַחוץ דעם חזיר אין זיין חזיר-שטעלכל, זאָל פאַרשטיין וואָס ער מיינט; און וואָס איז שייך צו אַנדערע...

ער האָט זיך אָפּגעהאַקט, איז רויט געוואָרן, און שטיל און טרויעריק צוגעגעבן:

— אַך, מיין קראַנקייט האָט מיך ווידער אָנגעכאַפּט, און מיין זכרון בלאָנדזשעט אויף ס'ניי... איך בין ניט אויסן געווען קיין אומכבוד פאַר זיין קיניגלאַכן מאַיעסטעט.

— מיר ווייסן עס, סער—האָט די פּרינצעסין עליזאַבעט געזאָגט, נעמענדיק איר „ברודערס" האַנט צווישן אירע ביידע

הענט—זיי רואיק. די שולד פאלט ניט אויף דיר, נאָר אויף דיין קראַנקייט.

— דו ביסט אַ צאַרטע טרייסטערין, מיין לײדי,—האָט טאָם מיט דאַנקבאַרקייט געזאָגט, — און ערלויב מיר צו דאַנקען דיר פאַר דיין גוטהאַרציקייט, אויב איך מעג זיין אַזוי דרייסט.

איינמאָל האָט די לייכטזיניקע קליינע לײדי דזשעני אַ שאָס געטאָן אויף טאָמען מיט אַ גריכישע פראַזע. דער פרינ-צעסין עליזאַבעטס שאַרף אויג האָט גלייך געזען, אַז די פייל איז איבערגעפלויגן פאַרביי, האָט זי גלייך אַ שאָס געטאָן פון טאָמס וועגן צוריק מיט אַ גאַנצן זאַלפּ גריכיש און שנעל איבערגעביטן דעם שמועס אויף עפּעס אַנדערש.

די צייט איז פאַרבייגעגאַנגען גאַנץ אָנגענעם און, אין אַל-געמיין, גענוג גלאַט. שטרויכלונגען און שטערונגען זיינען געוואָרן אַלץ ווייניקער און טאָם, זעענדיק, אַז יעדערער באַמיט זיך צו העלפן אים און ניט צו באַמערקן זיינע פעלערן,—האָט זיך געפילט אַלץ בעסער און בעסער.

ווען עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די פּרינצעסין עליזאַ-בעט און די לײדי דזשעני וועלן אים באַגלייטן אויפן שטאָט-באַנקעט, האָט זיך זיין האַרץ אַ הויב געטאָן פון פרייד. ער האָט געפילט, אַז מיט זיי וועט ער ניט זיין עלנט און פאַרלאָרן אין דער גרויסער פאַרזאַמלונג פון פרעמדע און אומבאַקאַנטע, אין דער צייט וואָס מיט אַ שעה פריער, וואָלט דער איין געדאַנק, אַז זיי וועלן מיט אים מיטגיין, אַרויסגעוואָרפן אויף אים אַ טויט-שרעק.

טאָמס מלאכי השרת—די צוויי לאָרדן — האָבן פון דער אונטערהאַלטונג געהאַט ווייניקער פאַרגעניגן ווי די איבריקע אין דער קליינער געזעלשאַפט, זיי האָבן זיך געפילט ווי זיי וואָלטן אָנפירן אַ גרויסע שיף דורך אַ געפערלאַכן קאַנאַל; זיי זיינען כסדר געווען אויף דער וואַך און האָבן אויסגעפונען, אַז זייער אויפ-גאַבע איז ניט קיין קינדערשפּיל. דעריבער, ווען דער וויזיט פון די צוויי לײדיס האָט געהאַלטן ביים ענדיקן זיך און איינער פון די דינער האָט געמאָלדן, אַז דער לאָרד גילפאָרד דודליי בעט אָנגענומען צו ווערן, — האָבן זיי ניט נאָר דערפילט אַז עס

קלעקט זיי פאַר הײנטיקס טאָג, נאָר אַז זיי זיינען ניט אומשטאַנד נאָכאַמאָל דורכצומאַכן די גאַנצע רייזע צוריק. זיי האָבן דעריבער געראָטן טאַמען ער זאָל זיך אַנטשולדיקן און ניט אָננעמען דעם לאָרד גילפאָרד, ניט אַכטנדיק דערויף, וואָס דער אָפזאָג אָנצונעמען דעם פּראַכטיקן יונגינקן לאָרד האָט אַרויסגערופן אַן אויסדרוק פון אַנטוישונג אויף דער ליידי דזשעניס פּנים.

אַלע זיינען מיט איינמאָל שטיל געוואָרן, ווי זיי וואָלטן אויף עפּעס געוואַרט. טאַמען האָט ניט פאַרשטאַנען וואָס דאָס באַדייט. ער האָט אַקוק געטאָן אויף דעם לאָרד הערטפאָרד, וואָס האָט אים געגעבן אַ צייכן, אָבער ער האָט דעם צייכן אויך ניט פאַרשטאַנען. דאַן איז די געשיקטע פּרינצעסין עליזאַבעט מיט איר געוויינלאַכער לייכטקייט געקומען צו הילף.

— האָבן מיר די ערלויבעניש פון דעם פּרינץ, מיין ברודער, אָפּשייד צו נעמען?

און טאָם האָט געזאָגט:

— געוויס! איר קענט ביי מיר בעטן וואָס איר ווינטשט, מיינע ליידיס, איר דאַרפט נאָר זאָגן וואָס איר ווילט. דאָך, וואָלט איך אייך בעסער געגעבן יעדער אַנדער זאַך, וואָס עס ליגט נאָר אין מיין אָרימער קראַפט, איידער געבן איך די ערלויבעניש אַוועקצונעמען פון מיר די ליכט און לייטזעליקייט פון אייער אָנוועזנהייט. זייט וואויל און גאָט זאָל זיין מיט אייך!

און טאָם האָט איינערלאַך געשמייכלט, טראַכטנדיק: נאָך אַלעמען האָב איך ניט אומזיסט געלעבט צווישן פּרינצן און פּרינצעסינס אין מיינע פאַנטאַזיעס און האָב געלערנט מיין צונג צו באַנוצן זייער פיינע און באַפּוצטע שפּראַך.

ווען די צוויי הויכגעבוירענע פריילנס זיינען אַרויסגעגאַנגען, האָט זיך טאָם מיד געווענדט צו זיינע אויפפּאַסער און געזאָגט:

— וועלן די הויכגעבאָרענע לאָרדן באַוויליגן צו ערלויבן מיר גיין ערגעץ אין אַ ווינקל און אָפּרוען?

דער לאָרד הערטפאָרד האָט געענטפערט:

— ווי אייער גנאָד ווינטשט. עס איז פאַר אייך צו באַפעלן

און פאַר אונז צו געהערכן. אַז דו זאָלסט רוען איז זייער נייטיק, ווייל דו מוזט אינגיכן פאָרן אין שטאָט אויפן באַנקעט.

ער האָט אַ קלונג געטאָן און ס'איז אַריין אַ פּאַזש, וועלכן ער האָט באַפוילן אַריינצובעטן סער וויליאַם הערבערט. דערדאָזיקער קאַמער־הער איז גלייך אַריין און אָפּגעפירט טאָמען אין אַ פּראַכטיקן צימער. דאָס ערשטע וואָס טאָם האָט געטאָן, איז געווען צו כאַפּן אַ גלאָז וואַסער, אָבער אַ זייד־און־סאַמעט־געפּוצטער דינער האָט אונטערגעכאַפּט דעם בעכער און, פּאַלנ־דיק אייף איין קני, דערלאַנגט עס אים אויף אַ גאָלדענעם טאַץ. נאָכהער האָט דער מידער געפאַנגענער אַנידערגעזעצט זיך און, בעטנדיק מיט די אויגן ערלויבעניש, גענומען אויסטאָן די שיך, אָבער אַ צווייטער זייד־און־סאַמעט־פּאַרשוין איז אַ פּאַל געטאָן אויף די קני און גענומען די טירחה אויף זיך. ער האָט נאָך צוויי־דריי מאָל געמאַכט אַ פּאַרזוך צו טאָן עפּעס אַליין, אָבער זעענדיק, אַז יעדעס מאָל כאַפּן זיי די אַרבעט פון האַנט, האָט ער זיך אונ־טערטעניק אונטערגעגעבן און געמורמלט:

— פּאַרשאָלטן זאָל איך זיין, אויב איך פאַרשטיי וואָס דאָ טוט זיך, ס'איז מיר אַ חידוש וואָס זיי עטעמען ניט פון מיינט־װעגן אויך!

אויסגעטאָן פון זיינע טאָג־קליידער און איינגעוויקלט אין קאָסטבאַרע נאַכט־קליידער, האָט ער זיך לסוף געלייגט אָפּרוען, אָבער ניט שלאָפן, ווייל זיין קאָפּ איז געווען צו פול מיט געדאַנ־קען און דאָס צימער — מיט מענטשן. ער האָט ניט געקענט לייז ווערן פון די ערשטע זיי זיינען פאַרבליבן; ער האָט ניט געוואוסט ווי אַזוי אָפּצושאַפן די לעצטע, זיי זיינען אויך פאַרבליבן, — צו זיין און אויך צו זייער — גרויסן באַדויערן.

---

ווען טאָמס נאָבעלע צוויי שומרים זיינען געבליבן אַליין, האָבן זיי זיך אַ ווײלע פאַרטראַכט, שאָקלענדיק מיט די קעפּ און, שפּרייזנדיק הין און צוריק. דערנאָך האָט לאָרד סענט־דזשאָן געזאָגט:

— אָפן גערעדט, וואָס זאָגסטו דערצו?

— אויב אָפן גערעדט, שטייט עס אַזוי:

— דער קיניג איז גאַנץ צו זיין סוף. מיין פלימעניק איז משוגע—אַ וואַנזיניקער וועט ער באַשטייגן דעם טראָן און אַ וואַנזיניקער וועט ער אויף אים פאַרבלייבן. גאָט באַשיק ענגלאַנד, וואָרים שוין וועט זי שטאַרק דאַרפן,

— ריכטיק זיינען דיינע רייד; אַזוי זעט עס טאַקע אויס. אָבער... ערוועקן זיך ניט ביי דיר קיין ספקות בנוגע צו... צו...

ער האָט אַ ווײַלע געקווײַנקלט און נאָכהער שטיל געבליבן. ער האָט קענטיק געפילט, אַז ער באַרירט דאָ זייער אַן איידעלע מאַטעריע. דער לאָרד הערטפאָרד האָט זיך אָפּגעשטעלט קעגן אים, אַ קוק געטאָן אויף אים מיט אַ קלאָרע, פרייע אויג און געזאָגט:

— רייד ווייטער, דאָ איז קיינער אַחוץ מיר, ניטאָ. ספקות וועגן וואָס?

— איך וואָלט געוואָלט פאַרמיידן צו פאַסן אין ווערטער דאָס, וואָס איך האָב אין די געדאַנקען, איבערהויפּט פאַר דיר, וואָס איז מיט אים פון איין בלוט, מיין לאָרד. אָבער בעטנדיק מחילה, אויב איך באַליידיק, וויל איך פרעגן: זעט עס ניט אויס זונדערבאַר, אַז משוגעת זאָל אַזוי ענדערן זיין האַלטונג און מאַניערן? אמת, זיין האַלטונג איז נאָך איצט אויך פרינצלאַך, אָבער עס אונטערשיידט זיך, אין דער אָדער יענער קלייניקייט פון זיין פריערדיקער האַלטונג און געוואוינהייטן. זעט עס ניט אויס כּאָדנע, אַז משוגעת זאָל אָפּמעקן פון זיין זכרון אַפילו די געזיכטס־ציגע פון זיין פאָטער, די זיטן און מנהגים פון די אַרומיקע און איבערלאָזן אים זיין לאַטיין, אָפּמעקנדיק אין דער זעלביקער צייט פראַנצויזיש און גריכיש? מיין לאָרד, זיי ניט באַליידיקט, פאַרגרינגער מיר מיינע ספקות, באַרואיק מיינע געדאַנקען און נעם אָן מיין דאַנק. עס פאַרפאָלגט מיך זיין באַהויפּטונג, אַז ער איז ניט, דער פרינץ און...

— רוע, מיין לאָרד! גענוג! דיין צונג רעדט פאַרראַט!

האָסטו פאַרגעסן דעם קיניגס באַפעל? געדענק, אַז איך בין אַנ־טיילנעמער אין פאַרברעכן, אויב איך הער דיך בלויז אויס.

לאָרד סענט־דזשאָן איז בלאַס געוואָרן און האָט זיך גע־אײַלט צו פאַרענטפערן:

— איך בין שולדיק, איך בין מודה. פאַראַט מיך ניט. טו מיט מיר דעם חסד אויס פון דיין גנאָדלאַכקייט, און איך פאַר־שפּרעך דיר קיינמאָל ניט צו ריידן און ניט צו דענקען אַפילו פון דעם מער. באַגיי זיך ניט שטרענג מיט מיר, מיין לאָרד, ווען ניט בין איך פאַרלאָרן.

— איך בין צופרידן, מיין לאָרד—האָט האַרטפאָרד גע־ענטפערט,—אָבער געדענק, ניט צו דערמאָנען מער פון דעם דאָ אָדער אין די אויערן פון אַנדערע, דאַן וועט עס זיין ווי דו וואָלסט קיינמאָל דערפון ניט גערעדט. אָבער דו דאַרפסט ניט צווייפלען: ער איז דער זון פון מיין שוועסטער. איז זיין שטים, זיין פּנים, זיין גאַנצע געשטאַלט ניט ענלאך צו מיר פון וויגעלע אָן? משוגעת קען מאַכן די אַלע ווידערשפּרעכיקע ערשיינונגען, וואָס דו זעסט אין אים און נאָך מער. געדענקסטו ניט ווי אַזוי דער אַלטער באַ־ראָן מאָרליי האָט אין זיין משוגעת פאַרגעסן זיין אייגענעם פּנים, וועלכן ער האָט געקענט זעכציק יאָר נאָכאַנאַנד און האָט געטענהט, אַז עס געהערט צו אַן אַנדערן? נאָך מער, ער האָט געהאַלטן, אַז ער איז אַ זון פון מאַריאַ מאַגדאַלינאַ און, אַז זיין קאָפּ איז געמאַכט פון שפּאַנישן גלאָז. און געדענקסטו ווי ער האָט קיינעם ניט געלאָזן צורירן זיך צום קאָפּ, מורא האָבנדיק מען זאָל עס דורך אומפאָרזיכטיקייט ניט צעברעכן? גיב אָפּ דיי־נע ספקות, מיין גוטער לאָרד, דאָס איז דער אמתער פּרינץ — איך קען אים גוט—און ער וועט אינגיכן זיין קיניג, עס קען ניט שאַטן דו זאָלסט עס גוט געדענקען און קלערן וועגן דעם מער ווי וועגן עפּעס אַנדערש...

נאָך אַ ווייטערדיקן שמועס, אין וועלכן דער לאָרד סענט־דזשאָן האָט זיך מיט אַלע כּוחות געמאַטערט צו פאַרגלעטן זיין פריערדיקע אומפאָרזיכטיקייט, איבערחזרנדיק, עטלאַכע מאָל, אַז ער איז פעסט איבערצייגט און קיינזאַך וועט אים שוין קיין ספקות

ניט ארויסרופן, — האָט דער לאָרד הערטספאָרד אָפּגעלאָזן זיין מיטהיטער און איז פאַרבליבן אויף דער וואך איינער אליין. ער האָט זיך טיף פאַרטראַכט, און וואָס לענגער ער האָט געטראַכט אַלץ אומרואיקער איז ער, קענטיק געוואָרן. ער האָט גענומען שפרייזן איבערן דיל און מורמלען צו זיך אליין:

— באַ! ער מוז זיין דער פרינץ! קען ווער אין גאַנצן לאַנד באַהויפטן, אַז עס קענען זיין צוויי, ניט פון איין בלוט און פלייש אזוי וואונדערבאַר ענלאַך, פונקט ווי אַ צווילינג און אפילו ווען ס'וואָלט יאָ געמאָלט זיין, איז עס ניט נאָך אַ גרעסערע רע-טעניש, אַז דער גורל זאָל אריינוואַרפן איינעם אויף דעם אָרט פון צווייטן? ניין, עס איז דומהייט, דומהייט, דומהייט!

אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער ווייטער צו זיך גערעדט:

— ווען ער וואָלט געווען אַ באַטריגער און וואָלט זיך ארויסגעגעבן פאַרן פרינץ — דאָס וואָלט געווען פאַרשטענדלאַך; דאָס וואָלט געהאַט אַ זין. צו האָט אָבער אַמאָל געלעבט אויף דער וועלט אַ באַטריגער, אַ פאַלשער פרינץ, וואָס ווערט פון קיניג גע-רופן פרינץ, פון הויף גערופן פרינץ, פון יעדערן גערופן פרינץ און ער זאָל עס לייקענען און שרייען גוואַלד ער איז ניט קיין פרינץ און פאַרדינט ניט די ערע? ניין! ביי דער נשמה פון הייליקן סוויטן — ניין! דאָס איז דער אמתער פרינץ, נאָר משוגע!

---

# זיבעטער קאַפּיטל.

## טאָמס ערשטער קיניגלאַכער מיטאָג.

אָן ערך איינס בייטאָג האָט טאָם געהאַרכזאַם געלאָזן זיך אָנטאָן צו מיטאָג. ער איז פאַרפּוצט געוואָרן אַזוי פיין ווי פריער אָבער יעדער זאַך אַנדערש,—יעדער זאַך, פון מיטץ ביז די זאָקן, איבערגעביטן. אינגיכן איז ער מיט גרויס פּאַראַד אַריינגעפירט געוואָרן אין אַ גרויסן און פּראַכטיק-געצירטן צימער, וואו אַ טיש איז שוין געווען געגרייט פאַר איין פּערזאָן. די מעבל אין צימער איז געווען פון מאַסיוון גאָלד און באַפּוצט מיט אויסקריצונגען און צייכנונגען—אַרבעט פון דעם באַרימטן מייסטער בענוועניוטאָ, וואָס האָט צוגעגעבן די אַלע זאַכן אַן אומאָפּשאַצבאַרן ווערט. דאָס צימער איז האַלב פול געווען מיט אַן אַדעליקער סוויטע. אַ קאַ-פּעלאַן האָט געזאָגט די תּפילה, און טאָם, וואָס האָט זיך גוט אויסגעהונגערט, איז שוין גרייט געווען אַנעם טאָן זיך צו דער אכילה,—ווען דער לאָרד מאַרקיז פון בערקעליי, האָט אים אָפּגעשטעלט און פאַרבונדן אַ סערוועטל אַרום זיין נאַקן — פאַר-בינדן דאָס סערוועטל איז געווען אַן ערן-פּאָסטן, וואָס איז פון דור צו דור איבערגעגאַנגען אין דערדאָזיקער נאָבעלער משפּחה. דער שר-המשקים איז געשטאַנען ביים זייט און האָט אונטערגע-כאַפּט דעם כּוס יעדעס מאָל, ווען טאָם האָט זיך געוואָלט אַליין מטריח זיין אָנצוגיסן וויין; דער קיניגלאַכער פאַרזוכער איז אויך געשטאַנען ביים זייט, גרייט צו פאַרזוכן ביי דער ערשטער פאָ-דערונג יעדן פאַרדעכטיקן געריכט, ריזיקירנדיק פאַרסמט צו ווערן. דעם אמת געזאָגט, איז דער פאַרזוכער, צו יענער צייט, געווען ניט מער ווי צוליב אַלטע טראַדיציע וועגן, און איז זייער זעלטן באַנוצט געוואָרן צו פאַרזוכן די עסנס, עס זיינען אָבער געווען

צייטן, און ניט מיט אַסך דורות צוריק, ווען די שטעלע פון די פאַרזוכער האָט געהאַט אירע געפערלאַכע זייטן און איז געווען פון די. יחוסן, נאָך וועלכע מען האָט זיך ניט געיאָגט פאַרוואָס מען האָט צו דער געפערלאַכער אַרבעט פון אַ פאַרזוכער ניט באַנוצט אַ הונט אָדער אַ פוקס איז טאַקע אַ מאָדנער חידוש, אָבער אַלע מנהגים און זיטן פון קיניגס זיינען מאָדנע... חוץ דעם סערוועטל-פאַרבינדער און באָקאַל-האַלטער, און פאַרזוכער איז דאָ געווען דער מילאָרד ד׳אַרסי, דער ערשטער קאַמער-דינער. צוליב וואָס, און וואָס האָט ער געהאַט צו טאָן, דער גוטער יאָר ווייס אים — נאָר ווי די מעשה איז, ער איז דאָ געווען, און גאָר! הינטערן שטול איז געשטאַנען דער לאָרד הויפט-קעלערמאַן וואָס האָט אונטער דער אויפזיכט פון דעם לאָרד הויפט-הויז-פאַר-וואַלטער און דעם לאָרד הויפט-קוכער, אויפגעפאַסט דעם טיש-צערעמאָניאַל, טאָם האָט אַחוץ זיי געהאַט נאָך דרייהונדערט און פיר-און-אַכציק דינער, אָבער זיי זיינען פאַרשטייט זיך, ניט אַלע געווען אין צימער, אפילו ניט אַ פערטל-חלק פון זיי. ער האָט אפילו איצט נאָך ניט געוואוסט, אַז זיי זיינען איבערהויפט פאַראַן אויף דער וועלט.

אַלע אַנוועזנדע זיינען גוט געוואָרנט געוואָרן צו געדענקען אַז דער פרינץ איז צייטווייליק ניט ביים פולן זינען און דעריבער זאָל זיך קיינער ניט דערוועגן אַרויסצווייזן סמנים פון איבעראַשונג ביי זיינע משונהדיקע גענג. די משונהדיקע גענג זיינע האָבן זיך גלייך אַרויסגעוויזן, אָבער דאָס האָט ביי די אַנוועזנדע בלויז אַרויסגערופן מיטגעפיל און צער, אָבער ניט קיין שפּאַס. אַלעמען האָט געטאָן זייער באַנג צו זען דעם באַליבטן פרינץ אין אַזאַ טרויעריקן צושטאַנד.

דער אָרימער טאָם האָט מייסטנטיילס זיך באַנוצט מיט די פינגער אָנשטאָט גאָפּל, אָבער דאָס האָט ביי קיינעם ניט אַרויסגערופן קיין שמייכל. קיינער האָט אפילו ניט אַרויסגעוויזן, אַז ער האָט עס באַמערקט. ער האָט נייגעריק און מיט גרויס אינטערעס באַ-טראַכט דאָס סערוועטל, וואָס איז געווען פון זייער פיינעם ליינוואַנט

און מיט פשוטקייט געזאָגט: — איך בעט אייך, נעמט עס צו, אַז ניט קען איך נאָך אין מיין צושטרייטקייט, דאָס שמוציק מאַכן.

דער סערוועט=מייסטער האָט מיט גרויס רעספעקט און ערפורכט צוגענומען דאָס סערוועטל, אָן אַ שום צייכן פון ווידער= שפרוך.

ער האָט באַטראַכט די סאַלאַט און די ווייסע ריבן און גע= פרעגט וואָס אַזוינס איז עס און צו קאָן מען עס עסן. די פראַגן זיינען פאַרענטפערט געוואָרן מיט ערנסטן רעספעקט אָן אַ שום סימן פון וואונדער.

ווען ער האָט געענדיקט עסן, האָט ער אָנגעשאָטן פולע קעשענעס מיט ניס, אָבער עס האָט אויסגעזען ווי קיינער וואָלט עס ניט באַמערקט אָדער זיין איבעראַשט דערפון. אָבער באַלד האָט ער אַליין זיך דערפילט זייער אומבאַקוועם און צוטראָגן פון דעם. ניט דאָס איז געווען די איינציקע זאַך, וואָס מען האָט אים געלאָזן אומגעשטערט אַליין נעמען מיט די אייגענע הענט,—און ער איז זיכער געווען, אַז ער האָט באַגאַנגען אַ העכסט אומפּאַ= סיקע זאַך און געגן דעם כבוד פון אַ פּרינץ.

אין דעמזעלביקן מאָמענט האָט אים אָנגעהויבן צו צופּן די מוסקלען פון נאָז און דער שפּיץ פון דעמדאָזיקן גייטיקן אבר האָט זיך אָנגעהויבן צו קנייטשן און צו הייבן. דאָס האָט געדויערט אַ היפּשע ווילע און טאָם האָט אָנגעהויבן ארויסצואווייזן אַ גרויסע אומרואיקייט. ער האָט מיט אַנגסט געקוקט דאָ אויף איינעם, דאָ אויפן צווייטן לאָרד, און זייער אויגן זיינען פול געוואָרן מיט טרערן. מיט צעשראָקענע פּנימער זיינען זיי צוגעשפּרונגען צו אים, בעטנדיק ער זאָל זיי זאָגן וואָס אים פעלט. טאָם האָט מיט אמתן אַנגסט אין זיין קול געזאָגט:

— איך בעט אייך פאַרצייט מיר, מיינע הויכגעשעצטע לאָרדן: עס בייסט מיר גוואַלדיק אין נאָז. ווי איז דאָ דער מנהג אין אַזעלכע פאַלן? אָבער, איך בעט אייך, ענטפערט גיכער, וואָרים איך קען זיך קוים איינהאַלטן.

קיינער האָט ניט געשמייכלט. אָבער אַלע זיינען געווען אין דער גרעסטער פאַרלעגנהייט, און אין גרויס באַטריבונג געבעטן

מיט די אויגן איינער ביי דעם אַנדערן אָן עצה. אַ קלייניקייט דאָס איז: מען איז דאָ געשטאַנען פּאָר אַ טויטע וואַנט, אין דער גאַנצער פריערדיקער ענגלישער געשיכטע איז ניט געווען קיין שום אָנווייזונג ווי אַזוי צו האַנדלען אין אַזעלכע פאַלן. דער צערעמאָניע-מייסטער איז גראָד ניט געווען דערביי, עס איז אויך ניט געווען קיין איין מענטש, וואָס זאָל זיך פילן זיכער גענוג אַוועקצולאָזן זיך אויף דעם דאָזיקן ניט אויסגעפּאָרשטן ים פון זיטן און מנהגים, אָדער וואָס זאָל נעמען אויף זיך די ריזיקע פון לייזן דידאָזיקע וויכטיקע פּראָבלעם. אַך, ליידער איז אין קייזערלאַכן הויף, ניט געווען קיין ערבלאכער נאַז-קראַצער!

די טרערן זיינען דערווייל אַריבער די ברעגעס און האָבן אָנגעהויבן צו פליסן איבער טאָמס באַקן. דער קיצעלדיקער נאָז האָט מער ווי פריער זיך געגויטיקט אין פאַרלייכטערונג — און דאָ וויס קיינער ניט וואָס צו טאָן. אָבער דאָ האָט די נאַטור לסוף געבראָכן אַלע צוימען פון עטיקעט: בעטנדיק אין האַרצן מחילה, טאָמער באַגייט ער אַ זינד, — האָט טאָם זיך געמאַכט אַ האַרץ, אויםגעהויבן די האַנט און אַליין זיך אָפּגעווישט דעם נאָז.

נאָכן עסן האָט אים איינער פון די לאָרדן אונטערגעטראָגן אַ ברייטע, פלאַכע גאָלדענע וואַזע מיט דופטיקע רויז-וואַסער צו שווענקען דערמיט דאָס מויל און וואַשן די הענט, און דער לאָרד סערוועט-מייסטער איז געשטאַנען מיט אַ סערוועטל, גרייט אויסצווישן אים די הענד. טאָם האָט אַ ווײַלע געקוקט ווי צוטומלט אויף דער וואַזע, נאָכהער האָט ער עס אונטערגעטראָגן צו די ליפּן אַ רעכטן זופּ געטאָן, צוריק אָבגעגעבן דעם לאָרד און געזאָגט:

— ניין, עס געפעלט מיר ניט, מיין לאָרד: שמעקן שמעקט עס גאַנץ פיין, אָבער ס'איז ניט שטאַרק גענוג.

דערדאָזיקער נייער באַווייז פון דעם פּרינצס משוגעת האָט זיך מיט ווייטאָג אָבגערופן ביי יעדערן אין האַרצן, אָבער עס האָט ביי קיינעם קיין געלעכטער ניט אַרויסגערופן.

טאָמס צווייטער טעות איז געווען אויפצוהויבן זיך פון טיש פונקט דאַמאָלסט, ווען דער קאַפּעלאַן האָט זיך געשטעלט הינטער זיין שטול און מיט אויפגעהויבענע הענט און אויפגעהויבענע אויגן

געקליבן זיך בענטשן. דאָך האָבן אַלע ווי ניט באַמערקט, אַז דער פּרינץ האָט געטאָן אַן אומגעוויינליכע זאַך.

אויף זיין אייגענער בקשה, האָט מען אונזער קליינעם פריינד אָפּגעפירט אין זיין פּריוואַט-קאַבינעט און איבערגעלאָזן איינעם אליין. אין דעם דאָזיקן קאַבינעט איז אויף דעמבענע טאָפּעלן געהאַנגען אַ זאַמלונג פון בלישטשעדיקע זעלטענע געווער און קריגס-אַמוניציע, אין גאַנצן באַפּוצט מיט פּראַכטיקע צייכנונגען. איינגע-פאַסט אין גאָלד. די דאָזיקע געווער-זאַמלונג האָט געהערט צום אמתן פּרינץ — אַ מתנה פון דער קייזערין. טאָם האָט אָנגעפּאַסט די פּיס-פּאַנצערס, און די הענט-שיצער, און די קאָפּ-קאַסקע מיט די גרויסע פעדערן און אַלע איבעריקע כּלי-זיין, וואָס ער האָט געקענט אָנטאָן אויף זיך אָן זייטיקער הילף. איין מאָמענט האָט ער שוין געוואָלט רופן עמיצן ווער עס זאָל אים העלפן אָנצוטאָן זיך אין פולער קריגס-פאָרמע, אָבער דאָ האָט ער זיך דערמאָנט אָן די ניס, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט און וואָס פאַר אַ פאַרגע-ניגן עס וועט זיין צו עסן זיי אָן טויזנטער הענט צו העלפן אים און אָן טויזנטער אויגן צו קוקן אויף אים; ער האָט שנעל אויפ-געהאַנגען די כּלי-זיין אויף זייערע ערטער און זיך גענומען קנאַקן ניס. ער האָט געגעסן די ניס און דאָס ערשטע מאָל פאַר דער גאַנצער צייט, זינט גאָט האָט אים פאַר זיינע זינד געמאַכט פאַר אַ פּרינץ, — געפילט זיך כמעט גליקלאַך.

אָבגעפאַרטיקט זיך מיט די ניס, האָט ער זיך אָנגעשטויסן אויף עטליכע שיינע ביכער אין אַן אַלמער, צווישן וועלכע עס איז געווען איין בוך וועגן הויף עטיקעט פון ענגלישן הויף. דאָס איז פאַר אים געווען אַן אמתער געפינס. ער האָט זיך אַוועקגעלייגט אויף אַ ברייטער קאַנאַפּע און מיט גרויס התמדה גענומען זיך צו שטודירן דאָס בוך.

לאָמיר זשע דערווייל איבערלאָזן אים דאָרטן אַליין.

---

# אַכטער קאַפּיטל

## מען זוכט דעם מלוכה־שטעמפּל

ארום פינף אַזייגער האָט זיך העגרי דער אכטער אויפגעכאַפּט פון אַ שווערן דרעמל, מורמלענדיק צו זיך אַליין:

אומרואיקע חלומות, אומרואיקע חלומות!... מיין סוף איז שוין נאָנט... די חלומות זיינען אַ וואָרנונג פאַר מיר, און דער אָפּגעשוואַכטער פּולס באַשטעטיקט עס...

באַלד נאָכדעם האָט אַ בייזער פּייערל אויפגעפלאַקערט אין זיינע אויגן און ער האָט אויסגערופן:

— דאָך וועל איך נישט שטאַרבן, ביז ער וועט פריער נישט אוועקגיין פון דער וועלט.

באַמערקנדיק, אַז דער קיניג האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט איינער פון זיינע אויפפּאַסער געמאָלדן, אַז דער לאָרד־קאַנצלער וואַרט אין פאָדער־צימער און צי וועט דער קיניג נישט באַווילִיקן אויפצונעמען אים.

— ברענג אים אַריין, ברענג אים אריין! — האָט דער קיניג ענערגיש אויסגערופן.

דער לאָרד־קאַנצלער איז אַריין, געקניט לעבן קיניגס קאַנאַפּע און געזאָגט:

— איך האָב געהייסן, און וועדליק דעם קיניגס באַפעל האָבן די פּערן פון דיין קיניגרייך אַרויסגעטראָגן דעם הערצאָג פון נאָרפאָלק זיין טויט־אורטייל. איצט שטייען זיי אַלע אין זייערע שטאַטס־קליידער ביי די טויערן פון פּאַרלאַמענט און וואַרטן אונטערטעניק דיין מאַיעסטעטס ווייטערדיקן באַפעל אין דעם ענין.

דעם קיניגס פנים איז באַלויכטן געוואָרן מיט אַ גרויזאַמער פרייד.

און ער האָט אַזוי געזאָגט:

— הויבט מיך אויף! אַליין וועל איך גיין פאַר מיין פּאַר־לאַמענט און מיט מיין אייגענער האַנט וועל איך חתמענען דעם אורטייל, וואָס באַפרייט מיך פון...

זיין שטים האָט זיך מיטאַמאָל אָפּגעריסן; אַ טויט־בלאַסקייט האָט אָפּגעווישט די שוואַכע פאַרב פון זיינע באַקן. די דינער האָבן אים צוריק אַוועקגעלייגט אויף די קישנס און גיך אונטער־געטראָגן אים הייל־געטראַנקען.

דער קיניג האָט אַ ווייל̲ע אָפּגערוט און באַטריבט געזאָגט:

— אַך, ווי איך האָב געלעכצט נאָך דערדאָזיקער זיסער שעה! און—אָ! עס קומט צו שפּעט, און איך בין געראַבט פון דער אַזוי לאַנג־באַגערטער פרייד... אָבער איילט זיך, איילט זיך. זאָלן אַנדערע טאָן דידאָזיקע זיסע פליכט, וואָס איז מיר ניט באַ־שערט צו טאָן. איך גיב איבער דעם גרויסן מלוכה־שטעמפּל אַ קאָמיסיע. קלייב דו אויס די לאָרדן וואָס וועלן זיצן אין איר, און נעמט זיך צו דער אַרבעט. אייל זיך, מענטש דו איינער! איידער די זון וועט אויפגיין און צוריק פאַרגיין, זאָלסטו מיר ברענגען זיין קאָפּ איך זאָל אים קענען אָנקוקן.

— ווי דער קיניג האָט באַפוילן, אַזוי וועט געשען. וועט דער קיניג באַוויליגן, מען זאָל מיר איצט אַרויסגעבן דעם שטעמפּל איך זאָל קענען גלייך צוטרעטן צו דער אַרבעט?

— דער שטעמפּל? ווער היט דעם שטעמפּל, אויב ניט דו?

— איך בעט מחילה ביי אייער מאַיעסטעט, אָבער איר האָט עס ביי מיר מיט צוויי טעג צוריק צוגענומען, זאָגנדיק, אַז עס וועט פריער ניט געברויכט ווערן, ביז אייער אייגענע קיניגלאַכע האַנט וועט עס ניט באַנוצן אויף דעם הערצאָג פון נ אָ ר פ אָ ל ק ס אורטייל.

— יאָ, אַזוי האָב איך טאַקע געטאָן. איך געדענק ניט וואו האָב איך עס אהינגעטאָן?... איך בין זייער שוואַך... מיין זכרון

פאַראַט מיך אַזוי אָפט די לעצטע טעג... ס'איז מערקווירדיק, מערקווירדיק...

דער קיניג האָט אָנגעהויבן צו מורמלען אומפאַרשטענדלאַכע ווערטער, שאָקלענדיק פון צייט צו צייט מיט זיין גראָען קאָפּ און באַמיענדיק זיך צו דערמאָנען וואָס האָט ער געטאָן מיטן שטעמפּל. צום סוף האָט זיך דער לאָרד הערטפאָרד דערוועגט צו קניען און מאַכן אַ מעלדונג.

— מיין הערשער, אויב איך מעג זיין אַזוי דרייסט, וואָלט איך דערמאָנען אייער מאַיעסטעט, אַז דאָ זיינען פאַראַן נאָך איי- ניקע, וואָס געדענקען, אַז איר האָט איבערגעגעבן דעם גרויסן שטעמפּל אין די הענט פון זיין גנאָד, דעם פּרינץ פון וועלש, צו האַלטן עס אויף דעם פאַל, ווען עס וועט קומען דער טאָג...

— אמת, אמת! — האָט דער קיניג איבערגעשלאָגן — ברענג עס אַריין! גיי, די צייט לויפט!

לאָרד הערטפאָרד איז אַוועקגעלאָפן צו טאָמען, אָבער ער האָט זיך אינגיכן צוריק אומגעקערט מיט ליידיקע הענט און זייער צעטראָגן. ער האָט אַזוי געזאָגט:

— עס טוט מיר זייער באַנג, מיין הערשער און קיניג, צו ברענגען דיר אַזאַ טרויעריקע און שווערע בשורה. אָבער עס איז גאָטס ווילן, אַז דעם פּרינצס קראַנקייט זאָל נאָך אָנהאַלטן, און ער קען זיך ניט דערמאָנען, ער זאָל האָבן באַקומען דעם שטעמפּל. איך האָב זיך דעריבער געאיילט צו קומען און מעלדן עס צו אייער קייזערלאַכער מאַיעסטעט, רעכענענדיק, אַז די צייט איז טייער און עס האָט קיין זינען צו זוכן עס אין דער לאַנגער רייע פון זאַלן און אַפּאַרטאַמענטן, וואָס געהערן צו זיין קיניגלאַכער הויז...

אַ ביטערער קרעכץ פון דעם קיניג האָט איבערגעריסן דעם לאָרדס רייד. אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער מיט אַ טיפן טרויער אין קול געזאָגט:

— באַאומרואיק אים ניט מער, אָרים קינד! גאָטס האַנט ליגט שווער אויף אים און מיין האַרץ גייט מיר אויס פון רחמנות צו אים. אָ, ווי איך באַדויער וואָס איך קען ניט טראָגן זיין

שווערע לאַסט אויף מיינע אַלטע, פון זאָרג-געבויגטע פּלייצעס און דערמיט ברענגען פרידן צו אים!

ער האָט פאַרמאַכט די אויגן, האָט עפּעס געמורמלט און איז שטיל געוואָרן, אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער ווידער געעפנט די אויגן, זיין בליק האָט צוועקלאָז געוואַנדערט איבערן צימער, ביז ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף דעם קעניגלעכן לאָרד-קאַנצלער. זיין פּנים האָט זיך גלייך אָנגעצונדן מיט כעס:

— וואָס, דו ביסט נאָך אַלץ דאָ?! און דו גייסט ניט ענדיקן די זאַך וועגן יענעם פאַררעטער? אין נאָמען פון גאָט, דיין מיטק וועט מאָרגן זיין פריי, ווייל זי וועט ניט האָבן קיין קאָפּ צו באַצירן!

דער פאַרציטערטער קאַנצלער האָט געענטפערט:

— גוטער קיניג, איך בעט רחמים! איך האָב בלויז געוואַרט אויף דעם שטעמפּל.

— מענטש אײַנער! ביסטו פון זינען אַראָפּ? דער קליינער שטעמפּל, וועלכן איך האָב געוואָלט מיטנעמען מיט זיך אויף מיין רייזע נאָך אויסלאַנד ליגט אין מיין שאַצקאַמער. און וויבאַלד דער גרויסער שטעמפּל איז פאַרשוואונדן, וועט דער שטעמפּל ניט גענוגן? ביסטו ביי דיין פאַרשטאַנד? פאַרשווינד! און—געדענק—קום ניט מער פאַר מיינע אויגן, ביז דו וועסט מיר ניט ברענגען זיין קאָפּ!

דער אָרימער קאַנצלער האָט ניט געמאַכט קיין גרויס שהיות און איז פאַרשוואונדן פון דער געפערלאַכער שכנותשאַפט. די קאָמיסיע האָט אויך ניט לאַנג געטראַכט און געגעבן איר הסכמה צו דעם אורטייל וואָס דער קנעכטישער פּאַרלאַמענט האָט אַרויסגעטראָגן דעם עלטסטן ענגלישן פּער—דעם אומגליקלאַכן הערצאָג פון נאָרפאָלק, באַשטימענדיק מאָרגנדיקן טאָג צו קעפּן אים.

---

# ניינטער קאַפּיטל

## די פּראָצעסיע אויפן טייך.

אַ זייגער ניין אין אָוונט האָט דער גאַנצער ברעג טייך אין גאָר זיין לענג געפינקלט מיט פייערן. דער טייך אַליין איז, ווי ווייט דאָס אויג האָט געקענט כאַפּן צום שטאָט-צו, געווען געדיכט באַדעקט מיט שיפלאַך און לוסט-באַרקן, באַפּרענזט מיט פּיל-פּאַר-ביקע לאַמטערנעס, וואָס האָבן זיך לייכט באַוועגט פון די כוואַליעס, אַזוי אַז ער האָט אויסגעזען ווי אַן ענדלאָזער בלומען-גאָרטן, באַוועגט פון אַ לייכטן זומער-ווינטל. די גראַנדיעזע שטיין-טרעפּ, וואָס האָבן געפירט פון פּאַלאַץ צום וואַסער און וואָס זיינען געווען גרויס גענוג אויפצוהאַלטן אויף זיך אַ גאַנצע אַרמיי פון אַ דייטשן פירסטנטום,—איז געווען אַ בילד אָנצוקוקן, מיט די ציילן קיניגלאַכע אַלעבאַרדן-טרעגער אין בלישטשעדיקע געווער, מיט די פּראַכטיק און פאַנטאַסטיש, געקליידעטע דינערשאַפט, וואָס זיינען גאַנצע מחנות ווייז געלאָפן הין און צוריק, אַרויף און אַראָפּ, פאַר-בערייטנדיק זיך צום פּאַראַד.

מיטאַמאָל איז אָפּגעגעבן געוואָרן אַ באַפעל — און יעדער לעבעדיקע באַשעפעניש איז פאַרשוואונדן פון די טרעפּ. אַפילו די לופט גופא איז פול געוואָרן מיט שפּאַנונג און ערוואַרטונג. ווי ווייט דער בליק האָט דערגרייכט, האָט מען געקענט זען טויזנטער און צענטויזנטער מענטשן, וואָס האָבן זיך אויפגעשטעלט אין זייערע שיפלאַך און באַשיצנדיק מיט די הענט די אויגן פון די לאַמטערן און פאַקל-פייערן, געקוקט אַהין, צום פּאַלאַץ צו.

— אַ צייל פון וואָסערע פערציק אָדער פופציק קיניגלאַכע יאַכט-שיפן האָבן זיך צוגעשיפט צו די טרעפּ. זיי זיינען

געווען רייך באַגילט, די פּאָרטרעטיילן און רודערס באַדעקט מיט קונציקע שניצערייען. איינקע פון זיי זיינען געווען דעקאָרירט מיט פּאַנען און פלאַגן; אַנדערע זיינען געווען באַהאַנגען מיט גאָלד-געוועבטע שטאָפן און מאַטעריעס מיט אַלערליי געווער אויס-געשטיקט אויף זיי. איבער איינקע האָבן געפלאַטערט זיידענע פּאַנען, באַהאַנגען מיט זילבער-גלעקלאַך אָן אַ צאָל, וואָס האָבן פריילאַך, צאַרט געקלונגען יעדן מאָל, ווען דער ווינט האָט זיי באַרירט. ביי אַנדערע ווידער, פון נאָך אַ העכערער מדרגה, מחמת זיי האָבן געהערט צו נאָבל-לייט, וואָס זיינען געווען צווישן דעם פּרינצס נאָענטסטע סוויטע,—זיינען די זייטן פון די שיפלאַך גע-ווען באַדעקט מיט פּראַכטיקע פאַמיליען-הערבן. יעדער שטאַטס-יאַכטע איז געשלעפּט געוואָרן פון אַ באַדינונגס-שיפל. חוץ די רודערערס איז אין יעדער באַדינונגס-שיפל געזעסן אַ קאָמאַנדע סאָלדאַטן אין בלישטשעדיקע קאַסקעס און מיט ברוסט-פאַנצערס אויף די בריסט, און אַן אָרקעסטער מוזיקאַנטן.

די ערשטע אין דער פּראָצעסיע האָבן זיך באַוויזן אַ מילי-טער-אָפּטיילונג פון אַלעבאַרדיסטן. זיי זיינען געווען אָנגעטאָן אין שוואַרצע און טונקל-ברוינע זאָקן אין פּאַסן און סאַמעטענע היטעלאַך, באַפּוצט ביים זייט מיט זילבער-ראָזן, אין קאַמיזאָלן פון טונקל-רויטע און בלויע געוואַנט, אויף די קאַמיזאָלן איז פון הינטן און פון פאָרנט געווען מיט גאָלד אויסגענייט צו דריי פע-דערן—דעם פּרינצס הערב.—די הענטלאַך פון די אַלעבאַרדן זיי-נען באַדעקט געווען מיט פּורפּור-סאַמעט, פאַרפעסטיקט מיט גאָלד-נעגל און באַצירט מיט גאָלד-קוטאַסן. די אַלעבאַרדיסטן האָבן זיך אין צוויי לאַנגע שורות אויסגעצויגן לינקס און רעכטס פון פּאַלאַץ-טויער ביזן ברעג טייך. דעם פּרינצס דינער אין פּורפּור און גאָלד-ליווריייען, האָבן פונאַנדערגעוויקלט אַ דיקן בונטען טעפּיך. גלייך נאָך דעם האָט זיך פון פּאַלאַץ-זייט דערהערט אַ טראָמפּייטן-שאַל, אויף וואָס די מוזיקאַנטן אויפן וואַסער האָבן געענטפערט מיט אַ פריילאַכן פאָרשפּיל. פון פּאַלאַץ-טויער האָבן זיך די ערש-טע באַוויזן צוויי הויף-מאַרשאַלן, וואָס זיינען מיט גרויס שטאַט געגאַנגען פאָרויס מיט די ווייסע קיניגלאַכע בולאַוועס אין די

הענט; הינטער זיי האָט אַ באַאַמטער געטראָגן דעם בירגער-רוט און אַ צווייטער באַאַמטער—דעם שטאָט-שווערד. נאָך זיי זיינען געקומען סערזשאַנטן פון דער שטאָט-וואַך אין פולער פּאַראַד-פּאָר-מע און מיט בענדער אויף די אַרבל.

דערנאָך זיינען געגאַנגען העראָלדן פון פאַרשיידענע ריטער-לאַכע אָרדענס אין זייערע וואָפן-קליידער און מיט שפּיצן-בענדער אויף די אַרבל, באַגלייט פון זייערע וואָפן-טרעגער; דערנאָך זיי-נען געקומען די ריכטער אין זייערע רויטע ריכטער-מאַנטלען און היטעלאַך; דערנאָך איז געגאַנגען דער ענגלישער לאָרד-קאַנצלער אין זיין רויטן קאַנצלער-מאַנטל אָפן פון פאָרנט און באַנייט מיט האָזן-פעלץ, אַ דעפּוטאַציע פון שטאָטישע ראַטמענער אין רויטע מאַנטלען, און צום סוף — פאָרשטייער פון אַלערליי געזעלשאַפט-לאַכע אינסטיטוציעס און קאָרפּאָראַציעס אין זייערע פּאַראַד-קליי-דער. נאָך זיי אַלעמען, האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן פון די טרעפּ צוועלף פראַנצויזישע אַדל-לייט, אָנגעטאָן אין גאָלד-געשטריקטע קאַמיזאָלן פון פראַכטיקן ווייסן דאַמאַשק-זייד, אין קורצע מאַנטלען פון פּור-פּור-סאַמעט, אונטערגעשלאָגן מיט זייד פון ליליען-פאַרב און אין קורצע לייב-פאַרביקע סאַמעט הויזלאַך. דאָס איז געווען די סוויטע פון דעם פראַנצויזישן געזאַנדטן, הינטער וועלכער עס איז געגאַנ-גען די סוויטע פון שפּאַנישן געזאַנדטן, אָנגעטאָן אין שוואַרצע סאַמעטענע קליידער אָן שום באַצירונג. הינטער זיי זיינען ווידער געגאַנגען עטלאַכע ענגלישע אַדל-לייט מיט זייערע סוויטעס און וואָפן-טרעגער.

עס האָט זיך ווידער דערהערט אַ שטורם פון טראָמפּייטן, און אין טויער פון קייזערלאַכן הויף האָט זיך באַוויזן דער פרינצעס פּעטער, דער צוקינפטיקער גרויס-הערצאָג פון ס אָ מ ע ר ע ס ט. אָנ-געטאָן אין אַ שוואַרצן מיט גאָלד געוועבטן קאַמיזאָל, אין אַ פּור-פּור-מאַנטל איינגעוועבט מיט גאָלד-בלומען און אַרומגענייט מיט אַ זילבער-נעץ. ער האָט זיך אומגעקערט מיטן פּנים צום הויף, אַראָפּגענומען דעם פעדער-הוט, טיף פאַרנייגט זיך און הינטער-ווילעכטס אַראָפּגעלאָזן זיך פון די טרעפּ, נידעריק בוקנדיק זיך אויף

יעדער טרעפּל. אַ נייער שטאַרקער טראָמפּייטן-שאַל און נאָכהער אַן אויסרוף:

— מאַכט וועג פאַר דעם הויכגעבאָרענעם און מעכטיקן לאָרד עדוואַרד, דעם פּרינץ פון וועלש!

צו דערזעלביקער צייט האָבן אויף די ווענט פון פּאַלאַץ-הויף הויך אויפגעפלאַמט מיט אַ דונער-קלאַפּ אַ צייל פייערן און דער טויזנט-קעפּיקער פאָלקס-געזעמל אויפן טייך האָט אויסגע-בראָכן אין ענטוזיאַסטישע באַגריסונגס-אויסרופן.

און טאָם קענטי, דער העלד פון דעמדאָזיקן גרויסן יום-טוב, האָט זיך באַוויזן פאַרן פאָלק און האָט לייכט פאַרנייגט זיין „קיניגלאַכן" קאָפּ...

ער איז געווען געקליידט אין אַ פּראַכטפולן קאַמיזאָל פון ווייסן אַטלאַס מיט אַ ברוסטדעקל פון פורפור-שטאָף, באַשאָטן מיט בריליאַנטן און אַרומגעניים מיט הערמעלין; אויף זיינע אַקסלען איז געווען אַרויפגעוואָרפן אַ מאַנטל פון ווייסן בראָקאַט אויף אונ-טערשלאַק פון בלויען אַטלאַס, באַפּוצט מיט „דריי פעדערן" — די עמבלעמע פון פּרינץ, דער מאַנטל איז אינגאַנצן באַשאָטן גע-ווען מיט פּערל און שאַץ-שטיינער און האָט זיך פאַרשפּילעט מיט אַ בריליאַנטענעם האָקן. אויפן האַלז האָט ער געטראָגן דעם צייכן פון „זאָקן-בענדל-אָרדען" — אַן אָרדען אין וועלכן עס זיינען אָנ-גענומען געוואָרן מיטגלידער פון קיניגלאַכן יחוס — און אַנדערע אויסלענדישע אָרדענס, אַלע באַשאָטן מיט דימענטן און בריליאַנטן, וואָס האָבן געפינקלט און געשפּילט געגן די שטראַלן פון דער זון.

אָ, טאָם קענטי, געבאָרן אין אַ חורבה דערצויגן אין לאָנדאָנער רינשטאָקן, גוט באַקאַנט מיט טראַנטעס, שמוץ און דלות, — וואָס פאַר אַ וואונדערבילד דו זעסט פאַר דיינע אויגן!

---

# צענטער קאַפּיטל.

## דער פּרינץ און דער קלעם.

מיר האָבן איבערגעלאָזן דזשאָן קענטי, שלעפנדיק דעם אמתן פּרינץ אין שמוק-געסל מיט אַ טומלדיקן און לוסטיקן המון הינטער זיך. צווישן דעם גאַנצן המון האָט זיך געפונען בלויז איין מענטש, וואָס האָט אַריינגעוואָרפן אַ גוט וואָרט פאַר אים, אָבער קיינער האָט זיך אויף אים ניט אומגעקוקט. ס'איז אַ ספק צי האָט מען אים איבערהויפּט געהערט — אזוי גרויס איז געווען דער טומל און די קולות פון המון, פאַר וועלכן יעדער צופאַל איז אַן אומזיסטע פאַרוויילונג.

דער פּרינץ האָט ניט אויפגעהערט צו ראַנגלען זיך פאַר זיין פרייהייט און פּראָטעסטירן קעגן דער אכזריותדיקער באַהאַנדלונג, ביז דזשאָן קענטי האָט פאַרלאָרן דאָס ביסל געדולד, וואָס ער האָט נאָך געהאַט און האָט אויפגעהויבן זיין דעמבענעם שטעקן איבער דעם פּרינצס קאָפּ. דאָ איז דעם פּרינצס איינציקער באַשיצער אונטערגעשפּרונגען אָפּצווענדן קענטיס האַנט, און די דובינע איז געפאַלן אויף זיין אייגענעם אָרם.

— דו וועסט זיך מיר אַריינמישן, וועסטו זיך? — נאַ דיר־זשע! — האָט דזשאָן קענטי אויסגעשריען, און מיטן גאַנצן כוח אַראָפּגעלאָזן די דובינע אויף דעם באַשיצערס קאָפּ.

עס האָט זיך דערהערט אַ קרעכץ און אַ טונקעלע געשטאַלט האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אויף דער ערד צווישן די פיס פון המון וואָס איז דורך דעמדאָזיקן צופאַל אויף קיין איין האָר ניט געשטערט געוואָרן אין זיין פאַרוויילונג.

אינגיכן האָט דזשאָן קענטי אַריינגעשלעפּט דעם פּרינץ

צו זיך אין דירה, פאַרשליסנדיק די טיר הינטער זיך. ביי דעם שוואַכן שיין פון אַ חלב־ליכטל האָט דער פּרינץ ווי עס איז געקענט באַטראַכטן דעם עקלהאַפטן גנבים און שלעפּער־נעסט און זיינע איינוואוינער. אין איין ווינקל זיינען געזעסן צוגעטוליעט צום וואַנט צוויי שמוציקע, ניט פאַרקאַמטע מיידלאַך און אַ מיטל־יאָריקע פרוי. אויף זייערע פּנימער איז געלעגן דער אויסדרוק פון שרעק ווי ביי חיות, וואָס זיינען געוואוינט צו שלעכטער באַהאַנדלונג און וואָס וואַרטן יעדער מינוט אויף קלעפּ. פון אַ צווייטן ווינקל האָט זיך אַרויסגערוקט אַן אַלטע מכשפה מיט פונאַנדערגעלאָזענע גראָע האָר און מיט בייזע אויגן.

דזשאָן קענטי האָט זיך געווענדט צו דער אַלטער:

— האָרך נאָר! אַ פיינע קאָמעדיע האָבן מיר דאָ! שלאָג אים ניט איבער ביז דו וועסט זיך ניט רעכט פאַרוויילן. דערנאָך לאָז אים פילן דיין שווערע האַנט, וויפל דיין האַרץ גלוסט. קום נאָר אַהער, דו יאַט! לייג נאָר אַרויס דיין משוגעת נאָכאַמאָל. זאָג ווי רופט מען דיר און ווער דו ביסט.

רויט ווערנדיק פון כּעס, האָט דער פּרינץ אויפגעהויבן זיין צאָרנדיקן און פעסטן בליק אויף קענטין און געזאָגט:

— נאָר דיין אומערצויגנקייט קען דיר ברענגען דערצו, אַז אַזעלכע ווי דו זאָלן מיר באַפעלן צו ריידן. איך זאָג דיר נאָכאַמאָל דאָס זעלביקע וואָס איך האָב פריער געזאָגט: איך בין עדוואַרד, דער פּרינץ פון וועלש און ניט קיין אַנדערער.

פון גרויס איבערראשונג איז די אַלטע מכשפה ווי צוגעוואָקסן צו דער ערד געוואָרן און עס האָט איר אַזש דער אָטעם פאַרכאַפּט. זי האָט געקוקט אויף דעם פּרינץ מיט נאַריש פאַרוואונדערטע אויגן, וואָס האָט זייער אַמוזירט איר מערדערישן זון, און ער האָט אויסגעשאָסן אין אַ ווילדן געלעכטער. אָבער אויף טאָמס מוטער און שוועסטער האָט עס געמאַכט גאָר אַן אַנדער איינדרוק. ניט קוקנדיק אויף זייער מורא פאַר קלעפּ, זיינען זיי פאַרצווייפלטע און דערשראָקענע צוגעלאָפן צום פּרינץ, אויסרופנדיק:

— אָ, אָרימער טאָם, אָרים קינד!

די מוטער איז אַ פאַל געטאָן פאַרן פרינץ אויף די קני און, קוקנדיק אויף אים מיט טרערן־פאַרלאָפענע אומרואיקע אויגן, האָט זי געזאָגט:

— אָ, מיין אָרים ייִנגעלע! דיין נאַריש לייענען האָט עס געבראַכט דערצו! די ביכלאַך האָבן ביי דיר דיין פאַרשטאַנד גערויבט! אָ, פאַרוואָס ס'טו מיר ניט געפאָלגט, ווען כ'האָב דיר געוואָרנט לאָזט אַזוי פיל ניט לייענען?

דער פרינץ האָט אַריינגעקוקט אין איר פּנים און צערט־לאַך געזאָגט:

— דיין זון איז געזונט און איז ניט משוגע, גוטע פרוי. זיי געטרייסט. לאָז מיך צום פּאַלאַץ, וואו ער איז איצט, און דער קיניג, מיין פאָטער, וועט דיר אים גלייך צוריקשיקן.

— דער קיניג, דיין פאָטער!—האָט די מוטער פאַרבראָכן די הענט,—אָ, מיין קינד! ניט רייד אַזעלכע ווערטער, וואָרים זיי שמעקן מיט טויט פאַר דיר און מיט אומגליק פאַר אַלע, וואָס זיינען נאָענט צו דיר! טרייסל אָפּ פון זיך דעמדאָזיקן בייזן חלום, רוף צו הילף [illegible]יין פאַרלאָרענעם זכרון. גיב אַ קוק אויף מיר: בין איך דע[illegible] דיין מוטער. וואָס האָט דיך געבוירן און ליבט דיך?

דער [illegible]ץ האָט בוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און אומוויליק געזאָגט:

— איין גאָט ווייס, אַז איך וואָלט געוואָלט פאַרהיטן דיין האַרץ פון שמערץ, אָבער עס איז וואַר, אַז איך האָב קיינמאָל ביז איצט דיין פּנים ניט געזען.

די פרוי האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אויף דער ערד און, פאַר־דעקנדיק דעם פּנים מיט די הענט גענומען יאָמערן און קלאָגן.

— זאָל די פאָרשטעלונג ווייטער אָנגיין! — האָט קענטי אויסגעשריען,—נאַן, בעט, איר אומערצויגענע מוידרילעס! וואָס פאַר אַ העזה צו שטיין אין דעם פּרינצס געגנוואַרט?! אויף די קני, איר שלומפּערס, און בוקט זיך צו אים!

און ער האָט ווידער אויסגעשאָסן מיט אַ הירזשעריי ווי אַ פערד.

די מיידלאַך האָבן גענומען אומדרייסט בעטן פאַר זייער ברודער, און נאַן האָט געזאָגט:

— ווען דו וואָלסט אים געלאָזן לייגן זיך, פאָטער. שלאָף און רו וועט היילן זיין משוגעת! זע, לאָז אים!

— טו דאָס, פאָטער—האָט בעט אויך געבעטן — ער איז היינט מער מיד ווי געוויינלאַך. מאָרגן וועט ער צו זיך קומען, וועט ער בעטלען פלייסיקער ווי שטענדיק און וועט שוין ניט קומען אַהיים מיט ליידיקע הענט.

דידאָזיקע באַמערקונג האָט אויסגעניכטערט קענטין פון זיין פריילאכקייט און געגעבן זיינע געדאַנקען אַ מער פראַקטישע ווענדונג. ער האָט זיך מיט כעס געווענדט צום פרינץ און געזאָגט:

— מאָרגן דאַרפן מיר צאָלן צוויי פעניס דעם באַלעבאָס פון דער־דאָזיקער לאָך. צוויי פעניס—דו פאַרשטייסט—פאַר אַ האַלב יאָר דירה־געלט. ווען ניט, שליידערט מען אונז פונדאַנען אַרויס. ווייז נאָר וואָס האָסטו אויפגעקליבן מיט דיין פוילער בעטלעריי.

באַליידיק מיר ניט מיט דיינע געמיינע געשעפטן, — האָט דער פרינץ געזאָגט,—איך זאָג דיר נאָכאַמאָל: איך בין דעם קי־ניגס זון.

אַ זעץ מיט זיין געזונטער לאַפּע איבערן אַקסל האָט אָפּגע־וואָרפן דעם פרינץ אין די אָרעמס פון דער פרוי קענטי, וואָס האָט אים צוגעדריקט צו איר ברוסט. אונטערשטעלנדיק איר איי־גענעם קערפּער אונטער דעם האָגל קולאַקעס און סטוסאַקעס, וואָס האָבן געזאָלט פאַלן אויף איר „קינד.“

די דערשראָקענע מיידלאַך האָבן זיך אָפּגערוקט אין זייערע ווינקלען, אָבער די באָבע איז אייפעריג צוגעגאַנגען פאָראויס און גענומען העלפן איר זון.

דער פרינץ איז אָפּגעשפרונגען פון מיסיס קענטי און אויס־געשריען:

— דו זאָלסט ניט ליידן דורך מיר, מאַדאַם. זאָלן דידאָזיקע שווינען טאָן זייער ווילן איבער מיר אַליין.

דידאָזיקע ווערסער האָבן אַזוי אויפגעקאָכט די „חזירים“, אַז

זיי האָבן זיך גענומען צו דער אַרבעט ניט פאַרלירנדיק קיין צייט. פריער האָבן זיי גוט צעהרגעט דעם יינגל, דערנאָך האָבן זיי זיך גענומען פאר די צוויי מיידלאַך און זייער מוטער דערפאַר, וואָס יענע האָבן ארויסגעוויזן מיטגעפיל צו דעם קרבן.

— נו און איצט — שלאָפן! אַלע ביז איינעם! די פּאַרוויילוגג האָט מיר מיד געמאַכט.

די ליכט איז אויסגעלאָשן געוואָרן און די גאַנצע פאַמיליע האָט זיך צעלייגט. ווי נאָר דאָס שנאָרכען פון ק ע נ ט י און זיין מוטער האָבן אָנגעזאָגט, אַז זיי זיינען איינגעשלאָפן, זיינען די יונגע מיידלאַך צוגעפּויזעט צו דעם פּרינצס געלעגער און איינגעדעקט אים מיט שטרוי און שמאַטעס אים זאָל ניט קאַלט זיין. זייער מוטער האָט זיך אויך צוגערוקט צו אים, געגלעט אים די האָר, געווייגט איבער אים און געשעפּטשעט אין זיין אויער געבראָכענע טרייסט-ווערטער און צערטלאַכקייט. זי האָט פאַר אים אָפּגעשפּאָרט עפּעס צו עסן אויך, אָבער זיינע ווייטאָקן האָבן ביי אים אָפּגענומען דעם אַפּעטיט — ווייניקסטנס, האָט ער קיין חשק ניט געהאַט צו פאַרדאַרטע שטיקלאַך שוואַרץ ברויט. ער איז גערירט געוואָרן פון איר מוטיקע באַשיצונג, פאַר וועלכער זי האָט אַזוי טייער באַצאָלט און פון איר מיטגעפיל. אין איידעלע און עכט-פּרינצלאַכע ווערטער האָט ער איר געדאַנקט פאַר איר גוט האַרץ, געבעטן גיין שלאָפן און באַמיען זיך צו פאַרגעסן אירע צרות. ער האָט צוגעגעבן, אַז זיין פאָטער, דער קיניג, וועט ניט לאָזן איר פריינדלאַכקייט און איבערגעבנקייט אומבאַלוינט.

די צוריק-געקומענע „משוגעת" האָט אויף דאָס ניי צעבראָכן איר האַרץ. זי האָט אים ווידער און ווידער געדריקט צו איר האַרצן און איז אַוועק אויף איר געלעגער, באַגיסנדיק זיך מיט ביטערע טרערן.

ליגנדיק פאַרטיפט אין טרויעריקע געדאַנקען און באַטראַכטנדיק אַלץ, וואָס דאָ איז געשען, — האָט זיך צו איר פאַרגנבעט אַ געדאַנק, אַז אין דעם יינגל איז פאַראַן עטוואָס אַזוינס, וואָס עס איז ניט געווען אין ט אָ מ ע ן, אַ קלאָרן אָדער אַ משוגענעם. זי וואָלט עס ניט געקענט אויסדריקן, זי וואָלט ניט געקענט זאָגן אקוראַט

וואָס אַזוינס איז עס, אָבער איר איידעלער מוטער־אינסטינקט האָט עס געפילט און פאַרשטאַנען.

וואָס, אויב דערדאָזיקער יינגל איז טאַקע ניט איר זון?

„אָ, נאַרישקייטן!" ניט קוקנדיק אויף איר צער און זאָרג, האָט זי כמעט אַשמייכל געטאָן ביי דעם געדאַנק.

אָבער ניט אַכטנדיק אויף די „נאַרישקייט" פון דעם געדאַנק האָט ער איר פאַרפאָלגט, באַאומרואיקט, געפייניקט און ניט געלאָזן באַפרייען זיך פון אים, צום סוף האָט זי פאַרשטאַנען אַז כל־זמן זי וועט ניט געפינען עפּעס אַ מיטל וואָס זאָל איינמאָל פאַר אַלעמאָל און אָן שום ספק קלאָר מאַכן צי דער־יינגל איז איר זון אָדער ניט,—וועט זי פון דעם פיינפולן געדאַנק קיין רו ניט האָבן. יאָ, דאָס איז דער איינציקער אויסוועג פון דער פאַר־לעגנהייט. זי האָט זיך דעריבער גלייך גענומען אויסצוטראַכטן דעם פּרוב־מיטל. אָבער ס'איז גרינגער געווען צו באַשליסן זיך, איידער אויסצופירן עס. זי האָט צוגעטראַכט איין פּרוב נאָכן צווייטן. אָבער זי האָט זיי געמוזט איינס נאָכן אַנדערן אָפּוואַרפן, ווייל קיין איינער איז ניט געווען גוט גענוג און זיכער גענוג. און אַ ניט אומבאַדינגט זיכערע פּראָבע וועט איר ניט צופרידנ־שטעלן. אומזיסט, אַ פּנים, ברעכט זי דעם מוח: זי וועט גאָרנישט אויסקלערן. ווען דערדאָזיקער טרויעריקער געדאַנק האָט דורכגע־שוועבט איר מוח, האָט איר אויער געכאַפּט דעם יינגלס רעגלמע־סיקן אָטעמען, און זי האָט פאַרשטאַנען, אַז ער איז איינגעשלאָפן. און ווי זי איז אַזוי געלעגן און צוגעהערט זיך, איז דאָס רעגל־מעסיקע אָטעמען איבערגעבראָכן געוואָרן דורך אַ לייכטן, דער־שראָקענעם געשריי, ווי איינער שרייט אויס אין אַ שלעכטן חלום. דידאָזיקע צופעליקע געשעעניש, האָט איר פּלוצלונג געגעבן אַ פּלאַן וואָס איז ווערט געווען מער וויפל אַלע אירע פריערדי־קע פּלענער צוזאַמענגענומען. זי האָט זיך גלייך גענומען שטיל אָבער איילנדיק אָנצוצינדן אַ ליכט, מורמלענדיק צו זיך אַליין: „ווען איך זאָל אים נאָר זען בעת־מעשה, וואָלט איך גלייך גע־וואוסט צי ער איז מיין זון אָדער ניט. זינט יענעם טאָג, ווען פאַר זיין פּנים האָט אויפגעריסן פּולווער, — האָט קיין איין מאָל ניט

פּאַסירט ער זאָל ניט פאַרשטעלן מיטן האַנט די אויגן יעדעס מאָל, ווען מען שלאָגט אים פּלוצלונג איבער זיינע געדאַנקען אָדער ער דערשרעקט זיך אין שלאָף, פּונקט מיט דער זעלביקער באַוועגונג ווי דעמאָלט, ניט ווי אַלע מענטשן מיט דער האַנטפלאַכע אינעווייניק, נאָר שטענדיק פאַרקערט: מיט דער האַנטפלאַכע אויסווייניק — זיך האָב עס געזען הונדערט מאָל און עס איז קיינמאָל אַנדערש ניט געווען און קיינמאָל ניט פאַרפעלט. יאָ, איך וועל זיך באַלד איבערצייגן".

זי האָט פּאַוואָלינקע אונטערגעפירעט צום ייִנגל, פאַרשטעלנדיק די ברענענדיקע ליכט מיטן האַנט. זי האָט זיך פאַרזיכטיק אָנגעבויגן איבער אים. קוים אָטעמענדיק פון איינגעהאַלטענער אויפרעגונג. נאָכהער האָט זי מיטאַמאָל אַוועקגענומען די האַנט אַזוי, אַז דאָס ליכט האָט אים אַ בליץ געטאָן גלייך אין פּנים אַריין, און האָט אַ קלאַפּ געטאָן מיטן האַנט אָן פאַדלאָגע האַרט לעבן זיין אויער. דער פרינץ האָט ברייט אויפגעעפנט די אויגן, געוואָרפן אַ צעשראָקענעם בליק אַרום זיך, אָבער קיין שום באַזונדערע באַוועגונג מיטן האַנט ניט געמאַכט.

די אומגליקלאַכע פרוי איז ווי פון אַ דונער געטראָפן געוואָרן פון צער און איבעראַשונג. אָבער זי האָט זיך באַמיט צו פאַרבאָרגן אירע געפילן און איינצושלעפערן דאָס ייִנגל אויפסניי. דאַן איז זי צוריק געגאַנגען אויף איר אָרט און גענומען באַטראַכטן דעם טרויעריקן רעזולטאַט פון איר פּראָבע. זי האָט זיך געמאַטערט איינריידן, אַז טאָמער משוגעת האָט אויך אָפּגעמעקט זיין געוויינלאַכע האַנטבאַוועגונג, אָבער זי האָט עס ניט געקענט: „ניין — האָט זי זיך געזאָגט, — זיינע הענט זיינען ניט משוגע און זיי וואָלטן ניט געקענט פאַרגעסן אַזאַ אַלטע געוואוינהייט אין אַזאַ קורצע צייט. אָ, וואָס פאַר אַ שווערער טאָג היינט איז פאַר מיר!"

דאָך האָט די האָפנונג איצט ניט געוואָלט אָבטרעטן, ווי פריער דער ספק. זי האָט בשום אופן ניט געקענט צווינגען זיך צו גלויבן אין דעם רעזולטאַט פון איר פּראָבע, און זי האָט נאָך אַמאָל און ווידער אַמאָל פּלוצלונג געוועקט און געשראָקן דאָס

ייִנגל, אָבער דער רעזולטאַט איז יעדעס מאָל געווען דער זעלביקער. דאַן האָט זי זיך אַוועקגעשלעפּט צו איר געלעגער און איז אַ פּאַל געטאָן שלאָפן, זאָגנדיק צו זיך אַליין: „אָבער איך קען זיך פון אים ניט אָפּזאָגן! אָ, ניין, איך קען ניט, איך קען ניט, ער מוז זיין מיין קינד!

ווען די אומגליקלאַכע מוטער האָט אויפגעהערט צו שטערן דעם פּרינצס שלאָף און זיינע ווייטאָקן זיינען ביסלאַכווייז קלענער געוואָרן,—איז ער פון גרויס מידקייט צום סוף איינגעשלאָפן מיט אַ פעסטן, דערקוויקנדיקן שלאָף. שעה נאָך שעה איז פאַרבייגעגאַנגען און ער האָט אַלץ געשלאָפן ווי אַ טויטער. אַזוי האָט ער אָפּגעשלאָפן אַ שעה פיר אָדער פינף. נאָכהער האָט זיין פאַרגליווערונג גענומען פאַרבייגיין. און ער האָט האַלבשלעפעריק האַלבוואָך, געמורמלט:

— סער ווילי אַם!...

און אין אַ מינוט אַרום ווייטער:

— ע, כער ווילי אַם הערבערט! דערנענטער זיך נאָר אַהער און הער וואָס פאַר אַ מאָדנער חלום... סער ווילי אַם! טוסטו הערכן?... מענטש איינער, מיר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז איך בין פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ בעטלער... ע, ווער איז דאָרטן? וועכטער! סער ווילי אַם! וואָס? אַפילו קיין דעזשורנער לאַקיי איז ניטאָ? אָ, דאָס וועט זיי גלאַט ניט...

— וואָס פעלט דיר—האָט אים עמיצער שטיל געפרעגט,— וועמען רופסטו?

— ווילי אַם הערבערט רוף איך. און ווער ביסטו?

— ווער זאָל איך זיין, אויב ניט דיין שוועסטער נאַן? אָ, טאָם, איך האָב גאָר געווען פאַרגעסן. דו ביסט דאָך, נעבאַך, משוגע, אָרימער ייִנגל, ביסט נאָך אַלץ משוגע! הלוואַי וואָלט איך בעסער ניט אויפגעשטאַנען צו זען עס! אָבער, איך בעט דיך, באַהערש דיין צונג, אַז ניט וועט ער אונז אַלעמען דערהרגענען צום טויט.

דער דערשראָקענער פּרינץ האָט אַ שפּרונג געטאָן, אָבער דער שאַרפער ווייטאָק אין זיינע צעשלאָגענע גלידער האָבן אים

גלייך דערמאָנט אָן דער ווירקלאַכקייט און ער איז צוריק אַ פּאַל געטאָן מיט אַ קרעכץ אויף דעם פּוילן בינטל שטרוי, אויסרופנדיק:

— אָ, נאָך אַלעמען איז עס טאַקע ניט געווען קיין חלום!

אין איין מינוט האָט ער ווידער דערפילט זיין גאַנצן צער און פּיין, וואָס אין שלאָף האָט ער פאַרגעסן. איז ער הייסט עס, שוין ניט מער קיין געפּיעסטשעטער פּרינץ, וואָס לעבט אין אַ קייזערלאַכן פּאַלאַץ, ניט קיין פּרינץ, אויף וועמען די אויגן פון אַ גאַנצן פאָלק קוקן מיט ליבע און פאַרגעטערונג, נאָר אַ היימלאָזער, אַ בעטלער, אָנגעטאָן אין טראַנטעס, אַ געפאַנגענער אין אַ פאַרברעכער-נעסט, וואָס פּאַסט זיך בלויז פאַר חיות, אַ חבר פון בעטלער און גנבים.

אינמיטן פון זיינע טרויעריקע געדאַנקען האָט זיין אויער דערגרייכט עפּעס אַ טומל און פריילאַכע אויסגעשרייען ניט ווייט פון שטוב. גלייך נאָך דעם האָבן זיך דערהערט עטלאַכע שאַרפע קלעפּ אין טיר. דזשאָן קענטי האָט אויפגעהערט צו שנאָרכען און געפרעגט:

— ווער קלאַפּט? וואָס דאַרפסטו דאָרטן?

— ווייסטו ווער איז געווען דער, וועמען דו האָסט אַוועקגעלייגט מיט דיין דובינע?—האָט געפרעגט אַ קול פון הינטערן טיר.

— ניין, ניט איך ווייס, ניט איך וויל וויסן.

— מיר דוכט, אַז דו וועסט באַלד בייטן דיין טאָן. אויב דו ווילסט פאַרהיטן דיין האַלז פון תליה, זאָלסטו גלייך אַנטרינען, ווייל דיין קרבן גיט איצט אָפּ זיין נשמה צו גאָט. דאָס איז דער גלח אַנדריו.

— גאָט דערבאַרים זיך! — האָט קענטי אויסגעשריען. ער האָט אויפגעהויבן די גאַנצע פאַמיליע און מיט אַ פאַרשטיקטן קול באַפוילן:

— הייבט זיך אויף אויף אייערע פיס, אַלע ביז איינעם! אָדער פאַרבלייבט אויף אייערע ערטער און קומט אום!

ווייניקער ווי אין פינף מינוט איז די גאַנצע פאַמיליע שוין געווען דרויסן און געלאָפן וואו די אויגן האָבן זיי געטראָגן.

דזשאָן קענעטי האָט געהאַ טן דעם פרינץ פאַרן האַנט און שלעפנדיק אים איבער אַ פינסטערן געסל געוואָרנט אים.

— זאָלסט האַלטן צונג, דו משוגענער נאַר, און ניט זאָגן אונזער נאָמען, דו הערסט? איך וועל מיר אויסקלייבן אַ נייעם, נאָמען, כדי אָראָפּצופירן די געזעץ־היטנט פון שליאַך. האַלט־זשע צונג, דו הערסט!

ווענדנדיק זיך צו די איבעריקע פון דער פאַמיליע האָט ער מיט פאַרקוועטשטע צײַן אויסגעברומט:

— אויב אונז וועט אויסקומען פונאַנדערצעטיילן זיך, זאָל יעדערער האַלטן וועג צום לאָנדאָן־בריק און ווער עס וועט קומען ביז דעם לייוואַנד־הענדלערס קראָם, דער זאָל דאָרטן וואַרטן אויף די איבעריקע, און פון דאָרטן וועלן מיר אַלע אַנטלויפן קיין סאַאוטוואַרק.

אין דעמדאָזיקן מאָמענט איז די פאַמיליע אַרויס פון דער פינסטערניש אין דער ליכטיקייט, און ניט נאָר אין דער ליכטי־קייט, נאָר זי איז אַרײַנגעפאַלן אין רעכטן מיטן פון אַ טומלדיקן און פריילאַכן המון, וואָס האָט געזונגען, געשפרונגען און גע־טאַנצט, צווישן אַ געוואַלדיקן געזעמל, וואָס האָט זיך לוסטיק גע־מאַכט אויפן ברעג פון דער טעמזע. דער גאַנצער ברעג, ווי ווייט דאָס אויג האָט געכאַפּט, איז באַדעקט געווען מיט פריידנס־פייערן. לאָנדאָן־בריק איז געווען אילומינירט; סאַאוטוואַרק־בריק — דאָס גלייכן; די טעמזע גופא האָט אינגאַנצן געפלאַמט מיט פייערן און געפינקלט מיט קאָלירטע לעמפּלאַך. ראַקעטן האָבן זיך אָן אויפהער אויפגעהויבן צום הימל און פּלאַצנדיק מיט גע־רויש באַשאָטן דעם ברעג און טייך גופא מיט אַ רעגן פינקלענ־דיקע פונקען, וואָס האָבן פאַרוואַנדלט נאַכט אין טאָג. אומעטום זײַנען געווען לוסטיקע קאָמפּאַניעס; עס האָט אויסגעזען ווי גאַנץ לאָנדאָן וואָלט אַרויסגעשאָטן דרויסן.

דזשאָן קענעטי האָט אַרויסגעלאָזט אַ ווילדע קללה און געהייסן דער פאַמיליע גלייך אָפּטראָגן זיך צוריק, אָבער עס איז שוין געווען צו שפּעט. ער מיט זײַן גאַנצער געזינטל איז [illegible]

פארשלונגען געוואָרן אין דעם מענטשלאַכן בינשטאָק און אין איין מינוט זיינען זיי אָפּגעטיילט געוואָרן איינער פון צווייטן, אַחוץ דעם פּרינץ, וועמען קענטי האָט ניט אַרויסגעלאָזן פון זיין איי- זערנער האַנט.

דעם פּרינצס האַרץ האָט געקלאַפּט מיט האָפענונג, אַז איצט וועט אים געלינגען צו אַנטלויפן. דורכשפּאַרנדיק זיך דורכן גע- זעמל, האָט דזשאָן קענטי אַ שטויס געטאָן אַ געזונטן און גוט פּאַרפּוסטן שיפערמאַן. יענער האָט אַרויפגעלייגט זיין שווערע האַנט אויף קענטיס אַקסל און געזאָגט:

— ע, וואוהין טראָגט דיך, מיין פריינט? פאַרדרייסט זיך אַ מוח מיט בלאָטע עסקים, ווען אַלע געטרייע אונטערטאַנער פון קיניג מאַכן זיך פריילאַך און לוסטיק, האַ?

— דאָס איז מיין עסק, און ניט דיין באָבעס דאגה! — האָט קענטי אָנגעשטויסן געזאָגט. — נעם אַראָפּ דיין לאַפּע און לאָז מיר גיין מיין וועג.

אַז דו ביסט אַזאַ וואוילער יונג, וועסטו ברודערלעב, ניט דורכגיין, ביז דו וועסט ניט טרינקען פאַרן געזונט פון אונזער טראָנפאָלגער, דעם פּרינץ, איך זאָג עס דיר! — האָט דער שיפער- מאַן געזאָגט. און פאַרשטעלט קענטין דעם וועג.

— גיב-זשע דעם בעכער, אָבער גיכער, גיכער!

דער עולם אַרום האָט זיך פאַראינטערעסירט און אויסגע- שריען:

— דעם ליבעס-בעכער! דעם ליבעס-בעכער! זאָל דער פּאַסקודנער יונג טרינקען ברודערשאַפט מיט אונז, אַז ניט וועלן מיר אים שיקן צו די פיש אַלס פאַרבייסן!

מען האָט געבראַכט אַ גרויסן ליבעס-בעכער, דער שיפער- מאַן האָט מיט איין האַנט געהאַלטן דעם בעכער פאַרן הענטל און מיט דער צווייטער האַנט צוגעהאַלטן דעם ברעג פון אַ פּלומרשט. דיקער סערוועטל, ווי עס האָט זיך געפאָדערט לויט די אַלטע מנהגים. קענטי האָט געדאַרפט מיט איין האַנט אָננעמען פאַר

דער צווייטער הענטל און מיט דער צווייטער—עפענען דאָס דעקל פון בעכער *).

דער פרינץ האָט זיך באַנוצט דערמיט, וואָס זיין האַנט איז אויף איין מינוט פריי געוואָרן און איז פאַרשוואונדן צווישן געדיכטן עולם אַרום אים. אין אַ מינוט אַרום איז אים געווען אַזוי שווער צו געפינען אין דעמדאָזיקן לעבעדיקן ים, ווי שווער עס איז צו געפינען אַ מטבעה אין אַטלאַנטישן אָקעאַן.

דער פרינץ האָט עס גלייך פאַרשטאַנען און גענומען באַקלערן וואָס צו טאָן. וועגן ד ז ש אָ ן ק ע נ ט י האָט ער שוין מערניט געטראַכט. ער האָט באַלד באַגריפן נאָך אַ זאַך: אַז אָנשטאָט אים, מאַכט די שטאָט אַ יום־טוב פאַר אַ פאַלשן פרינץ. ער האָט גיך פאַרשטאַנען, אַז דער בעטלער ט אָ ם ק ע נ ט י האָט אויסגענוצט דעם גליקלאַכן צופאַל און שפילט די ראָלע פון דעם אמתן פרינץ. אַלזאָ, בלייבט אים נאָר איבער איין זאַך צו טאָן: דערקלייבן זיך צום ראַטהויז, לאָזן זיך דערקענען און אַראָפרייסן די מאַסקע פון דעם באַטריגער. ער האָט ביי זיך אויך אָפּגעמאַכט, ער זאָל געבן ט אָ מ ע ן גענוג צייט אויף תשובה טאָן און דערנאָך ערשט הענגען אים, טרינקען און פערטלען, ווי עס האָט געפאָדערט דער געזעץ און מנהג פון יענער צייט פאַר מלוכה־פאַרראַט.

*) טרינקען דעם ליבעס־בעכער אָדער ברודערשאַפט איז זייער אַן אַלטער מנהג אין ענגלאַנד. דער מנהג האָט בטפאָדערט, אַז בייביידע טרינקער זאָלן ביידע הענט זיין פאַרנומען, כדי אין דער צייט וואָס זיי האַלטן דעם ליבעס־בעכער מיט איין האַנט, זאָלן זיי מיט דער צווייטער האַנט ניט אַריינרוקן איינער דעם צווייטן אַ שפּיז אין בויך.

# עלפטער קאַפּיטל.

## אין ראַטהויז.

די קיניגלאַכע יאַכט-שיף, באַגלייט פון אַ גאַנצע פלאָטיליע פּראַכטיקע באַרקען און יאַכטען, האָט מיט גרויס פּאַראַד דורכגעשניטן זיך אַ וועג דורך די טויזנטער איליומינירטע שיפלאַך, וואָס האָבן באַדעקט די טעמזע. די לופט איז פול געווען מיט מוזיק, די ברעגן פון טייך זיינען באַדעקט געווען מיט לוסט-פייערן. די ווייטע שטאָט איז איינגעהילט געווען אין אַ גליענדיקע ליכטיקייט וואָס האָט זיך געגאָסן פון די צאָללאָזע יום-טוב פייערן; איבער זיי האָבן זיך אויפגעהויבן צום הימל פינקלענדיקע גאָלדענע טורם-שפיצן, וואָס האָבן אויסגעזען פון ווייטן ווי אין דער הויך געוואָרפענע שפיזן, באַפּוצט מיט עדעל-שטיינער. די גאַנצע צייט וואָס דער קיניגלאַכער שיף-צוג האָט זיך באַוועגט, איז ער באַגריסט געוואָרן פון די ברעגן מיט פרייד, געשרייען ביז צו הייזעריקייט און מיט אַ שיסעריי פון האַרמאַטן אָן אַן אויפהער.

פאַר טאָם קענטי, וואָס איז געלעגן האַלב-פאַרזונקען אין זיינע זיידענע קישנס, זיינען דידאָזיקע קלאַנגען און דער גאַנצער אומבאַשרייבלאַכער בילד געווען עטוואָס אויסערגעוויינלאַך ערהויבענעס און וואונדערבאַרעס. אָבער פאַר זיינע צוויי קליינע פריינד — פאַר דער פּרינצעסין עליזאַבעט און פאַר דער לעדי דזשעני, וואָס זיינען געזעסן פון זיינע ביידע זייטן, איז עס געווען איינע פון די געוויינלאַכסטע זאַכן.

צושווימענדיק ביז דאָאוגייט, האָט זיך דער שיפן-צוג געלאָזן איבער די דורכזיכטיקע וואַסערן פון וואָלברוק קאַנאַל וואָס איז שוין איצט העכער צוויי הונדערט יאָר פאַרשאָטן און

אויף וועלכן עס שטייען גאַנצע מיילן געביידעס.) אַראָג צו
בעקלעס-בערי, פאַרביי הייזער און אונטער העל-איליומינירטע
בריקן, וואָס זיינען באַלאַגערט געווען מיט לוסטיקן עולם, ביז זיי
האָבן זיך צום סוף אָפּגעשטעלט אין אַ באַסיין, וואו עס געפינט
זיך איצט באַרקן-יאַרד, אין רעכטן מיטלפּונקט פון דער
שטאָט לאָנדאָן.

טאָם איז אַרויס פון זיין יאַכט און איז אין דער באַגליי-
טונג פון זיין גלענצענדער סוויטע דורכגעגאַנגען מיט דער גאַנצער
פּראָצעסיע איבער טשיפּסייד גאַס איבער אַלט-ריכטער גאַס
און בייסינגהאָל גאַס צום ראַטהויז.

דער לאָרד-מער און די ראַטמענער אין זייערע פּורפּור-מאַנט-
לען און גאָלדענע קייטן האָבן מקבל פנים געווען טאָמען און
זיינע דאַמען מיט געהעריקן כבוד און אונטערגעפירט זיי אונטער
אַ פּראַכטפולער חופה אויבן אָן פון גרויסן שטאָט-זאַל. פאַרויס
זיינען געגאַנגען העראָלדן מיט דעם שטאָט-רוט און שטאָט-שווערד
אין די הענט און אויסגערופן וועגן דעם פּרינצס אָנקומען.

די לאָרדן און דאַמען פון טאָמס און דער פּרינצעסינס
סוויטע, האָבן פאַרנומען זייערע ערטער הינטער זיי.

ביי אַ צווייטן טיש, אַ ביסל נידעריקער זיינען געזעסן די
הויף-לייט, און אַנדערע פאָרנעמע געסט פון גרויס יחוס צוזאַמען
מיט די שטאָט-מאַגנאַטן. די מיטגלידער פון פּאַרלאַמענט האָבן זיך
צוזעצט ביי באַזונדערע קליינע טישלאַך איבערן גאַנצן זאַל. די
אַלטע סטאַטועס פון גוג ומגוג—די סימבאָלישע שומרים פון דער
שטאָט — האָבן גלייכגילטיק געקוקט פון זייערע הויכע פּיעדעס-
טאַלן אויף דעם בילד, וואָס זיי זיינען פאַר דורות און דורות
געוואוינט געווען צו זען.

עס האָט זיך דערהערט אַ טרומייטער-קלאַנג און ס'איז גע-
מאָלדן געוואָרן, אַז דער מאָלצייט האָט זיך אָנגעהויבן. ביי דער
לינקער וואַנט האָט זיך באַוויזן אַ דיקער קעלער-מייסטער, הינטער
וועלכן עטלעכע דינער האָבן מיט געהעריקער פייערלעכקייט גע-
טראָגן אַן עכט קיניגלעכן בראָטנס, וואָס האָט זיך ממש געבעטן
אונטערן מעסער:

נאָך דער תפילה איז טאָם אויפגעשטאַנען (מען האָט אים שוין אויסגעלערנט) — און מיט אים דער גאַנצער זאַל — און האָט געטרונקען פון אַ גרויסן גאָלדענעם ליבעס-בעכער מיט דער פּרינ־צעסין עליזאַבעט. פון איר איז דער בעכער איבערגעגאַנגען צו דער ליידי דזשעני און נאָכהער איז ער אַרומגעגאַנגען די גאַנצע פאַרזאַמלונג.

אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן דער באַנקעט.

אַרום האַלבער נאַכט איז דער מאָלצייט געווען אין רעכטן בּרען, איצט האָט זיך אָנגעהויבן איינע פון יענע וואונדערשיינע פאָרשטעלונגען, וואָס זיינען אַזוי באַליבט געווען אין יענע אַלטע צייטן. אין די אַלטע כראָניקעס באַשרייבט איינער, וואָס איז דער־ביי געווען די פאָרשטעלונגען אין אַזעלכע ווערטער:

„מען האָט געמאַכט אָרט און אָט האָבן זיך באַוויזן אַ באַ־ראָן און אַ גראַף פאַרשטעלט פאַר טערקן: אין לאַנגע זיידענע מיט גאָלד באַשפּרינקלטע כאַלאַטן, אין רויטע סאַמעטענע טשאַלמעס, אַרומגערינגלט מיט דיקע גאָלדשנורן; אויף די דיקע גאָלדענע גאַרטלען זיינען ביי זיי געהאַנגען צו צוויי טערקישע קרומע שווערדן. נאָך זיי זיינען אַרויסגעגאַנגען אַ צווייטער באַראָן מיט אַ צווייטן גראַף, אָנגעטאָן אויפן רוסישן שטייגער: אין לאַנ־גע געלבע אַטלעסענע כאַלאַטן מיט ווייסע פּאַסן אין דער ברייט. נאָך יעדער ווייסן פאַס איז אָנגענייט געווען אַ פּאַס פון רויטן סאַמעט. אויף די קעפּ האָבן זיי געטראָגן גרויסע פעלצענע היטלען, אין די הענט האָט יעדערער געהאַלטן אַ האַק און אויף די פיס האָבן זיי געטראָגן שטיוול מיט שאַרפע אין דער הויך־פאַרבייגטע נעזער. יעדערער אַ פּוס די לענג. נאָך זיי זיינען אַרויסגעגאַנגען אַ ריטער, נאָך אים דער לאָרד־אַדמיראַל מיט פינף נאָבלמענער, אָנגעטאָן אויף דעם פּרייסישן שטייגער אין קאַמיזאָלן פון רויטן סאַמעט מיט טיפע אויסשניטן פון פאָרנט און פון הינטן און פאַר־שנורעוועט אויפן ברוסט מיט זילבערנע קייטלאַך; אויבן האָבן זיי געטראָגן קורצע מאַנטלען פון רויטן אַטלעס. אויף די קעפּ — גרוי־סע היט, באַפּוצט מיט פאַזאַנען־פעדערן, ווי עס האָבן געטראָגן די טענצער, פון יענער צייט. די פאַקל־טרעגער, אַן ערך אַ מאַן

הונדערס, זיינען געווען פארשטעלט פאר נעגערס; די פנימער אָפּ־געשוואַרצט, און אָנגעטאָן אין רויט־און־גרין סאַמעטענע קליידער. דערנאָך זיינען געקומען שוי־שפּילערס, קאָמעדיאַנטן, זינגער, טענצער, לאָרדן און דאַמען, וואָס האָבן אַלע געטאַנצט אַ ווילדן טאַנץ, אַז ס׳איז געווען נאָר אָנצוקוקן״.

אין דער צייט וואָס טאָם האָט פון זיין הויכן געזעס אָנ־געקוקט דעם „ווילדן״ טאַנץ, און איז אַנטציקט געווען פון דער קאַליידעסקאָפּישער פאַרבן־ווערקסלונג, וואָס האָט זיך ווי אַ שטורעם־ווינט געדרייט פאַר זיינע אויגן, — אין דעררועלביקער צייט האָט דער אמתער פּרינץ געקליידט אין שמאַטעס, געפּאָדערט זיינע רעכט. געטאַדלט דעם פאַלשן פּרינץ און געריסן זיך אַריינצוגיין אין שטאָט־זאַל! דער המון האָט זיך גוואַלדיק געוויילט מיט דעם־דאָזיקן אומגעריכטן צופאַל און האָט זיך געשטופּט און געשטויסן פאָראויס אָנצוקוקן מיט אויסגעצויגענע העלזער דעם קליינעם סקאַנדאַליסטל.

באַלד האָט דער המון אָנגעהויבן צו רייצן און אָפּצולאַכן פון אים, כדי אַריינצובריינגען אים אין מער היץ. טרערן פון צאָרן און באַליידיקונג האָבן אָנגעפילט זיינע אויגן, אָבער ער האָט אָנגעהאַלטן דעם שפּאַס פון המון מיט אַן עכט קייזערלאַ־כער ווערדע. דער המון האָט זיך אָבער ניט באַרואיקט און דער פּרינץ איז לסוף אַרויס פון געדולד און אויסגעשריען:

— איך זאָג אייך נאָך אַמאָל, איר באַנדע שמוציקע הינט־איך בין דער פּרינץ פון וועלש! און ווי עלנט און ווי פאַרלאָזן איך זאָל ניט זיין, אָן איין מענטשן, וואָס זאָל מיר העלפן אָדער אַ גוט וואָרט זאָגן, וועל איך זיך דאָך ניט אונטערגעבן און וועל פעסט האַלטן און פאַרטיידיקן מיינע רעכט!

— דו ביסט פּרינץ אָדער ניט פּרינץ—דאָס איז אַלץ איינס. ווי די זאַך איז—דו ביסט אַ בראַווער, מוטיקער יינגל, און ניט אָן פריינד אויך. איך שטיי ביי דיין זייט צו איבערצייגן עס. און ווייסט וואָס כ׳וועל דיר זאָגן: דו׳סט זיך געקענט אָנשטויסן אויף אַן ערגערן פריינד ווי מיילס הענדאָן, בפרט ווען דו האָסט ניט מטריח געווען דיינע פיס צו זוכן אים אויך. רייס זיך ניט

דיין קליין העלול, מיין קינד. איך וועל שוין פאַר דיר ריידן מיט דידאָזיקע געמיינע לעכער־מייז אויף זייער אייגענעם לשון.

דער פאַרשוין, וואָס האָט זיך אָנגענומען דעם פּרינצס קריוודע איז אין זיין אויסזען און זיין האַלטונג און קליידונג געווען אַ מין שפּאַנישער דאָן צעזאַר דע באַזאַן. ער איז געווען הויך־געוויקסיק, פעסט געבוים און מיט געזונטע מוסקלען. זיין קאַמיזאָל און הויזן זיינען געווען פון טייערן שטאָף, אָבער אָפּגעבלאַקירט, אויסגעריבן און די גאָלד־שנורן מיט וועלכע זיי זיינען אַרומגענייט געווען, — שטאַרק פאַרטונקלט. זיין האַלזבאַנד איז געווען מיאוס צעריבן און שמוציק, די פעדערן אויפן בריטן הוט — צעבראָכן און פאַרשמוצט. אויף זיין גורט איז געהאַנגען אַ ראַפּיר אין אַ פאַרראָסטער אייזערנער שייד. נאָך זיין האַלטונג נאָך האָט מען געקענט זען, אַז דאָס איז ניט פון די שרעקנדיקע מענטשלאַך.

די רעדע פון דעמדאָזיקן מאָדנעם פאַרשוין איז אויפגענו־מען געוואָרן מיט חוזק און געלעכטער. פון אַלע זייטן האָבן זיך דערהערט קולות: „דאָס איז נאָך אַ פאַרשטעלטער פּרינץ!..״ „האַלט דיין צונג, פריינד, וואָרים ער איז געפערלאַך!...״ זעסט, ניט, וואָס? קוק נאָר אָן זיין אויג!...״ גיב נאָר דאָרט אַ פּליק פון אים דעם יאַטל—אין טייך אַריין דאָס הינטל!״

און טאַקע גלייך נאָך דעם איז אויפן פּרינצס אַקסל אַרויפ־געלייגט געוואָרן אַ האַנט, גרייט אויסצופירן די גוטע עצה. אָבער אין דערזעלביקער מינוט האָט דער אומבאַקאַנטער אַרויסגעצויגן זיין שווערד און דערלאַנגט דעם פאַרשוין אַזאַ זעץ מיט דער פלאַכער זייט איבערן קאָפּ, אַז ער איז, ווי אַ סנאָפּ, אַ פאַל געטאָן צו דער ערד.

— הרגעט דעם הונט! הרגעט אים! טויט אים!—האָט גע־שריען דער המון, אַרומרינגלענדיק אים פון אַלע זייטן. דער אומ־באַקאַנטער איז הינטער־איילעכטס אָפּגעטראָטן צו אַ וואַנט און, ווי אַ ווילדער גענומען פאָכן מיט זיין לאַנגן שווערד רעכטס און לינקס. זיינע קרבנות זיינען געפאַלן פון אַלע זייטן, אָבער דער צורייצטער

המון האָט געטראָמפּלט איבער זייערע קערפּערס און נאָך מיט מער רציחה געריסן זיך צום קעמפּפער. עס האָט אויסגעזען, אַז זיינע מינוטן זיינען געציילט און זיין פאַרניכטונג — אומפאַרמיידלאַך, ווען עס האָט זיך מיטאַמאָל דערהערט אַ טראָמפּייטן-סיגנאַל און אַ העראָלד האָט אויסגערופן: „מאַכט אַ וועג פאַר דעם קיניגס שליח!— און אַ מחנה רייטער האָט זיך אַריינגעשניטן צווישן המון, וואָס איז צעלאָפן אין אַלע זייטן אַזוי גיך ווי זייערע פיס האָבן זיי נאָר געקענט טראָגן. דער מוטיקער אומבאַקאַנטער האָט אַ כאַפּ געטאָן דעם פּרינץ אין זיינע אָרעמס, און אין אַ מינוט אַרום איז ער שוין געווען ווייט פון המון און פון געפאַר.

איצט לאָמיר זיך אומקערן צום ראַטהויז.

פּלוצלונג, אין רעכטן מיטן יום-טוב, האָט זיך איבער אַלע פרייד-געשרייען און מאָלצייט-טומל דערהערט אַ קלאָרער האָרן-רוף. אין זאַל איז גלייך שטיל געוואָרן; עס האָט זיך בלויז דער-הערט איין איינציק קול, — דער קול פון דעם הויף-קוריער, וואָס האָט עפּעס פאָרגעלייענט. די גאַנצע פאַרזאַמלונג האָט אים אויס-געהערט שטייענדיק.

די לעצטע ווערטער זיינע זיינען געווען:

— דער קיניג איז טויט!

אין דער גרויסער פאַרזאַמלונג האָבן, אַלע ווי איינער אָנ-געבויגן זייערע קעפּ און זיינען אַזוי פאַרבליבן עטלאַכע מינוט, נאַכהער האָבן זיי זיך אַראָפּגעלאָזן אויף די קני, אויסגעשטרעקט זייערע הענט צו טאָמען און אַ מעכטיקער אויסגעשריי, פון וועלכן דער גאַנצער בנין האָט ווי אַ ציטער געטאָן, האָט פאַרהילכט דעם זאַל:

— לאַנג לעבן זאָל דער קיניג!

טאָם האָט מיט אויפגעריסענע אויגן געקוקט אויף דעם פאַרבלענדנדיק, בילד פאַר זיך, נאַכהער האָט זיין פאַרחלומטער בליק אָפּגעשטעלט זיך אויף די פּרינצעסינס, וואָס האָבן געקניט לעבן זיין זייט און צום סוף — אויף זיין „פעטער" דעם מאַרקיז פון הערטפאָרד.

זיין פּנים האָט פּלוצלונג אָנגענומען אַן אויסדרוק פון

פעסטן באַשלוס און, אָנבויגנדיק זיך צום לאָרד הערטספאָרדס אויער, האָט ער אים שטיל געזאָגט:

— זאָג מיר דעם אמת, אויף דיין ערע און געוויסן! ווען איך זאָל דאָ אָפּגעבן אַ באַפעל, וואָס נאָר אַ קיניג האָט דאָס רעכט און פּריווילעגיע אָפּצוגעבן, וועט ער ערפילט ווערן, און קיינער וועט זיך ניט אַנטקעגן שטעלן צו זאָגן: ניין?

— קיינער אין דער גאַנצער מלוכה, מיין הערשער. אין דיין פּערזאָן באַפעלט די מאַיעסטעט פון ענגלאַנד. דו ביסט קי־ניג—דיין וואָרט איז געזעץ!

דאַן האָט טאָם אין אַ שטאַרקן ערנסטן טאָן געזאָגט:

— אויב אַזוי, זאָל־זשע פון היינט אָן דעם קיניגס געזעץ זיין אַ געזעץ פון גנאָד און באַרמהערציקייט און ניט זיין מער קיין געזעץ פון בלוט! שטיי אויף פון די קני און גיי! לויף געשווינד אין געפענגעניס און לאָז וויסן דעם קיניגס ווילן:

— דער לאָרד נאָרפאָלק זאָל ניט שטאַרבן!

דידאָזיקע ווערטער זיינען אונטערגעכאַפּט געוואָרן און איבערגעגעבן געוואָרן פון מויל צו מויל, ווייט און ברייט איבערן גאַנצן זאַל, און ווען דער לאָרד הערטספאָרד האָט זיך געלאָזן אויספירן דעם קיניגס שליחות, האָט זיך דערהערט אַ צווייטער דונער־געשריי:

— די הערשאַפט פון בלוט איז געענדיקט! לאַנג לעבן זאָל עדוארד, דער קיניג פון ענגלאַנד!

---

# צוועלפטער קאַפּיטל.

## דער פּרינץ און זיין ערלייזער.

ווי נאָר מיילס הענדאָן און דער קליינער פּרינץ האָבן זיך אַרויסגעריסן פון המון, אַזוי האָבן זיי זיך געלאָזן דורך הינטער־געסלאַך צום טייך צו. זיי האָבן אומגעשטערט דערגרייכט לאָנדאָן־בריק, וואו זיי האָבן זיך ווידער אַריינגעשניטן צווישן עולם. הענדאָן האָט די גאַנצע צייט ניט אָפּגעלאָזט דעם פּרינצס — ניין, דעם קיניגס — האַנט. די שרעקלאַכע נייס איז שוין געווען אומעטום באַוואוסט און דער יינגל האָט פון טויזנטער מיילער געהערט: „דער קיניג איז טויט!" „דער קיניג איז טויט!" דעם קליינעם וואַנדערערס האַרץ איז פאַרגליווערט געוואָרן פון דער טרויעריקער נאַכריכט און א שוידער איז דורכגעגאַנגען איבער זיין לייב. ער האָט באַגריפן, וואָס פאַר א גרויסער פאַרלוסט דאָס איז פאַר אים און זיין נשמה איז פאַרזונקען געוואָרן אין טיפן צער, ווייל דער גרויזאַמער טיראַן, וואָס האָט אויף אַלעמען א מורא געוואָרפן, איז צו אים שטענדיק צאַרט געוועזן. זיינע אויגן זיינען פול געוואָרן מיט טרערן און אַלץ אָפּגעמעקט אַרום אים. איין ווילע האָט ער זיך געפילט דער פאַרלאָזנסטער, עלנטסטער, און פאַרגעסנטסטער פון גאָטס באַשעפענישן. אָבער באַלד האָט א צווייטער דונער־געשריי דורכגעשניטן די נאַכט: „לאַנג לעבן זאָל דער קיניג עדוארד דער זעקסטער!" — און דאָס האָט אָנגעצונדן א פייערל אין זיינע אויגן און דורכגענומען זיין גאַנצן קערפּער ביז די שפּיץ פינגער מיט שטאָלץ: „אַך — האָט ער בעקלערט — ווי גרויס און מערקווירדיק דאָס זעט אויס — איך בין קיניג!"

אונזערע פריינד האָבן זיך לאַנגזאַם דורכגעשניטן א וועג

דורך דעם מענטשן־געדרענג ביז זיי האָבן זיך דערשלאָגן צום בריק.

דידאָזיקע געביידע וואָס איז שוין געשטאַנען זעקס הונדערט יאָר און איז שטענדיק געווען אַ טומלדיקער און לעבהאַפטער דורכגאַנגס־אָרט, איז געווען אַ זאַך, ווערט אָנצוקוקן: דער בריק*) איז געווען אַ מין שטאָט פאַר זיך. פון ביידע זייטן „בריק" האָבן זיך געצויגן אַלערליי קראָמען און סקלאַדן מיט דירות פון אויבן; דער „בריק" האָט געהאַט זיין אייגענע אַכסניה, זיינע אייגענע ביר־שענקען, זיינע בעקערייען, זיינע באַקאַליי־געוועלבלאַך, זיין שפייז־מאַרק, זיינע ווערקשטאַטן און אפילו זיין אייגענע קירך. אויף זיינע צוויי שכנים — לאָנדאָן און סאָאוטווערק — וואָס ער האָט פאַראייניקט צוזאַמען, האָט ער געקוקט ווי אויף צוויי פאָרשטעט, ניט מער. דאָס איז געווען, אַזוי צו זאָגן, אַ מין באַזונדער קאָר־פּאָראַציע — אַן אַרט קליינע שטאָט, וואָס איז באַשטאַנען פון איין גאַס אַן ערך אַ פינפטל מייל די לענג. געוואוינט האָט מען ווי אין אַ דאָרף, און איינער האָט געקענט דעם צווייטן אויסגעבונדן מיט די טאַטעס און מאַמעס פאַר זיי, און אַלץ וואָס עס קאָכט זיך ביי יענעם אין טעפּל אַלס צוגאָב. דער „בריק" האָט פאַרשטייט זיך, געהאַט זיין אייגענע אַריסטאָקראַטיע — יחוסדיקע אַלטע משפחות פון קצבים, בעקער וואָס האָבן אין אַ משך פון פינף אָדער זעקס הונדערט יאָר, דור נאָך דור, געוואוינט אין די זעלביקע אַלטע דירות און געוואוסט די גאַנצע טשיקאַווע געשיכטע פונם „בריק" פון אָנהויב ביזן סוף. דידאָזיקע יחסנדיקע בריק־איינוואוינער האָבן געהאַט זייער אייגענעם בריק־לשון, געדענקט אויף זייער אייגענעם בריק־שטייגער און ליגן געזאָגט אַ סך, מיט טעם און מיט גרונט גאָר אויף אַ באַזונדער אופן, ווי עס קענען נאָר ליגן זאָגן בריק־מענטשן, דערצו זיינען זיי געווען טעמפּ, אומוויסנדיק און געוואַלדיק צופרידן מיט זיך אַליין. קינדער זיינען דאָרטן געבאָרן געוואָרן, אויסגעהאָדעוועט זיך, חתונה געהאַט, געעלטערט זיך און

*) „לאָנדאָן־בריק" הייסט אָנגערופן ניט נאָר דער בריק גופא, נאָר אויף דער געגנט אַרום בריק.

געשטאָרבן, קיין איין מאָל ניט אַריבערשטעלנדיק אַ פוס אויסערן
לאָנדאָן-בריק. עס פאַרשטייט זיך, אַז אַזעלכע מענטשן זיינען
זיכער געווען, אַז אָט די מענגען מענטשן, וואָס באַוועגן זיך טאָג
און נאַכט איבערן בריק מיט האַם מיש-מאַש פון קולות און גע=
שרייען, מיט דער הירזשערייי פון פערד, מיט דאָס מעקן פון
בהמות און שעפסן, מיט דער אייביקער טופעריי פון פיס,—איז
דאָס וויכטיקסטע אויף דער וועלט און, אַז זיי זיינען, אַן ערך,
די באַלעבאַטים איבער דעם אַלעמען. און, אויב איר ווילט, זיינען
זיי טאַקע געווען די באַלעבאַטים. וואָרים ווער נאָך האָט געקענט
אָנקוקן פון פענסטער די באַוועגונג ווי זיי? בשעת עפעס אַ פאַ=
ראַד, אַ שטייגער, ווען אַ קיניג אָדער אַן אַנדער טאָג=העלד איז
דורכגעפאָרן די גאַסן, האָבן זיי פאַר אַ געוויסע געצאָלט, ס'פאַר=
שטייט זיך—געלאָזן אַנדערע אָנקוקן די פּראָצעסיע דורך זייערע
פענסטער, ווייל, באמת, איז אין גאַנץ לאָנדאָן קיין אַנדער אָרט
ניט געווען, וואו מען זאָל אַזוי גוט קענען זען אַ פּראָצעסיע אין
איין לאַנגער, אומגעשטערטער שורה, ווי אויפן „בריק".
מענטשן, וואָס זיינען געבאָרן געוואָרן אויפן בריק, האָבן
געהאַלטן דאָס לעבן ערגעץ אַנדערש פאַר אומערטרעגלאַך לאַנג=
וויילִיק און פוסט. די געשיכטע דערציילט אונז פון איינעם, וואָס
האָט אויפן איין-און=צוואַנציקסטן יאָר פון זיין לעבן דאָס ערשטע
מאָל פאַרלאָזן דעם „בריק" און איז אַוועקגעפאָרן אין דאָרף דער=
לעבן זיינע יאָרן אין רו. אָבער ער האָט דאָרטן קיין רו ניט גע=
פונען. גאַנצע נעכט האָט ער זיך געוואָרפן און געשלײדערט אין
בעט און ניט געקענט איינשלאָפן—אַזוי האָט אים געדריקט, און
געפּייניקט און געשראָקן די דאָרפישע שטילקייט. ווען ער האָט
שוין מער קיין כוח ניט געהאַט אויסצוהאַלטן, איז ער צוריק גע=
לאָפן אין זיין אַלטער היים—אַ טויטער מענטש, אַן אמתער סקע=
לעט, און דאָ ערשט האָט ער געפונען זיין רו און זיסן שלאָף,
אונטער דער פאַרוויגנדיקער מוזיק פון די פּלעשטשנדיקע כוואַליעס
אונטער דעם טומל, קלאַפּעריי און דונער פון לאָנדאָן=בריק...
צו יענע צייטן האָט לאָנדאָן=בריק געגעבן זיינע איינ=
וואוינער—איבערהויפּט די קינדער—„לעבעדיקע לעקציעס" אין

בעשיכטע, אין דער געשטאַלט פון שוואַרץ-בלויע, האַלב-צעפוילטע קעפּ פון באַוואוסטע מענטשן, וואָס האָבן געשטעקט אויף די אייזערנע שטאַכעטן פון די בריק-טויערן.

נאָר לאָמיר זיך צוריק אומקערן צו אונזער געשיכטע.

הענדאָן האָט געהאַלטן סטאַנציע אין דער קליינער אַכסניה, וואָס אויפן „בריק". ווען ער איז מיט זיין קליינעם פריינד צוגעגאַנגען צום טיר, פון דער אַכסניה, האָט ער דערהערט ווי אַ גראָבער קול האָט געזאָגט:

— אַזוי, פאַרט אַמאָל געקומען! מער וועסטו, דוכט זיך, ניט אַנטלויפן, קענסט זיין זיכער. איכל פון דיין זעקל ביינער מאַכן אַ פּודינג, וועסטו אפשר, ניט לאָזן אונז אַזוי לאַנג וואַרטן דאָס צווייטע מאָל! — האָט דזשאָן קענטי ווי אויסגעהאַוועקעט, און האָט שוין אויסגעצויגן זיין האַנט אָנצונעמען דאָס יינגל.

מיילס הענדאָן האָט אים פאַרשטעלט דעם וועג און געזאָגט:

— ניט אַזוי האַסטיק מיין פריינד. אומזיסט, רעכן איך, ביסטו אַזוי גראָב. וואָס געהערט זיך דער יינגל אָן מיט דיר?

— אויב דו דאַרפסט זיך דווקא מישן אין פרעמדע עסקים, — איז ער מיין זון.

— ס'איז אַ ליגן! — האָט מיט היץ אויסגעשריען דער קליינינקער קיניג.

— דרייסט געזאָגט, מיין יינגל! און איך גלויב דיר, מעג דיין קעפּל זיין קלאָר אָדער צעדרייט. נאָר ווי די מעשה איז, קען דערדאָזיקער נידערטרעכטיקער באַנדיט זיין דיין פאָטער אָדער ניט — אים גיב איך דיר ניט אָפּ, ער זאָל דיר פייניקן און שלאָגן ווי ער האָט נאָר וואָס געסטראַשעט, אויב דו ווילסט בעסער בלייבן מיט מיר, ס'פאַרשטייט זיך.

— איך וויל, איך וויל! איך קען אים ניט, איך קען אים ניט אָנקוקן, איך וועל בעסער שטאַרבן, איידער גיין מיט אים.

— אויב אַזוי, איז געענדיקט די מעשה! ניטאָ מער וואָס צו ריידן.

— דאָס װעלן מיר נאָך זען—האָט דזשאָן קענטי אויס־געשריגן,—איך װעל אים מיט געװאַלד...

— ריר זיך נאָר אָן אים, דו ברודיקע חיה, האָק איך דיך אַרויף אויפן בראָט־שפּיז, װי אַ גאַנז!—האָט הענדאָן אַ זאָג געטאָן—און שטעלנדיק זיך צװישן קענטין און דעם קיניג האָט ער אַרויפגעלייגט די האַנט אויפן הענטל פון זײַן שװערד—איך האָב גענומען דאָס ייִנגל אונטער מײַן שוץ, װען אַ המון אַזעלכע נפשות װי דו זײַנען אים באַפאַלן און װאָלטן אים אפשר גע־הרגעט. מײנסטו, אַז איך װעל אים איצט איבערגעבן צו נאָך אַן ערגערן גורל? װאָרים, צו ביסטו זײַן פאָטער אָדער ניט — און דעם אמת גערעדט, רעכן איך אַז דו זאָגסט ליגן—איז אַ בכבודי־קער לײַכטער טויט בעסער פאַר דאָס ייִנגל, װי אַ לעבן אין די הענט פון אַזאַ חיה װי דו ביסט. טו גיי־זשע בעסער דײַן װעג און װאָס גיכער, װאָרים איך האָב פײַנט פוסטע דיבורים און בין ניט צו געדולדיק בטבע אויך. מיט קללות און זידלערײַ איז דזשאָן קענטי אָפּגעטראָטן און איז פאַרשלונגען געװאָרן צװישן המון. הענדאָן מיט זײַן קלײנעם פרײַנד האָבן זיך אויפ־געהויבן אויפן דריטן שטאָק צו זיך אין ,צימער, באַשטעלנדיק, פאַרבײַגײענדיק, אַ מאָלצײַט.

דאָס אָרימע צימערל מיט זײַן ביסעלע אַלטע מעבל איז באַלויכטן געװען פון אַ פּאָר דינע חלב־ליכטלאַך. דער קלײנער קיניג האָט זיך קוים דערשלעפּט צום בעט און איז אַ פאַל געטאָן אויף איר אָן כוחות פון מידקייט און הונגער. ער איז געװען אויף די פיס כמעט אַ גאַנצן טאָג און אַ גאַנצע נאַכט—ס'איז שוין גע־װען צװיי אָדער דריי אַזײגער פאַרטאָג—און ער האָט די גאַנצע צייט קײנזאַך אין מויל ניט געהאַט. ער האָט שלעפעריק געמורמלט:

— איך בעט דיך, װעק מיך אויף, װען דער טיש װעט זײַן געגרייט.—און איז גלײַך אַרײַנגעפאַלן אין אַ טיפן שלאָף.

אַ שמייכל האָט דורכגעשװעבט אין הענדאָנס אויגן און ער האָט צו זיך אַלײן געזאָגט:

— אויף מײַן װאָרט, דער קלײנער בעטלערל פאַרקלײַבט זיך אין אַ פרעמדער דירה, פאַרנעמט יענעמס בעט װי זײַן אײ־

גענע, און [illegible] עס כאָטש זאָגן: „זייט מוחל" אָדער „האָט קיין פאַראיבל ניט". אין זיין משוגעת האָט ער זיך אָנגערופן דער פרינץ פון וועלש, און, מען מוז מודה זיין, אַז ער שפּילט די ראָליע פון אַ פּרינץ ניט שלעכט. אָרים, אָרים שוצלאָז מייזל! קיין ספק ניט, ער איז פון זינען אַראָפּ דורך שלעכטע באַהאַנדלונג. ווער איך-זשע זיין זיין פריינד. איך האָב אים געראַטעוועט, און עפּעס ציט מיך צו אים. איך האָב שוין גאָר ליב דעם קליינעם, דרייסטן חברה-מאַן. ווי העלדיש ער האָט זיך אַ ביסל אַנטקעגנגעשטעלט די שמוציקע לומפּן און מיט וואָס פאַר אַ שטאָלץ ער האָט עס אַ ביסל געוואָרפן דער באַנדע זיין פאַראַכטונג! און וואָס פאַר אַ שיין, ליב און מילד פּנימל ער האָט איצט, ווען דער שלאָף האָט פון אים אָפּגעווישט זאָרג און צער. איך וועל אים לערנען, איך וועל אים אויסהיילן פון זיין קראַנקייט; יאָ, איך וועל זיין זיין עלטערער ברודער, זאָרגן פאַר אים און אויפּפּאַסן אים. און טאָמער וועט אים ווער באַליידיקן אָדער אָנרירן, מעג זיך יענער אָנגרייטן תּכריכים, וואָרים מען מעג מיך אַפילו פאַרברענען לעבעדיקערהייט, וועט יענער אַלץ דאַרפן האָבן תּכריכים.

ער האָט זיך אָנגעבויגן איבערן יינגל און באַטראַכט אים מיט אַ פריינדלאַכן און רחמנותדיקן בליק. גלעטנדיק צערטלאַך זיין קעפּל און פאַרריכטנדיק די צעשויבערטע גרייזלאַך מיט זיין גרויסער פאַרברוינטער האַנט. אַ לייכטער שוידער איז דורכגעגאַנגען איבער דעם יינגלס קערפּער.

— זע נאָר—האָט ה ע נ ד אָ ן צו זיך אַליין געזאָגט,—אַ שיינער מאַנסביל בין איך: געלאָזן אים ליגן ניט צוגעדעקט, ער זאָל זיך פאַרקילן און נאָך כאַפּן דאָ אַ ראַמאַטיס! וואָס טו איך דאָ? זאָל איך אים אויסבעטן די בעט, וועט ער ויך אויפכאַפּן, און ער נויטיקט זיך אַזוי אין אַ רעכטן שלאָף!

ער האָט זיך אַרומגעקוקט אַרום זיך, אָבער ער האָט קיין זאַך ניט געפונען מיט וואָס צו באַדעקן דאָס יינגל. ער האָט ניט לאַנג געטראַכט און אַראָפּגענומען פון זיך דעם קאַמיזאָל, זאָגנדיק: „איך בין שוין געוואוינט צו ביטערער קעלט און שלעכטער קליידונג, מיר וועט עס ניט שאַטן". — און גענומען שפּרייזן איבערן

צימער הין און צוריק אָנצוואַרימען זיך, און ריידנדיק צו זיך אָן אויפהער:

---

— זיין קראַנקן מוח שטעלט זיך פאָר, אַז ער איז דער פּרינץ פון וועלש. ס׳וועט זיין מאָדנע צו האָבן אַ טראַנספּאָלגער איצט, ווען דעריבעניקער, וואָס איז געווען דער פּרינץ פון וועלש, איז שוין איצט קיניג. אָבער זיין קראַנקער מאַרך האָט זיך איינגערעדט נאָר איין פאַנטאַזיע: אַז ער איז דער פּרינץ פון וועלש, און אים פאַלט ניט איין, אַז איצט דאַרף ער זיך שוין אָנ-רופן ניט פּרינץ, נאָר קיניג...

אויב נאָך די זיבן יאָר, וואָס איך האָב פאַרבראַכט אין פרעמדע לענדער אין געפענקעניש און האָב ניט געהאַט קיין שום ידיי[illegible] ים, וועל איך נאָך געפינען מיין פאָטער לעבעדיק, [illegible] ער געוויס אויפנעמען דאָס אָרים יינגל און געבן אים אַן אָרט אונטער זיין דאַך צוליב מיר. דאָס גלייכן וועט טאָן מיין עלטערער ברודער אַרטור. מיין צווייטער ברודער גיו — זאָל ער נאָר פּרובירן ניט לאָזן אָט די פוקס-האַרציקע, מיאוסע באַשעפעניש, וועל איך אים דעם קאָפּ צעשפּאַלטן. יאָ, אַהין, צו מיין פאָטער אַהיים וועלן מיר פאָרן. און טאַקע גלייך.

אַ דינער האָט אַריינגעטראָגן אַ הייסן מאָלצייט, אַוועקגע-שטעלט עס אויף אַ קליינעם סאָסנאָוון טיש, צוגעשטעלט שטולן און איז אַרויסגעגאַנגען, רעכענענדיק, אַז אַזעלכע ביליגע אורחים קענען זיך אַליין באַדינען.

---

דער קלאַפּ מיטן טיר האָט אויפגעוועקט דאָס יינגל. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן בעט און געוואָרפן אַ צופרידענעם בליק אַרום זיך. נאָר באַלד האָט זיין פנים אויסגעדריקט צער און ער האָט מיט אַ טיפן זיפץ געמורמלט צו זיך אַליין: „אָ, עס איז געווען ניט מער ווי אַ חלום, ווי איז צו מיר!" נאָכהער האָט ער באַמערקט מיילס הענדאָנס קאַמיזאָל, האָט געוואָרפן אַ בליק פונם קאַמיזאָל צו הענדאָנען, האָט פאַרשטאַנען וואָס פאַר אַ קרבן ס׳איז פאַר אים דאָ געבראַכט געוואָרן און ער האָט צערטלאַך געזאָגט:

— דו ביסט גוט צו מיר, יאָ, דו ביסט זייער גוט צו מיר, נעם און טו דאָס אָן. איך וועל שוין עס מער ניט דאַרפֿן.

דאַן איז ער אויפגעשטאַנען, צוגעגאַנגען צום וואַש־טיש און געבליבן שטיין וואַרטנדיק.

— מירן דאָס באַלד עסן אַ געשמאַקע הייסע זופּ! — האָט הענדאָן פֿריילאַך געזאָגט, — מירן דאָס אַ ביסל אָקיי טאָן. אַלץ איז אַזוי געשמאַק און זודיק. דער דרעמל, וואָס דו האָסט געכאַפּט און דער מאָלצייט, וועט דיך ווידער מאַכן פֿאַר אַ לייט, ווערסט זען!

דאָס ייִנגל האָט ניט געענטפֿערט. ער האָט אויפֿמערקזאַם מיט וואונדער און אַפֿילו אַ ביסל אומגעדולדיק אַ קוק געטאָן אויף דעם הויכן ריטער מיט זיין שווערד. הענדאָן האָט איבערראַשט געפֿרעגט:

— וואָס איז געשען?

— סער, איך וואָלט געוואָלט אײַנוואַשן זיך.

— אָ, איז דאָס גאָר! פֿרעג ביי מיילס הענדאָן קיין ערלויבעניש ניט, אויב דו ווילסט עפּעס. זיי ווי ביי זיך אין דער־היים און באַלעבאַטעווע איבער אַלץ וואָס ער פֿאַרמאָגט.

דאָס ייִנגל האָט ווייטער גאָרניט געענטפֿערט און ניט גע־רירט זיך פֿון אָרט. נאָך מער, ער האָט אַ פּאָר מאָל אומגעדולדיק אַ טופּע געטאָן מיט זיין קליינעם פֿיסל אָן דיל. הענדאָן איז געוועזן גאָר פֿאַרוואונדערט און האָט געזאָגט:

— גאָט איז מיט אונז! וואָס איז געשען?

— זיי אַזוי גוט, גיס אויף וואַסער און פּלוידער ניט אַזוי פֿיל!

קוים איינהאַלטנדיק זיך פֿון געלעכטער און זאָגנדיק צו זיך אַליין: „איך שווער ביי אַלע הייליקע ס'איז גרויסאַרטיק!" — איז הענדאָן גיך צוגעשפּרונגען און געטאָן וואָס דער קליינער מחוצף האָט אים באַפֿוילן, און איז געבליבן שטיין, ווי אַ פֿאַר־גליווערטער, ביז דער באַפֿעל: „נו, אַ האַנטטוך!" — האָט אים ניט צו זיך געבראַכט. ער האָט גענומען אַ האַנטטוך ביים ייִנגל אונ־טערן סאַמע נאָז און דערלאַנגט אים אָן ווערטער. דערנאָך איז

ער אליין צוגעגאנגען וואשן זיין פנים. אין דער צייט וואָס ער האָט עס געטאָן, האָט זיך זיין צוגענומען קינד געזעצט צום טיש און געוואָלט נעמען עסן. העגדאָן איז דערוויל פארטיק געוואָרן מיטן וואַשן זיך, גענומען דעם צווייטן שטול און אויך געוואָלט צוזעצן זיך צום טיש, ווען דאָס ייִנגל האָט מיט פאראיבל א געשריי געטאָן:

— האַלט אָפּ! ווילסטו זיך זעצן אין דעם קיניגס געגנוואַרט?

דער קלאַפּ האָט געטראָפן העגדאָנען ביזן ביין. ער האָט געמורמלט צו זיך אַליין: „אַ, אָרים קינד, זיין משוגעת שטימט מיט דער צייט. עס האָט זיך געביטן צוזאַמען מיט דער ענדערונג, וואָס ס'איז פאָרגעקומען אין דער מלוכה, און איצט שטעלט ער זיך פאָר, אַז ער איז קיניג. מילא, וואָס זאָל מען טאָן איך מוז אים שוין דאָס אויך נאָכגעבן אַז ניט קען ער מיר נאָך הייסן אַריינזעצן אין טאָער-געפענקעניש!

און צעפרידן מיט דעם שפּאַס, האָט ער אָפּגערוקט דעם שטול פון טיש, געשטעלט זיך הינטער דעם קיניגס שטול און אָנגעהויבן צו באַדינען אים.

אין דער צייט, ווען דער קיניג האָט געגעסן איז זיין קינדלאַכער שטאָלץ אַ ביסל ווייכער געוואָרן און וואָס מער ער האָט געזעטיקט זיין הונגער, אַלץ מער אויפגעלייגט איז ער געוואָרן צו ריידן.

— מיר דאַכט, אַז דו האָסט זיך אָנגערופן מיילס העגדאָן, אויב איך האָב קיין טעות ניט? — האָט ער געזאָגט צו העגדאָנען.

— ריכטיק, אייער מיעסטעט! — האָט העגדאָן געענטפערט, זאָגנדיק צו זיך אַליין: „אויב איך מוז שוין נאָכגעבן דעם אָרימען ייִנגלס משוגעס, מוז איך אים שוין רופן „קיניג“ און „אייער מאַיעסטעט“. אָפּשטעלן זיך אינמיטן וועג טויג ניט, אַז ניט קען איך נאָך קאַליע מאַכן דעם גוטן טאַט, וואָס איך טו.

דער קיניג האָט דערוואַרימט זיין האַרץ מיט אַ צווייטער גלאָז וויין און געזאָגט:

— איך וואָלט געוואָלט וויסן ווער דו ביסט. דערצייל מיר

דיין ביאָגראַפיע. דו האָסט אַ נאָבעלען אויסזען און מאַניערן. שטאַמסטו פון נאָבעללייט?

— מיר געהערן צו דער קלענערער אַריסטאָקראַטיע, אייער מאַיעסטעט. מיין פאָטער איז אַ באַראָנעט — איינער פון די ייִנגערע לאָרדן — סער ריטשאַרד הענדאָן פון הענדאָן־שלאָס אין קענט.

— דער נאָמען איז מיר אַרויס פון זכרון. דערצייל ווייטער

— ניט קיין סך צו דערציילן, אייער מאַיעסטעט, דאָך ווען עס, אפשר, פאַרוויילן אייער גנאָד אַ וואָסער האַלבע שעה, בפרט, אַז ס'איז קיין אַנדער פאַרווײַלונג ניטאָ. אַלזאָ, הויב איך אָן:

מיין פאָטער, סער ריטשאַרד, איז זייער רייך און זייער גרויסמוטיק. מיין מוטער איז געשטאָרבן, ווען איך בין נאָך געווען אַ קינד. איך האָב צוויי ברידער: אַן עלטערן אַרטור, מיט אַ כאַראַקטער אין פאָטערס געראָטן, און גיו, ייִנגער פון מיר — אַ נידעריקער נפש, אַ בעל־מקנא, אַ פאַרדאָרבע־נער, אַ פאַלשער, אַ פאַרבאָרגענער, מיט איין וואָרט, — אַ מיאוסער שרץ! אַזאַ איז ער געווען פון וויגל אָן און אַזאַ איז ער געווען מיט צען יאָר צוריק, ווען איך האָב אים צום לעצטן מאָל געזען.

צו נײַנצן יאָר איז דאָס געווען אַ פּאַרטיקער שופט מיט אַלע ברעקעלאַך, איך בין דאַמאָלסט אַלט געווען צוואַנציק און מיין ברודער אַרטור — צוויי־און־צוואַנציק יאָר, אַחוץ אונז האָט ביי אונז געוואוינט מיין קוזינע עדיט — זי איז דאַמאָלסט אַלט געווען זעכצן יאָר — אַ בילד־שיינע, צאַרטע, גוט־האַרציקע מיידל, אַ טאָכטער פון אַ גראַף, די לעצטע אין דער משפחה, אַ יורשטע פון אַ גרויסן פאַרמעגן און אַ טיטול, ווייל אין דער משפחה זיי־נען קיין מאַנסביל ניטאָ. איך האָב זי געליבט און זי האָט מיך געליבט, אָבער זי איז פאַרקנסט געווען צו מיין ברודער אַרטור נאָך פון וויגל און מיין פאָטער סער ריטשאַרד וואָלט בשום אופן ניט דערלאָזן די תנאים זאָל געבראָכן ווערן. אַרטור האָט געליבט אַן אַנדער מיידל און האָט אונז אַלץ געזאָגט מיר זאָלן ניט פאַרלירן דעם מוט, און לעבן מיט דער האָפענונג, אַז צייט און מזל וועט אונז נאָך אַלעמען ברענגען גליק. גיו האָט ליב

בעהאַט עדיטס פּאַרמעגן, כאָטש געזאָגט האָט ער, אַז ער האָט ליב זי אַליין. אָבער דאָס איז שוין געווען זיין טבע צו זאָגן איין זאַך און מיינען די אַנדערע. אָבער זיין גאַנצע מי איז געווען אומזיסט. ער האָט געקענט אָפּנאַרן מיין פאָטער, אָבער ניט עמיצן אַנדערש. מיין פאָטער האָט אים געליבט מער פון אַלע אַנדערע קינדער, ער האָט אים געטרויט און געגלויבט, ווייל ער איז געווען דער ייִנגסטער און פון אַלעמען געהאַסט, — און דאָס איז אין אַלע דורות געווען צו געווינען אַ פּאַטערס האַרץ. דערצו האָט ער נאָך פּאַרמאָגט אַ גלאַטן צינגל צו חנפענען און איז געווען אַ גרויסער בריה אויף זאָגן ליגנס — צוויי זאַכן, וואָס העלפן שטענדיק אונטערצוהאַלטן אַ בלינדע ליבע. איך, ווידער, בין געווען אַ ווילדער יונג—דעם אמת געזאָגט—זייער אַ ווילדער, כאָטש צוריק גערעדט, איז עס געווען אַן אומשולדיקע ווילדקייט, מחמת זי האָט קיינעם, אויסער מיר אַליין, ניט געשאַדט, האָט קיינעם קיין בזיונות ניט פּאַרשאַפט, קיין היזקות ניט אָנגעמאַכט און האָט אין זיך ניט געהאַט קיין סימן פון פּאַרברעכן אָדער עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל שענדן דעם נאָמען פון אַן אַדעליקער פאַמיליע.

אָבער מיין ברודער גיו האָט גוט אויסגענוצט מיינע חסרונות. זעענדיק, אַז אַרטור איז שוואַך אין געזונט און, האָפנדיק צו בלייבן דער איינציקער יורש, אויב איך וועל אָפּגעראַמט ווערן פון וועג, האָט ער — איבעריקנס, ס'איז אַ לאַנגע מעשה מיין הערשער, און ניט ווערט צו הערן. בקיצור, מיין ברודער האָט אַזוי געמאַכט, אַז מיינע חסרונות זיינען פאַרגעשטעלט געוואָרן ווי פאַרברעכנס. געענדיקט האָט ער דערמיט, וואָס ער האָט געפונען אין מיין צימער אַ זיידענעם שטריק-לייטער — וואָס ער אַליין האָט אונטערגעוואָרפן — און מיט דער הילף פון אונטערגעקויפטע דינער און אַנדערע אויסוואורפן האָט ער איינגערעדט מיין פאָטער, אַז איך האָב זיך געקליבן אַרויסצוגנבענען עדיטן און חתונה האָבן מיט איר קעגן זיין ווילן.

דריי יאָר פאַרוואָגלט זיין ווייט פון דער היים און פון ענגלאַנד וועט מיך מאַכן פאַר אַ זעלנער און פאַר אַ מענטש — האָט

מיין פּאָטער געזאָגט — און וועט מיך לערנען כּאָטש וויפל עס איז שכל.

אין דער לאַנגער צייט פון מיין פּאַרוואָגלונג, האָב איך געקעמפט אין אַ סך מלחמות אין פאַרשיידענע לענדער, האָב גע־ליטן הונגער און נויט, געהאַט אַלערליי צופאַלן און פּאַסירונגען. אין איין שלאַכט בין איך גענומען געוואָרן געפאַנגען און פאַר די לעצטע זיבן יאָר, וואָס זיינען פאַרביי און פאַרשוואונדן, איז אַ געפענגעניש אין אַ פרעמדער לאַנד געווען מיין היים.

אַדאַנק מיין איינפאַל און מוט איז מיר געלונגען אַרויס־צורייסן זיך אויף דער פרישער לופט און אַנטלויפן אַהער. און אַט בין איך באַר־וואָס אָנגעקומען אַהער אָרים, אָן געלט און אָן קליידער און נאָך אָרימער אין נאַכריכטן פון העגדאָן־שלאָס און איך ווייס ניט, וואָס איז געוואָרן מיט זיינע איינוואוינער. אָט איז מיין גאַנצע טרויעריקע געשיכטע, אייער מאַיעסטעט.

— מען האָט דיך מיאוס באַצוולט! — האָט דער קליינער קיניג מיט אַ פייער אין די אויגן געזאָגט, — אָבער איך וועל דיר צוריקגעבן דיינע רעכט — איך שווער ביים קרייץ, אַז איך וועל דאָס טאָן! דער קיניג האָט אַזוי געזאָגט!

און אַן אויפגערעגטער דורך מיילס העגדאָנס געשיכ־טע, האָט ער פונאַנדערגעלאָזן זיין צונג און אַרויסגעלייגט זיין אייגענע געשיכטע פאַר דעם איבעררַאשטן צוהערער.

ווען ער האָט געענדיקט, האָט מיילס געטראַכט:

„אוי, ווי! וואָס פאַר אַ פאַנטאַזיע ער האָט עס אַ ביסל! בנאמנות, דאָס איז אַ קינד מיט ניט אַ געוויינלאַכן שכל; אַז ניט וואָלט ער ניט געקענט — מעג ער זיין קלאָר אָדער כשוגע — אויס־קלערן אַזאַ גלאַטע און לאַנגע מעשה גלאַט פון גאָרניט? אַזאַ ראָמאַן זויגט מען פון פינגער ניט אויס און פון דער לופט כאַפּט מען עס אויך ניט. אָרים, פאַרלאָרן קעפּל! ווי לאַנג איך לעבּ וועט דיר קיין פריינד און היים ניט פעלן. איך וועל אים ניט אָפּלאָזן פון זיך אויף אַ טריט, ער וועט זיין מיין ליבלינג, מיין קליינער חבר. און ער וועט אויסגעהיילט ווערן, — יאָ, ער וועט געזונט ווערן און וועט זיך נאָך מאַכן אַ גרויסן נאָמען, און מיט

שטאָלץ וועל איך דאַמאָלסט זאָגן: „יאָ, ער איז מיינער! איך האָב אים גענומען אַ קליינעם אָפּגעריסענעם שלעפּער, אָבער איך האָב געזען, אַז אין אים שטעקט עפּעס און איך האָב זיך געזאָגט: זיין נאָמען וועט נאָך אַמאָל קלינגען אויף דער וועלט–קוקט־זשע אים אָן, באַטראַכט אים — בין איך ניט גערעכט געווען?"

פאַרטראַכט און לאַנגזאַם האָט דער קיניג ווייטער גערעדט:

— דו האָסט מיך פּאַרהיט פון שפּאָט און שאַנדע, מעגלאַך, קרוין. אַזאַ טאַט פאָדערט אַ רייכע באַלוינונג. זאָג־זשע דיין פאַרלאַנג און אַלץ, וואָס עס איז אין מיין קיניגלאַכער מאַכט, וועט דערפילט ווערן. עס איז דיינס!

דערדאָזיקער פאַנטאַסטישער פאָרשלאָג האָט אַרויסגעשלאָגן העגדאָגען פון זיין פאַרטראַכטקייט. ער האָט געוואָלט באַדאַנקען דעם קיניג און זאָגן, אַז ער האָט בלויז געטאָן זיין פליכט אַלס בירגער און אים קומט קיין לוין דערפאַר ניט, אָבער אַ מער פאַרנונפטיקער געדאַנק איז אים געקומען אויפן זינען, און ער האָט געבעטן עטלאַכע מינוט צייט צו באַטראַכטן דעם גרויסמוטיקן פאָרשלאָג — אַזאַך, וואָס איז דעם קיניג שטאַרק געפעלן.

— „ס'איז גלייכער ניט צו זיין איבעראיילט, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַזאַ וויכטיקער זאַך" — האָט ער באַמערקט.

מיילס האָט אַ ווילע געטראַכט און נאָכהער געזאָגט צו זיך אַליין: „יאָ, אַזוי דאַרף מען טאָן. — אַנדערש וועל איך עס קיינמאָל ניט אויספירן. פאַר דער איין שעה האָב איך זיך איבערצייגט, ווי שווער עס וואָלט געווען ווייטער אָנצופירן די שפּיל. יאָ, איך וועל עס אים פאָרשלאָגן. ווי גוט דאָס איז, וואָס איך האָב זיך ניט אָפּגעזאָגט פון דער געלעגנהייט".

דאַן האָט ער אַ פאַל געטאָן אויף איין קני און געזאָגט:

— דאָס, וואָס איך האָב געטאָן, איז ניט מער ווי דער איינפאַכער חוב פון יעדער טרייען אונטערטאַנער און האָט דעריבער קיין שום באַדייטונג ניט, נאָר אויב אייער מאַיעסטעט האַלט, אַז איך פאַרדין אַ וואָסער עס איז באַלוינונג, נעם איך זיך דעם מוט צו קומען צו אייער מאַיעסטעט מיט דערדאָזיקער בקשה:

כמעט מיט פיר הונדערט יאָר צוריק האָט, ווי אייער מאַיעסטעט איז באַוואוסט, צווישן דזשאָן דעם קיניג פון ענגלאַנד און דעם פראַנצויזישן קיניג געהערשט אַ גרויסע שינאה. איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז ביידע קיסרים זאָלן אַרויסשטעלן צוויי קריגערס, וואָס זאָלן אויסקעמפן דעם סיכסוך אין פרייען פעלד, אין אַ, אַזוי גערופענעם, גאָטס משפט. און אָט האָבן זיך אויפגעקליבן די קיסרים און דער שפּאַנישער קיסר בייצוּוואוינען און אורטיילן דעם קאַמף. דער ערשטער איז אַרויס דער פראַנצויזישער קעמפער. אָבער אַזוי שרעקלאַך איז געווען זיין אויסזען, אַז קיין איינער פון די ענגלישע ריטערס האָט זיך ניט געקענט באַשליסן צו מעסטן זיין געווער מיט אים. און עס האָט געהאַלטן, אַז דער זייער וויכטיקער סיכסוך זאָל זיך ענדיקן מיט אַ מפּלה פאַרן ענגלישן קיניג. נו, אין יענער צייט האָט געשמאַכט אין געפענגעניש דער לאָרד ד ע-ק אָ א ו ר ס י, דער שטאַרקסטער מענטש אין ענגלאַנד. געראַובט פון אַלע זיינע טיטלען און פון זיינע רייכטימער, האָט ער לאַנגע יאָרן געדאַרפט שמאַכטן אין געפענגעניש. האָט מען זיך צו אים געווענדט מיט אַ בקשה, ער זאָל אַרויס קעמפן דעם קאַמף. ער האָט מסכים געווען און איז אַרויס אין געווער און פאַנצער, גרייט צום שלאַכט. ווי נאָר אָבער דער פראַנצויז האָט דערזען דעם מוראַדיקן פאַרשוין און דערהערט דעם באַרימטן נאָמען פון זיין געגנער, — אַזוי איז ער אַנטלאָפן וואו די אויגן האָבן אים געטראָגן. און אויף אַזאַ אופן האָט דער ענגלישער קיניג געוואונען דעם סיכסוך.

דער קיניג דזשאָן האָט אומגעקערט דעם לאָרד ד ע-ק אָ-א ו ר ס י זיין פאַרמעגן און טיטלען און געזאָגט: „זאָג דיין וואונטש און דו וועסט עס האָבן, מעג עס מיר אַפילו קאָסטן אַ האַלבע מלוכה". אויף וואָס ד ע-ק אָ א ו ר ס י האָט קעניגנדיק געענטפערט: „אויב אַזוי, מיין האַר, איז מיין וואונטש, אַז איך און אַלע דורות פון מיין משפּחה נאָך מיר זאָלן האָבן דעם זכות צו בלייבן מיט אַ צוגעדעקטן קאָפּ אין דער בעגנוואַרט פון די ענגלישע קיניגן, פון היינט אָן און ווייטער ביז דער ענגלישער טראָן וועט אַ קיום האָבן". זיין בקשה איז, ווי אייער מאַיעסטעט איז באַוואוסט, דערפילט געוואָרן, און פאַר די גאַנצע פיר הונדערט יאָר האָט

קיין איין מאָל ניט פּאַסירט, אַז עמיצער פון דערדאָזיקער אַלטער פאַמיליע זאָל אויסטאָן זיין הוט אין דער געגנוואַרט פון קיניג — אַ זאַך, וואָס קיין אַנדערער טאָר ניט טאָן *). באַפעסטיקנדיק מיין בקשה מיט דעמדאָזיקן היסטאָרישן ביישפּיל, טו איך בעטן דעם קיניג, ער זאָל מיר באַווייזן זיין גנאָד און געבן מיר דעם איינ־ציקן זכות—וואָס עס וועט זיין די גרעסטע באַלוינונג פאַר מיר, אַז איך און מיינע קינדס־קינדער זאָלן מעגן זיצן אין דער געגנ־וואַרט פון די ענגלישע מאַיעסטעטס.

— שטיי אויף, סער מיילס הענדאָן, ריטער! — האָט דער קיניג ערנסט געזאָגט, אַ קלאַפּ געבנדיק הענדאָנען מיטן שווערד איבערן אַקסל—אַלס צייכן פון גנאָד און געשענקטן טיטל. שטיי אויף און זעץ זיך. דיין בקשה איז דערפילט. אַזוי לאַנג ווי ענגלאַנד וועט זיין ענגלאַנד און די קרוין וועט דויערן, וועט דויערן דיין זכות.

זיין מאַיעסטעט איז זיך פאַרטראַכטערהייט דורכגעגאַנגען איבערן צימער און הענדאָן האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויפן שטול, זאָגנדיק צו זיך אַליין: „ס׳איז געווען אַ גוטער איינפאַל, וואָס וועט מיר שטאַרק צו ניץ קומען: מיינע פיס טוען מיר גוט וויי, און ווען ניט דער איינפאַל, וואָלט איך געדאַרפט שטיין וואָכן און וואָכן, ביז ער וועט געזונט ווערן". „בין איך, הייסט עס, גע־וואָרן אַ ריטער פון „שאָטנס־און חלומות־קיניגרייך!" אַ מאָדנע לאַגע פאַר אַזאַ פּראַקטישן מענטשן ווי איך בין. אָבער איך וועל דערפון ניט חוזק מאַכן, ניין, גאָט זאָל היטן. וואָרים דאָס, וואָס פאַר מיר איז שאָטנס און חלומות, איז פאַר אים די ווירקלאַכ־קייט. דאָס באַווייזט נאָר אויף זיין איידעלן כאַראַקטער און גרויסמוטיקייט. אָ, אָבער וואָס וועט זיין, אויב ער וועט מיך רופן ביי מיין נייעם טיטול פאַר פרעמדע מענטשן? שיין וועט דאַ־מאָלסט זיין דער חילוק צווישן מיין הערלאַכן טיטול און מיינע צעריסענע קליידער! אָבער ס׳מאַכט ניט אויס, זאָל ער מיך רופן ווי ער וויל, ווי באַלד עס געפעלט אים. איך וועל זיין צופרידן.

*) די לאָרדן קינגסיי, וואָס שטאַמען פון די דע־קאָאורסיס, האָבן ביז הײַנטיקן טאָג דיזאָזיקע פּריווילעגיע.

# דרייצנטער קאַפּיטל.

## דער פּרינץ ווערט פאַרשוואונדן.

אַ שלעפעריקייט איז באַפאַלן די צוויי פריינד.

דער קיניג האָט אַזוי געזאָגט:

— צי אַראָפּ פון מיר די שמאַטעס! — מיינענדיק זיינע קליי-דער.

הענדאָן האָט אָן דיבורים גלייך אויסגעטאָן דאָס יינגל און איינגעלייגט אים שלאָפן. דאַן האָט ער געוואָרפן אַ בליק איבערן צימער, זאָגנדיק צו זיך אליין: „ער האָט ווידער פאַרנו-מען מיין בעט ווי פריער" באַ! וואָס קען איך טאָן?

דער קליינער קיניג האָט באַמערקט זיין פאַרלעגנהייט און האָט עס אָפּגעפּאַרטיקט מיט איין וואָרט:

— דו וועסט שלאָפן ביים טיר און באַוואַכן זי.

אין אַ מינוט אַרום האָט ער שוין פאַרגעסן אָן אַלע זיינע צרות אין אַ טיפן שלאָף.

— טייער קינד, ער האָט באמת געדאַרפט געבאָרן ווערן אַ קיניג! — האָט הענדאָן מיט התפעלות געזאָגט, — ער שפּילט די ראָלע אויסגעצייכנט.

נאַכהער האָט ער זיך אויסגעצויגן אויפן פּאָדלאָגע, זאָגנדיק צופרידן:

— איך האָב געהאַט ערגערע דירות פאַר די לעצטע זיבן יאָר און ס'וואָלט געווען אַ זינד פאַר גאָט צו באַקלאָגן זיך אויפן איצטיקן געלעגער.

ער איז איינגעשלאָפן, ווען ס'האָט שוין אָנגעהויבן טאָגן. אַרום האַלבן טאָג איז ער אויפגעשטאַנען, האָט טיילווייז אָפּגע-

דעקט דעם שלאָפעדיקן קיניג און מיט אַ שטריקל אָראָפּגענומען פון אים אַ מאָס. דער קיניג האָט זיך אויפגעכאַפּט ערשט דאַמאָלסט, ווען די מאָס איז שוין געווען גענומען און געפרעגט הענדאָ־גען, וואָס ער טוט.

— שוין פאַרטיק מיין האַר—האָט הענדאָן געזאָגט,—איך האָב עפּעס אַ געשעפטל אין גאַס, אָבער איך וועל זיך לאַנג ניט זאַמען. שלאָף דערווייל ווידער איין—דו נייטיקסט זיך אין שלאָף. אָט אַזוי, לאָז, איך וועל דיר איינדעקן איבערן קאָפּ, וועסטו זיך גיכער איינוואַרימען.

נאָך איידער הענדאָן האָט געענדיקט ריידן, איז שוין דער קיניג צוריק געווען אין טרוימען־לאַנד. מיילס איז שטיל אַרויס־געגאַנגען און, אין דרייסיק־פערציק מינוט אַרום, שטיל צוריק אומגעקערט זיך מיט אַ געניצט יינגלשן אָנצוג פון ביליגן מאַטע־ריאַל, אמת, אַ ביסל אָפּגעטראָגן, אָבער נאָך גאַנץ ריין און צוגע־פאַסט צום סעזאָן. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט און גענומען באַ־טראַכטן זיין קניָה, ריידנדיק צו זיך אַליין:

מיט אַ ברייטערער קעשענע וואָלט מען געקאָנט קויפן עפּעס בעסערס, אָבער ווען מען האָט ניט קיין פולן בייטל, דאַרף מען זיך באַנוגענען דערמיט, וואָס מען קען קויפן מיט אַ ליידיקלאַכן.

„אין אונזער שטאָט האָט געוואוינט אַ ווייבל
האָט אַ ווייבל אין אונזער שטאָט געוואוינט"—

האָט ער אונטערגעזונגען.

אוי, ער כאַפּט זיך אויף! מיר דוכט, אַז איך דאַרף נעמען מיט אַ סאָך נידעריקער... ס'טויג ניט צו שטערן זיין שלאָף ערב אַזאַ לאַנגער נסיעה, בפרט, אַז ער איז אַזוי מיד, אָרים ייִנגל... דאָס מלבושל איז נאָך גאָר נישקשהדיק: אַ שטאָך דאָ, אַ שטאָך דאָרטן און ס'וועט זיין גאָר אַ צאַצקע. די הויזלאַך זיינען נאָך בעסער, כאָטש אַ שטאָך, דעם אַנדערן וועט דאָ אויך ניט שאַטן. די שיך זיינען דאָך גאָר אַן אַנטיקל: גוטע, שטאַרקע און וועלן וואַרים האַלטן די פיסלאַך. דאָס וועט פאַר אים גאָר זיין אַ מאָדנע זאַך— געוואוינט געווים צו גיין זומער און ווינטער באָרוועס... זעט נאָר, וואָס פאַדים מ'האָט עס מיר אַ ביסל אָנגעגעבן פאַר איין גראָשן!

ווען דאָס וואָלט געווען ברויט, וואָלט עס מיר געקלעקט אויף אַ יאָר... דערצו האָט מען מיר נאָך צוגעגעבן אַ נאָדל גרויס ווי אַ פלאָקן, גלאַט אומזיסט. נו, איצט וועל איך האָבן אַן עסק אַריינ־צוציען דעם פאָדים אין נאָדל!

און ער האָט געטראָפן אויף. ער האָט געטאָן, ווי אַלע מאַנסלייט טוען און ווי זיי האָבן פון אייביק אָן געטאָן און וועלן טאָן: געהאַלטן די נאָדל גלייך און געמאַטערט זיך אַריינצוטאָן דאָס פאָדים דורכן אייגל — פונקט פאַרקערט ווי ווייבער טוען: האַלטן דאָס פאָדים און באַוועגן מיטן נאָדל. איינמאָל און נאָך אַמאָל האָט ער זיך געמאַטערט דורכציען דאָס פאָדים, אָבער אומזיסט: דאָס איז דער פאָדים פאַרפאָרן פון איין זייט, דאָס—פון צווייטן זייט, דאָס איז ער אַריבער פון אויבן און דאָס האָט ער זיך פאַר־קנייטשט פארן לעכל. אָבער ער האָט געהאַט געדולד צו אַזעלכע זאַכן נאָך פון יענער צייט, ווען ער איז געווען אַ זעלנער. צום סוף איז אים פאָרט געלונגען אַריינצוציען דאָס פאָדים און נעמען זיך צו דער אַרבעט.

— פאַר דער אכסניה—צוזאַמען מיט היינטיקן אָנבייסן—באַ־צאָלט—האָט ער ווייטער צו זיך גערעדט, — און ס'איז נאָך עפּעס געבליבן פאַרוואָס צו קויפן אַ פּאָר אייזעלאַך און אויף די צוויי דריי טעג הוצאה, וואָס מיר דאַרפן, ביז מיר וועלן אָנציען אַהין, וואו עס וואַרט אויף אונז אַלדעס גוטס, אין ה ע נ ד אָ ן־שלאָס...

„זי האָט געליבט איר מאַ...

— אוי ווי! כ'האָב אַריינגעהאַקט די נאָדל אונטערן נאָגל... ע, בלאָטע! שוין געווינט דערצו... אָבער קיין גרויסער מאכל איז עס אויך נים... מירן דאַרפן אַ לעב טאָן, מיין קליינער, האָב קיין מורא נים! דיינע צרות וועלן זיך דיר פעלן דאַרפן און דאָס גלייכן—דיין צערודערטקייט...

„זי האָט שטאַרק געליבט איר מאַן,
אָבער אַן אַנדער מאַן"...

— אָט דאָס איז מיר שמעך!—האָט ער, באַטראַכטנדיק די

אַרבעט, געזאָגט, — ס'איז דאָך גאָר מאָנאַרכישע שטעך! אַ שיינעם פּנים האָבן די שניידערשע פּיצינקע שטעכלאַך אַנטקעגן מיינע!

„זי האָט שטאַרק געליבט איר מאַן,
אָבער אַן אַנדערער האָט זי געליבט"...

— קוק נאָר אָן, שוין געענדיקט, און אַ פיינע שטיקל אַרבעט אויך — גיך און גוט. נו, איצט וועל איך אים אויפוועקן, אָנטאָן אים, אויפגיסן אים, דערנאָך וועלן מיר אַוועקגיין אין מאַרק, וואָס לעבן טאָבאַרד-אַכסניה אין סאָאוטוואַרק און... — זייַ אַזוי גוט, שטיי אויף, מיין הערשער! — ער ענטפערט ניט. ניט שוין-זשע וועל איך מוזן פאַרשוועכן זיין הייליקע פּערזאָן מיט מיין אָנרירונג, וויבאַלד ער איז טויב צו ווערטער? וואָס איז דאָס?

ער האָט אָפּגעדעקט די קאָלדרע — דאָס יינגל איז פאַרשוואונדן!

ער איז געבליבן אָן לשון פון איבעררעאשונג. דערנאָך ערשט האָט ער באַמערקט, אַז צוזאַמען מיטן יינגל זיינען אויך פאַרשוואונדן זיינע שמאַטעס. ער איז אויפגערעגט געוואָרן, גענומען קאָכן און זידן, רופנדיק מיט אַלע כּחות דעם בעל-אַכסניה.

אין דערזעלביקער מינוט האָט דער דינער אַריינגעבראַכט אָנבייסן.

— זאָג מיר, דו טייוולשע ביין, וואו איז דאָס יינגל, אַז ניט מאַך איך פון דיר אַ סוף! — האָט אונזער זעלנער אַ רעווע געטאָן און אַזאַ שפּרונג געטאָן אויפן קעלנער, אַז יענער האָט פון שרעק פאַרלאָרן דעם לשון.

ציטערנדיק ווי אין קדחת, האָט דער דינער אין צעבראָכענע ווערטער ערקלערט:

— ווי נאָר איר זייט אַרויס, מיין האַר, אַזוי איז געקומען צו לויפן עפּעס אַ יונג און געזאָגט, אַז איר האָט באַפוילן דער יינגל זאָל גלייך קומען אויף יענעם זייט בריק ביי סאָאוטוואַרק, וואו איר וואַרט אויף אים. איך האָב אים אַהער אַריינגעפירט. ווען ער האָט אים אויפגעוועקט, האָט דאָס יינגל פאַראיבל געהאַט, פאַרוואָס מ'האָט אים אויפגעהויבן „אַזוי פרי", ווי ער האָט עס גע-

דופן, אָבער ער האָט גלייך אָנגעטאָן זיינע שמאַטעס און איז אַוועק. געגאַנגען, באַמערקנדיק בלויז, אַז ס׳וואָלט געווען איידעלער פון איער זייט, איר זאָלט אַליין קומען און ניט שיקן נאָך אים אַ פרעמדן און אויף אַזאַ אופן...

— און אויף אַזאַ אופן ביסטו אַ גולם! — אַ גולם, וואָס מען קען גרינג אָפּנאַרן — געהאַנגען זאָל ווערן די גאַנצע פאַראַכטיע דיינע! נאָר אפשר איז קיין שלעכטס ניט געשען און מען וועט דעם יינגל גאַרנישט טאָן. איכל אים ביין אָקאָרי ווייטזוכן. גרייט דערווייל צום טיש. וואַרט נאָר! די קאָלדרע אויפן בעט איז גע־חען אויסגעלייגט אַזוי, ווי עמיצער וואָלט אונטער איר געלעגן — איז עס ניט מער ווי אַ צופאַל?

— כ׳ווייס ניט, — מיין גנעדיקער האַר. איך האָב געזען דער יונג האָט זיך עפּעס דאָרטן געפּאָרעט, — אָט דער, וואָס ס׳איז געקומען נאָכן יינגל.

— טויזנט מיתות-משונות! דאָס איז בכיוון געמאַכט גע־וואָרן אָפּצונאַרן מיך! ס׳איז געטאָן געוואָרן, כדי צו געווינען צייט. האָרך נאָר! איז דער יונג געווען אַליין?

— איינער אַליין, מיין האַר.

— ביסטו זיכער?

— זיכער, מיין האַר.

— קלייב צונויף דיינע צעשליידערטע געדאַנקען — באַ־טראַכט זיך, ניט געאײַלט, מענטש איינער, און דערמאָן זיך אַקוראַט!

קלערנדיק אַ ווײַלע האָט דער דינער געזאָגט:

— ווען ער איז געקומען, איז קיינער ניט געווען מיט אים. נאָר איצט דערמאָן איך זיך, אַז ווען דער יונג מיטן יינגל האָבן זיך אויסגעמישט מיטן איבעריקן עולם אויפן בריק, האָט זיך פון ערגעץ דערביי אַ רוק אַרויס געגעבן עפּעס אַ גזלנישער פּאַרשוין און פונקט דאַמאָלסט, ווען ער האָט זיך צו זיי דערנענטערט...

— נו, וואָס איז געווען? — אַרויס מיט לשון! — האָט הענ־דאָן אומגעדולדיק איבערגעשלאָגן.

— פונקט דאָמאָלסט זיינען זיי איינגעשלונגען געוואָרן צווישן עולם און איך האָב זיי פאַרלאָרן פון אויג. כ׳וואָלט זיי אפשר ניט פאַרלאָרן, אָבער גראָד דאַמאָלסט האָט מיך דער בעל-הבית אַ רוף געטאָן: ער איז אין פעס געוואָרן, למאַי איך האָב פאַרגעסן דערלאַנגען דעם געלט-מעקלער דעם באַשטעלטן בראַטנס, כאָטש איין גאָט איז מיין עדות, אַז באַשולדיקן מיך דערפאַר, איז אַלץ איינס, ווי פאַראַנטוואָרטלאַך מאַכן אַ ניט-געבאָרן קינד פאַר די זינד...

— אַוועק פון מיינע אויגן, אידיאָט דו איינער! דיין פלאַפלעריי מאַכט מיך משוגע! וואָרם! וואוהין טראָגט דיך? קענסט ניט וואַרטן אַ ווײַלע? זיינען זיי אַוועק צו סאַאוטוועררק צו?

— פונקט ריכטיק, מיין האַר! — וואָרים ווי איך האָב שוין פריער געזאָגט, איז אַן אומגעבאָרן קינד מער שולדיק אין די פאַרגעסענע פאַסקודנע פלייש, ווי...

— ביסט נאָך אַלץ דאָ?! און פלאַפּלסט נאָך? פאַרשווינד, וואָרים איך דערוועלג דיך!

דער דינער איז אַנטלאָפן. הענדאָן האָט זיך געלאָזן הינטער אים, איז אים פאַרבייגעלאָפן, שפרייזנדיק צו צוויי-דריי טרעפ מיטאַמאָל, מורמלענדיק:

— דאָס איז יענער געמיינער באַנדיט, וואָס האָט זיך אַרויסגעגעבן פאַר זיין פאָטער. איך האָב דיך פאַרלאָרן, מיין אָרימער, קליינער משוגענער הערשער — ווי ביטער איז דער געדאַנק! — און דו ביסט מיר אַזוי ליב געוואָרן! אָבער ניין! איך גיב זיך ניט אונטער! ער איז נאָך ניט פאַרלאָרן! נאָך ניט פאַרלאָרן, וואָרים איך וועל די גאַנצע לאַנד איבערקערן און וועל דיך געפינען! אָרים קינד! דאָרטן שמייסט דיין אָנבייסן — און מיינער — אָבער איך בין שוין מערניט הונגעריק — זאָלן די מייז עס אויפעסן! גיכער, גיכער! — דאָס איז איצט דער עיקר!

און ווען ער האָט זיך אַריינגעשלענגלט צווישן טומלדיקן געזעמל אויפן בריק, האָט ער עטלעכע מאָל איבערגעחזרט צו

זיך אליין, ווי דאָס וואָלט געווען פאַר אים זייער אַן אָנגענעמער געדאַנק:

— ער האָט פּאַראיבל געהאַט, אָבער ער איז געגאַנגען,

— געגאַנגען, יאָ, חייל ער האָט געמיינט, אַז מיילס הענדאָן רופט אים. ליב קינד, פאַר אַן אַנדערן וואָלט ער עס קיינמאָל ניט געטאָן, כ'ווייס עס גאַנץ גוט!

---

# פערצנטער קאַפּיטל.

## געשטאָרבן דער קיניג! — זאָל לעבן דער קיניג!

דעמזעלביקן פרימאָרגן, פאַרטאָג, האָט טאָם קענטי ערוואַכט פון אַ שווערן שלאָף און געעפנט די אויגן אין דער פינסטער. ער איז געלעגן אַ פּאָר מינוטן שטיל, פּרובירנדיק צו פונאַנדערקלייבן זיך אין זיינע געדאַנקען און איינדרוקן און פאַרשטיין, וואָס אַזוינס קומט דאָ פאָר. דאַן האָט ער מיט אַנט-ציקונג, אָבער איינגעהאַלטן אויסגערופן:

— איך פאַרשטיי שוין! איך פאַרשטיי שוין אַלץ! גאָט צו דאַנקען, וואָס איך האָב זיך אויפגעכאַפּט! קום, פרייד! פאַר-שווינד, קומער! ע, נאַן, בעט! שפּרינגט אויף פון אייער שטרוי און איילט אַהער, צו מיר און איך וועל אייך דערציילן דעם וואונדערבאַרסטן, דעם אומגלויבלאַכסטן חלום, וואָס די נאַכט-גייסטער האָבן ווען עס איז געקענט אָנשיקן אויף אַ מענטשן, כדי צו באַצויבערן זיין נשמה!... ע, נאַן, בעט, אַהער!...

אַן אומדייטלאַכע געשטאַלט האָט זיך באַוויזן ביי זיין זייט און אַ שטים האָט געזאָגט:

— וואָס באַוויליקסטו צו באַפעלן, מיין קיניג?

— באַפעלן? אָ, ווי איז מיר! איך דערקען דיין קול! זאָג, דו, ווער בין איך?



— דו? וואָרהאַפטיק, נעכטן ביסטו געגאַנגען שלאָפן, פּרינץ פון וועלש, און היינט האָסטו אויפגעוואַכט, מיין באַרימהאַרציקער הערשער, עדוואַרד, קיניג פון ענגלאַנד.

טאָם האָט איינגעגראָבן דעם קאָפּ צווישן די קישנס, מורמ-לענדיק:

— אָ, נאָך אַלעמען איז עס ניט קיין חלום! גיי צו דיין רו, ליבער הער, און לאָז מיך איבער אַליין מיט מיינע ליידן.

טאָם איז ווידער איינגעשלאָפן און אים האָט זיך געחלומט אַ גוטער חלום. אים האָט זיך געחלומט, אַז ס'איז זומער און ער שפּילט איינער אַליין אויף אַ ברייטער לאָנקע, וואָס רופט זיך: „גוטס-מענטש-פעלד". מיט אַמאָל האָט זיך באַוויזן אַ קליין קאַרליקל ניט מער ווי איין פוס די הייך, אַ הויקערדיקער מיט לאַנגע רויטע באַקנבאַרדן און געזאָגט: „גראָב לעבן דעמדאָזיקן בוים-שטאַם". ער האָט אַזוי געטאָן, און האָט געפונען צוועלף נייאינקע, בלישטשעדיקע פעניס — אַ גוואַלדיקן רייכטום! אָבער דאָס איז נאָך ניט געווען גאָר.

דער קאַרליקל האָט ווייטער געזאָגט:

— „איך קען דיך, דו ביסט אַ וואויל ייִנגל און פאַרדינסט באַלוינט צו ווערן. דיינע צרות האָבן זיך געענדיקט און דער טאָג פון דיין באַלוינונג איז אָנגעקומען. גראָב דאָ יעדן זיבעטן טאָג, און דו וועסט יעדעס מאָל געפינען דעמזעלביקן אוצר — צוועלף נייאינקע, בלישטשעדיקע פעניס. זאָג נאָר קיינעם ניט. האַלט די זאַך בסוד".

דאַן איז דער קאַרליקל פאַרשוואונדן און טאָם איז אַוועקגעלאָפן אין שמוץ-געסל מיט זיין געפינס, זאָגנדיק זיך אַליין:

— „יעדער נאַכט וועל איך געבן דעם טאַטן אַ פעני. ער וועט מיינען, אַז איך האָב עס אויסגעבעטלט. דאָס וועט ווייך מאַכן זיין האַרץ און ער וועט מיך מער ניט שלאָגן. איין פעני אַ וואָך וועט באַקומען דער גוטער גלח — מיין לערער, די מאַמע, נאַן און בעט — די אַנדערע פיר פעניס. פון היינט אָן — אויס הונגער און שמאַטעס, אויס שרעק און ציטערניש, אויס קלעפּ פון טאַטן און דער באָבען".

אין זיין חלום איז ער געקומען צו לויפן אָן אָטעם אין זיין שמוציקן נעסט, און מיט ברענענדיקע אויגן פון שמחה אַריינגעוואָרפן דער מוטער פיר פעניס, אויסשרייענדיק:

— דאָס איז אַלץ פאַר דיר! אַלע ביז איינע! יעדערע

באַזונדער! פאַר דיר, נאָך און בעט — און דאָס איז ערלאַך פאַר־דינט, ניט געבעטלט און ניט געגנבעט!

די גליקלאַכע און איבערראַשטע מוטער האָט אים צוגע־דריקט צו איר ברוסט און אויסגעשריען:

— עס ווערט שפּעט, וועט אייער מאַיעסטעט ניט באַווי־ליקן אויפצושטיין?

— אַך, ניט דאָס איז דער ענטפער, וואָס ער האָט געוואַרט! דער חלום איז פאַרשוואונדן. ער האָט זיך אויפגעכאַפּט.

ער האָט געעפנט די אויגן. לעבן זיין בעט איז געשטאַנען אויף די קני אַ ריין־געקליידטער לאָרד — דער הויפּט־קאָמערדינער. די פרייד פון דעם פאַלשן חלום איז פאַרשוואונדן — דער אָרימער ייִנגל האָט דערזען, אַז ער איז נאָך אַלץ אַ געפאַנגענער און אַ קיניג... דאָס צימער איז פול געווען מיט הויף־לייט אין פּורפּור־מאַנטלען — די טרויער־פאַרב פון ענגלישן הויף — און מיט אַדעליקע קי־ניגלאַכע דינער.

טאָם האָט זיך אַנידערגעזעצט אין בעט און פון הינטער די זיידענע שווערע פאָרהאַנגען באַטראַכט דידאָזיקע גלענצנדע געזעלשאַפט.

די וויכטיקע צערעמאָניע פון אָנטאָן זיך האָט זיך אָנגע־הויבן. אין דער צייט, וואָס ער האָט זיך אָנגעטאָן, האָט איין הויף־מקורב נאָכן צווייטן געקניט פאַר טאָמען און אויסגעדריקט אים מיטגעפיל אין זיין גרויסן פאַרלוסט.

צוגעגאַנגען איז די צערעמאָניע פון אָנטאָן אַזוי: צום אָנ־הייב האָט גענומען אַ העמד דער שטאַלמייסטער, וואָס האָט זי איבער־געגעבן דעם הויפּט־יעגערמייסטער, וועלכער האָט זי דערלאַנגט דעם צווייטן קאָמערדינער, יענער האָט זי איבערגעגעבן דעם הויפּט־אויפזעער פון די ווינדזאָר־וועלדער; און דער ווידער האָט זי איבערגעגעבן דעם דריטן אָבער־קאַמערהער, וואָס האָט זי, פון זייט, איבערגעגעבן דעם קאַנצלער פון לאַנקאַסטער. פון אים איז זי איבערגעגאַנגען צום גאַרדעראָב־מייסטער, וואָס האָט זי איבער־געגעבן דעם העראָלדמייסטער, פון וועמען זי איז איבערגעגאַנגען צום קאָמענדאַנט פון לאָנדאָנער פעסטונג, פון קאָמענדאַנט איז זי

איבערגעגאַנגען צום הויף־מיניסטער, פון הויף־מיניסטער צום סער־וועעל־פּאַרבינדער, פון אים צום ענגלישן לאָרד־אַדמיראַל, וואָס האָט זי איבערגעגעבן דעם אַרציבישאָף פון קענטערבער, וועלכער האָט צום סוף איבערגעגעבן די העמד דעם לאָרד־קאַמערדינער, וועלכער האָט זי אָנגעטאָן אויף ט אָ מ ע ן.

דער קליינער אָרימער וואַנדער־ייִנגל האָט דאָס צוגעקוקט און דערמאָנט זיך, ווי מען גיט איבער איינער דעם צווייטן עמערס וואַסער בעת אַ שׂרפה...

מיט יעדער טייל פון זיין טואַלעט איז דורכגעמאַכט געוואָרן דיזעלביקע לאַנגזאַמע און פייערלאַכע צערעמאָניע. טאָמען האָט עס גוואַלדיק דערעסן. זיין האַרץ איז דעריבער פול געוואָרן מיט דאַנקבאַרקייט, און ער האָט פרייער אָפּגעעטעמט, ווען ער האָט צום סוף דערזען זיינע זיידענע זאָקן, איבערגייענדיק פון האַנט צו האַנט: איצט איז פאַראַן אַ האָפענונג, אַז די צערעמאָניע וועט זיך באַלד ענדיקן. אָבער זיין פרייד איז געווען פאַר דער צייט. דער לאָרד ערשטער קאַמערדינער האָט גענומען די זאָקן און שוין געוואָלט אָנציען אויף ט אָ מ ס פיס, ווען ער איז מיטאַמאָל רויט געוואָרן און האָט איילנדיק איבערגעגעבן די זאָקן צוריק דעם אַרציבישאָף פון קענטערבער און מיט וואונדער אַ שעפּטשע געטאָן: „זעט נאָר, מיין לאָרד!" דער אַרציבישאָף איז בלאַס געוואָרן, דערנאָך רויט געוואָרן און, איילנדיק, איבערגעגעבן די זאָקן דעם לאָרד הויפּט־אַדמירל, שטיל זאָגנדיק: „זעט נאָר, מיין לאָרד!" דער לאָרד אַדמיראַל האָט זיי איבערגעגעבן דעם הויפּט סערוועטעל־פּאַרבינדער, וועלכער האָט קוים געקענט אַרויסריידן: „זעט נאָר, מיין לאָרד!"—די זאָקן זיינען איבערגעגאַנגען צוריק איבער דער גאַנצער שורה צום הויף־מיניסטער, צום קאָמענדאַנט פון לאָנדאָנער פעסטונג, פון קאָמענדאַנט צום העראָלד־מייסטער, פון העראָלדמייסטער צום גאַרדעראָב־מייסטער, פון גאַרדעראָב־מייסטער צום קיניגלאַכן קאַנצלער פון לאַנקאַסטער, פון קאַנצלער צום וואַלד־היטער פון די ווינדזאָר־וועלדער, פון וואַלד־היטער צום דריטן קאַמערדינער, פון דריטן קאַמערדינער צום צווייטן קאַמערדינער, פון צווייטן קאַמערדינער צום ערשטן לאָרד יעגער־

מייסטער,—באַגלייט אַלץ מיט דעם זעלביקן דערשראָקענעם, פאַר־וואונדערטן און פאַרשטיקן אויסרוף: „זעט נאָר, מיין לאָרד!" — ביזוואַנען די זאָקן זיינען צום סוף דערגאַנגען צום לאָרד־הויפּט־שטאַלמייסטער, וואָס איז, אַ קוק געבנדיק אויף זיי, בלייך געוואָרן ווי די וואַנט, און דערנאָך מיט אַ פאַרשטיקטן הייזעריקן קול אויסגערופן:

— גאָט אין הימל! אין ספּראַנזשקע פון זאָקן־בענדל פעלט אַ שטיפטל! אין פעסטונג דעם הויפּט־פאַרוואַלטער פון די קיניג־לאַכע זאָקן!—און ער האָט זיך אָן כּוחות אָנגעשפּאַרט אויף דעם יעגער־מייסטערס אַקסל, ביז מען האָט געבראַכט אַנדערע זאָקן שוין מיט גאַנצע זאָקן־בענדלאַך...

אָבער יעדע זאַך מוז האָבן אַ סוף, און אַזוי האָט צו טאָמס אָנטאָן זיך אויך גענומען אַ סוף: אין דער געהעריקער צייט איז ער געוועזן פאַרטיק אַרויסצוגיין פון בעט. איצט האָט זיך אָנגע־הויבן די צערעמאָניע פון איינוואַשן: איין באַאַמטער האָט אויס־געגאָסן וואַסער, דער צווייטער האָט אויפגעפּאַסט אויף דאָס איינ־וואַשן זיך, דער דריטער האָט דערלאַנגט דאָס האַנטטוך, ביז טאָם איז ביסלאַכוויס, דורכגעגאַנגען די פּראָצעדור פון וואַשן זיך און איז גרייט געוועזן איבערצוגיין אין די בענט פון דעם קיניגלאַכן שערער. ווען ער איז סוף־כּל־סוף אַרויס פון דעמדאָ־זיקן קינסטלערס הענט,—איז דאָס יינגל אין זיין פּורפּורנעם אַט־לאַס־מאַנטל, זיינע הויזלאַך און אין זיין הוט מיט דעם רויטן פע־דער געווען גראַציעז און שיין ווי אַ קליין מיידעלע.

לאַנגזאָם האָט ער זיך באַוועגט צו זיין פרישטיק־צימער צווישן אַ גלענצנדער הויף־געזעלשאַפט וואָס האָט ביי זיין דורכ־גאַנג געמאַכט וועג פאַר אים און געפאַלן פון ביידע זייטן אויף די קני.

נאָך אָנבייסן, איז ער מיט דער גאַנצער הויף־צערעמאָניע אָפּגעפירט געוואָרן אין דער באַגלייטונג פון די העכסטע מלוכה־לייט און אונטער דער ערן־וואַך פון פופציק אַדללייט וואָס האָבן געהאַט באַגילטע שלאַכט־העק אין די הענט, אין טראָן־זאַל, וואו ער האָט זיך פאַרנומען מיט מלוכה־ענינים. זיין „פעטער" דער

לאָרד הערטפאָרד איז געשטאַנען ביים טראָן כדי צו העלפן דעם קיניג מיט עצות.

עס זיינען געקומען די באַרימטע שטאַטס-מענער, וואָס זיינען באַשטימט געוואָרן פון געשטאָרבענעם קיניג פאַר דעם פרינצס אַפּוטרפּסים און געבעטן טאָמס הסכמה אויף איינעקע פון זייערע פאַראָרדענונגען — מער פון יוצא וועגן, אָבער דאָך ניט גאָר אומזיסט, מחמת קיין רעגענט איז נאָך ניט באַשטימט געוואָרן און דערווייל איז טאָם געווען דער איינציקער הערשער פון ענגלאַנד.

דער אַרציבישוף פון קענטערבערי האָט געמאָלדן וועגן דעם דעקרעט פון אַפּוטרפּסים-ראַט וועגן דער קבורה פון זיין מאַיעסטעט, דעם געשטאָרבענעם קיניג און געענדיקט מיט פאָרלייענען די חתימות אויפן דעקרעט:

אַרציבישוף פון קענטערבערי, לאָרד-קאַנצלער פון ענגלאַנד, וויליאַם לאָרד סענט-דזשאָן, דזשאָן לאָרד ראָססעל, עדוואַרד גראַף הערטפאָרד, דזשאָן וויקאָנט ליל, קעסבערט ביסקופ פון דורהאַם.

טאָם האָט זיך ניט צוגעהערט — זיין מח איז געווען פאַרנומען מיט עפּעס אַנדערש. — אַנבויגנדיק זיך צום לאָרד הערטפאָרד האָט ער שטיל געפרעגט:

— אויף וואָסער טאָג, — האָט ער געזאָגט — איז באַשטימט די קבורה?

— אויף דעם זעכצנטן פון דעם קומענדיקן חודש, מיין הערשער.

— וואָס פאַר אַ משוגעת! וועט ער דען ניט קאַליע ווערן ביז דאַמאָלס?

אָרים יינגל! אים זיינען נאָך פרעמד געווען די קיניגלאַכע מנהגים. ער איז געוואוינט געווען צו שמוץ-געסל, וואו דער אומגליקלאַכער מת ווערט וואָס גיכער אָפּגעראַמט פון וועג. נאָר דער לאָרד הערטפאָרד האָט אים מיט אַ פּאָר ווערטער באַרואיקט.

אַ שטאַאַטס-סעקרעטאַר האָט פאָרגעשטעלט די מיינונג פון

רעגירונגס-ראַט, וואָס האָט באַשטימט אויף מאָרגן עלף אַ זייגער אין דערפרי אָנצונעמען די אויסלענדישע געזאַנדטע און האָט געבעטן דערויף דעם קיניגס הסכמה.

טאָם האָט ווי פרעגנדיק אַ קוק געטאָן אויף דעם לאָרד הערטפאָרד, יענער האָט אים שטילערהייט געזאָגט.

— אייער מאַיעסטעט וועט באַווילִיקן איינצושטימען — זיי וועלן קומען אויך אויסדריקן דעם טרויער און מיטגעפיל פון זייערע קיניגלאַכע הערשער אין דעם שווערן פאַרלוסט, וואָס עס האָט געטראָפן אייער מאַיעסטעט און דאָס קיניגרייך פון ענגלאַנד.

טאָם האָט געפאָלגט זיין עצה.

אַ צווייטער סעקרעטאַר האָט גענומען לייענען אַ באַריכט וועגן די הויז-הוצאות פון דעם געוועזענעם קיניג, וואָס האָבן דערגרייכט ביז אַכט-און-צוואַנציק טויזנט פונט שטערלינג פאַר די פאַרגאַנגענע זעקס חדשים — אַ סכום געלט, וואָס טאָם האָט קיינמאָל אַזוינס ניט געהערט. ער האָט זיך נאָך מער פאַרוואונדערט, ווען ער האָט דערהערט, אַז פון דערדאָזיקער סומע איז נאָך פאַראַן צוואַנציק טויזנט פונט שטערלינג ניט באַצאָלטע חובות, און ער האָט גאָר אויפגעעפנט דאָס מויל פון וואונדער, ווען ער האָט ווייטער דערהערט, אַז דעם קיניגס קופערטן זיינען פוסט, און אַז צוועלף הונדערט דינער זיינען שטאַרק ניט צופרידן וואָס מען צאָלט זיי ניט קיין שכירות.

טאָם האָט מיט שטאַרקער אויפרעגונג געזאָגט:

— מיר גייען אונטער — דאָס איז קלאָר ווי דער טאָג. ס'איז נויטיק ווי לעבן מיר זאָלן נעמען אַ קלענערע דירה און אָפּלאָזן די דינערשאַפט. סיי ווי סיי טויגן זיי אויף כפרות, מחמת זיי טוען גאָרניט און שטערן נאָר. ס'איז אַ ווייטאָק און אַ חרפה צו באַנוצן זיך מיט זייער באַדינונג, וואָס פּאַסט סיידן פאַר אַ ליאַלקע, וואָס האָט ניט קיין מאַרך אין קאָפּ און קיין הענט אַליין זיך צו העלפן. איך דערמאָן זיך אָן אַ קליין שטיבל וואָס איז געשטאַנען געגנאיבער דעם פיש-מאַרק לעבן בילינגסגייט...

אַ שטאַרקער דריק מיטן האַנט האָט אָפּגעשטעלט טאָמס נאַרישן צונג. טאָם איז רויט געוואָרן. אָבער אויף די פּנימער

פון די אַרומיקע איז ניט געווען קיין שום צייכן, אַז זיי האָבן באַמערקט דידאָזיקע מאָדנע רייד.

נאָך אַ סעקרעטאַר האָט געמאַכט אַ פּאָרטראַג, וואו ער האָט געמאָלדן, אַז היות דער פאַרשטאָרבענער קיניג האָט אָפּגעשריבן אין זיין צוואה, דעם גראַף הערטפאָרד דעם טיטול הערצאָג, זיין ברודער סער טהאָמאַס סיימור — דעם טיטול פּער, הערטפאָרדס זון—דעם טיטול גראַף, און דאָס גלייכן זאָלן נאָך איייניקע וויכטיקע הויף-לייט דערהויבן ווערן אין זייערע ראַנגען,—בכן, האָט דער אַפּוטרפּסים-ראַט באַשלאָסן צו באַשטימען אַ זיצונג אויף דעם זעכצנטן פעברואַל, - צו באַשטעטיקן און איבערצוגעבן די אַלע טיטלען. נאָר אַזוי ווי דער פאַרשטאָרבענער קיניג האָט שריפטלאַך ניט אָפּגעזאָגט קיין גיטער וואָס זאָלן געבן די אויבנדערמאָנטע הויפלייט די מעגלאַכקייט צו פירן דעם געהעריגן שטאַט, ווי עס פּאַסט זיך פאַר זייערע טיטלען,—האָט דער ראַט, ווי־סנדיק פּריוואַט דעם קיניגס וואונטש אין דעמדאָזיקן ענין, געפונען פאַר נויטיק צו שענקען סיימורן לאַנד אין דער ווערט פון פינף הונדערט פונט שטערלינג, הערטפאָרדס זון—אויף אַכט הונדערט פונט שטערלינג און אויף דריי הונדערט פונט שטערלינג דעם בישוף פון די פעלדער, וואָס ליגן אין שכנות מיט זיין לאַנד,—אויב דער קיניג וועט עס באַוויליקן.

טאָם האָט שוין געוואָלט אַרויסשפּרינגען מיט אַ באַמערקונג, אַז ס׳וואָלט, געווען מער יושר צו באַצאָלן דעם קיניגס חובות און ניט וואַרפן זיך אַזוי מיט מתנות, אָבער אַ ריר מיטן האַנט פון דעם אויפמערקזאַמען הערטפאָרד האָט אים פאַריהיט פון דעראָזיקער אומפאָרזיכטיקייט, און ער האָט אָן ווערטער געגעבן זיין קיניגלאַכע הסכּמה, אָבער אינערלאַך שטאַרק אומצופרידן.

זיצנדיק אַ ווײַלע פאַרטראַכט וועגן די מערקווירדיקע און וואונדערלאַכע מעשׂים וואָס ער טוט דאָ אָפּ,—איז אים מיטאַמאָל איינגעפאַלן אַ גליקלאַכער געדאַנק: פאַרוואָס ניט מאַכן זיין מאַמע פאַר הערצאָגין פון שמוץ-געסל און שענקען איר אַ פּאָר גיטער? אָבער גלייך נאָכדעם איז געקומען דער טרויעריקער געדאַנק:

ער איז דאָך ניט מער ווי אַ קיניג לויטן נאָמען, אין דער אמתן אָבער זיינען דאָך אָט די אַלטע וויכטיקע זקנים און לאָרדן זיינע באַלעבאַטים און אַפּוטרופּסים. און, אויב ער וועט זיי זאָגן וועגן זיין מוטער, וועלען זיי עס אָננעמען פאַר אַ נייע משוגעת און וועלן שיקן נאָכן דאָקטאָר.

די לאַנגווייליקע אַרבעט איז לאַנגזאַם געגאַנגען ווייטער. פּעטיציעס, בקשות פּראָקלאַמאַציעס און אַלערליי לאַנגע, נודנע און לאַנגווייליקע פּאַפּירן, וואָס זיינען נוגע געזעלשאַפטלאַכע ענינים זיינען געלעזן געוואָרן. טאָם האָט שוין מער ניט געקענט אויסהאַלטן, האָט טרויעריק אָפּגעזיפצט און אַ קלער געטאָן: „מיט וואָס האָב איך עס אַזוי פאַרזינדיקט אַנטקעגן באַרמהאַרציקן גאָט וואָס ער האָט מיך אַוועקגענומען פון די פרייע פעלדער, פון דער פרישער לופט און זונענשיין, מיך פאַרשפּאַרט דאָ, מיך געמאַכט פאַר אַ קיניג און פּייניקט מיך אַזוי."

זיין אָרים, צעטומלט קאָפּ האָט זיך עטלאַכע מאָל אַ וויג געטאָן און איז געפאַלן אויפן אַקסל. די גאַנצע רעגירונגס-מאַשין האָט זיך אָפּגעשטעלט, ווייל ס'האָט זיך אָפּגעשטעלט די קיניגלאַכע באַוועגונגס קראַפט — דער באַשטעטיקונגס-כוח...

אַ שטילקייט האָט געהערשט ארום דאָס שלאָפעדיק קינד און די גרייז-גרויע מלוכה-מענער האָבן איבערגעהאַקט זייערע באַראַטונגען.

אין פאַרלויף פון פאַרמיטאָג האָט טאָם געהאַט אַן אָנגענעמע שעה. זיינע וועכטער: לאָרד הערטפאָרד און סענט-דזשאָן האָבן אים ערלויבט צו זען זיך מיט דער פּרינצעסין עליזאַבעט און מיט דער קליינער ליידי דזשעני גריי.

די פּרינצעסינס זיינען אָבער געווען זייער נידערשלאָגן און פאַרטרויערט צוליב דעם גרויסן אומגליק, וואָס האָט געטראָפן דאָס קיניגלאַכע הויז און דער סוף פון וויזיט איז נאָך מער איבערגעפירט געוואָרן דורך דעם באַזוך — פון זיין עלטערער „שוועסטער" מערי — (באַוואוסט שפּעטער אין דער געשיכטע אונטער דעם נאָמען „די בלוטיקע מערי"), — וואָס האָט מיט אים גע-

פירט אַן ערנסטן שמועס, וועלכער האָט אין זיינע אויגן געהאַט די איינציקע מעלה וואָס ער איז געווען קורץ.

אַ פּאָר מינוט האָט ער געהאַט פאַר זיך אַליין דערנאָך האָט זיך אים פאָרגעשטעלט אַ מאָגער ייִנגל פון אַ יאָר צוועלף פון קאָפּ ביז די פיס דורך אין שוואַרצן—אַחוץ דעם שניי ווייסן שפּיציקן קראַגן און מאַנזשעטן — קיין טרויער באַנד האָט ער אויפן אַרבל ניט געטראָגן, נאָר אויפן אַקסל איז ביי אים געווען אַ רויטער בענדל, אַלס צייכן פון טרויער. ער האָט זיך דערנעענטערט מיט שנעלע טריט און איז אַ פאַל געטאָן פאַר טאָמען אויף איין קני. טאָם איז געזעסן רואיק און האָט אים אַ ווײַלע באַטראַכט, נאָכהער געזאָגט:

— שטיי אויף, ייִנגל, ווער ביסטו און וואָס פאַרלאַנגסטו?

דאָס ייִנגל האָט זיך אויפגעהויבן און איז געבליבן שטיין אין אַ פרייער פּאָזע, אָבער מיט אַן אויסדרוק פון זאָרג אויף זיין פּנים. ער האָט געזאָגט:

— דו מוזט מיך געוויס געדענקען, מיין האַר. איך בין דאָס ייִנגל וואָס מען שמייסט אָנשטאָט דיר.

— מיין שמייס-ייִנגל?

— דער זעלביקער מיין האַר, איך בין העמפרי, העמפרי מאַרלאָו.

טאָם האָט אַ קלער געטאָן, אַז פאַר אים שטייט איינער, וועגן וועלכן זיינע אויפפּאַסער האָבן אים אייגנטלאַך געדאַרפט קלאָר מאַכן.

די לאַגע איז געווען אַ שווערע. וואָס זאָל ער דאָ טאָן? מאַכן זיך, אַז ער קען דאָס ייִנגל און דערנאָך אַרויסגעבן זיך מיט יעדן וואָרט, אַז ער האָט אים קיינמאָל פריער אין די אויגן ניט געזען? ניין, דאָס טויג ניט. מיטאַמאָל איז אים אייגעפאַל אַ גוטער געדאַנק: אַזעלכע צופאַלן קענען דאָך אָפט פּאַסירן און איצט, ווען לאָרד הערטפאָרד און סענט-דזשאָן, וואָס זיינען באַשטימט געוואָרן אין דער אַפּוטרָפּסים-קאָמיסיע, און זיינען שטאַרק פאַרנומען, איז ניטאָ ביי וועמען צו פרעגן אויך, איז אפשר גלייכער אויסצואַרבעטן אַ פּלאַן, ווי אַזוי אַרויסצופּלאָנ-

טערן זיך פון אַזעלכע פאַרלעגנהייטן. יאָ, דאָס איז אַ גלייכע זאַך. ער וועט עס אויספּרובירן אויף דאָס ייִנגל און זען ווי גייט עס.

און, רייבנדיק אַ ווײַלע דעם שטערן, האָט ער פאַרזאָרגט געזאָגט:

— יאָ־אָ, דוכט זיך, אַז איך קען דיך, יאָ עפּעס דערמאָן איך זיך—אָבער מײַן זכרון איז אַזוי פאַרטונקלט און אָפּגעשוואַכט די לעצטע צײַטן דורך מײַנע יסורים.

— אַך, מײַן אָרימער הערשער! — האָט דער שמייס־ייִנגל אויסגערופן מיט רחמנות און באַלד צוריק פאַרכאַפּט זיך, אַ טראַכט געבנדיק: „טאַקע אמת, זיי זאָגן, אַז ער איז ניט בײַם זינען — נעבאַך! אָבער אַן אומגליק האָט מיך געטראָפן, ווי איך פאַרגעס זיך אַ ביסל! מען האָט דאָך מיר אָנגעזאָגט, כ׳זאָל זיך מאַכן ניט באַמערקנדיק, אַז ניט אַלץ איז בײַ אים אין אָרדנונג.

— ס׳איז מערקווירדיק ווי מײַן זכרון פאַראַט מיך לעצטנס — האָט טאָם ווײַטער געזאָגט.—אָבער דו קוק דערויף ניט — עס ווערט מיר וואָס ווײַטער אַלץ בעסער. אַ קלײנער וואונק איז מיר אָפט גענוג איך זאָל זיך דערמאָנען זאַכן און נעמען, וואָס איך האָב געוועזן פאַרגעסן. (און ניט נאָר אַזעלכע, וואָס כ׳האָב פאַרגעסן, נאָר אַפילו אַזעלכע, וואָס איך האָב קיינמאָל ניט געוואוסט, ווי דער ייִנגל וועט זיך באַלד איבערצייגן — האָט טאָם פאַר זיך געקלערט).

— אָ, דאָס האַנדלט זיך וועגן אַ קלייניקייט, מײַן הערשער, דאָך וועל איך עס באַרירן, אויב אײַער גנאָד באַוויליקט: מיט צוויי טעג צוריק, ווען אײַער גנאָד האָט אויף דער גריכישער לעקציע געמאַכט דריי טעותן, צי געדענקט, מײַן האַר?

— יאָ־אָ־אָ, מיר שיינט איך געדענק... (ס׳איז ניט גאָר אַ ליגן: ווען כ׳וואָלט זיך איבערהויפּט צוגערירט צו גריכיש, וואָלט איך געמאַכט ניט דריי, נאָר דרײַסיק טעותן) — יאָ, איך דערמאָן זיך—ווײַטער!

— דער לערער, זייענדיק בייז פאַר אַזאַ נאַכלעסיקייט און

גיט אויפמערקזאַמע אַרבעט — ווי ער האָט עס אָנגערופן, — האָט צוגעזאָגט גוט אָפּצושמייסן מיך דערפֿאַר און...

— ד י ך שמייסן!—האָט ט אָ ם אויסער זיך פון וואונדער אויסגערופן,—פּאַרוואָס קומט ד י ר שמייסן פאַר מיינע פעלערן?

— אַך, אייער גנאָד פאַרגעסט ווידער, ער שינדט פון מיר די הויט יעדעס מאָל, ווען אייער גנאָד מאַכט פעלערן אויף די לעקציעס.

— אמת, אמת, כ׳האָב גאָר געווען פאַרגעסן. דו מאַכסט מיט מיר די לעקציעס און ווען איך ווייס ניט, מיינט ער, אַז דו האָסט שלעכט געטאָן דיין פליכט און...

— אָ, קיניג, וואָס זיינען דאָס פאַר אַ ווערטער? איך, דער נידעריקסטער פון דיינע דינער וואָלט זיך דערוועגן ד י ך צו לערנען!?

— אין וואָס-זשע באַשטייט דיין שולד? וואָס איז דאָס פאַר אַ רעטעניש? בין איך באמת משוגע, אָדער דו ביסט פון זינען אַראָפּ? גיב מיר צו פאַרשטיין. רייד ווערטער!

— אָבער, אייער מאַיעסטעט, דאָ איז נישטאָ וואָס צו געבן צו פאַרשטיין. קיינער טאָר ניט באַרירן די הייליקע פערזאָן פון דעם פּרינץ מיט קלעפּ. דעריבער, ווען ער מאַכט עפּעס אַ פעלער, נעם איך אויף זיך די שטראָף, און אַזוי דאַרף זיין אויך, וואָרים דאָס איז מיין שטעלע און איך לעב דערפון *).

ט אָ ם האָט געקוקט אויף דעם יינגל, וואָס איז רואיק געשטאַנען פאַר אים, און געטראַכט: „טאַטע זיסער! ס׳איר שוין געזען אַזויגס? וואָס פאַר אַ מאָדנע און מערקווירדיקע פּראָפעסיע אַ חידוש וואָס זיי האָבן ניט געדונגען אַ יינגל, וואָס זאָל זיך קאָמען און אָנטאָן פאַר מיר. הלוואַי וואָלטן זיי עס געטאָן, וואָלט איך בעסער אַליין גענומען די שמיץ און וואָלט געדאַנקט גאָט פאַרן בייסן זיך.

דאָן האָט ער זיך געווענדט צום יינגל און געפרעגט:

---

*) ד ז ש י י מ ס דער ערשטער און ט ש א ר ל ז דער צווייטער האָבן געהאַט שמייס-יינגלאַך ווען זיי זיינען געווען קליינע פּרינצלאַך.

— און האָט מען דיך, מיין אָרים פריינד, געשמיסן ווי מען האָט דיר צוגעזאָגט?

— ניין, אייער מאַיעסטעט, מיין שטראָף איז געווען באַשטימט אויף היינט, און אפשר וועט עס אינגאַנצן בטל ווערן, צוליב דעם טרויער, וואָס אונז האָט געטראָפן. איך ווייס ניט, בין איך געווען אַזוי דרייסט און געקומען אַהער דערמאָנען אייער גנאָד וועגן דעם גנעדיקן צוזאָג אָנצונעמען זיך פאַר מיר.

— צו פאַרהיטן דיך פון שמיץ?

— אָ, אייער גנאָד האָט זיך דערמאָנט?

— זעסטו, מיין זכרון ווערט בעסער. זיי רואיק, דיין רוקן וועט בלייבן ניט געפאַסעוועט, איך וועל שוין דערפאַר זאָרגן.

— אָ, איך דאַנק, מיין גוטער הערשער! — האָט דאָס יינגל אויסגעשריען, פאַלנדיק אויף די קני, — איך בין אפשר צו דרייסט דאָך וועל איך...

זעענדיק, אַז העמפּרי קווייקלט, האָט אים טאָם אונטערגעגעבן מוט זאָגנדיק, אַז ער איז היינט „אין אַ גוטער שטימונג".

— אויב אַזוי, וועל איך אַרויסזאָגן, וואָרעם עס ליגט מיר אויפן האַרצן. אַזוי ווי דו ביסט שוין מער ניט פּרינץ פון וועלש, נאָר קיניג און קענסט באַפוילן וואָס דו ווילסט און קיינער וועט זיך ניט דערוועגן צו זאָגן דיר: ניין, — דעריבער האָט קיין זין ניט דיין גנאָד זאָל זיך אָפּגעבן מיט לאַנגווייליקע שטודיומס, קענסטו דאָך הייסן פאַרברענען אַלע דיינע ביכער און ווענדן דיינע געדאַנקען צו עטוואָס — בעסערס און ווייניקער לאַסטיקעס, דאַן בין איך פאַרלאָרן און צוזאַמען מיט מיר — מיינע שוועסטער די יתומות.

— פאַרלאָרן? פאַרוואָס? זאָג, איך בעט דיך.

— מיין רוקן איז מיין ברויט, אָ, מיין גנעדיקער האַר און ווען מיין רוקן וועט רוען, וועל איך הונגערן: אויב דו וועסט אויפהערן צו לערנען, וועט מיין שטעלע אָפּגעשאַפט ווערן, ווייל מען וועט שוין מערניט דאַרפן קיין שמייס-יינגל. אָ, פאַראָגט מיך ניט פונדאַנען!

טאָם איז געריִרט געוואָרן פון דעם ייִנגלס אויפריכטיקער פאַרצווייפלונג, און ער האָט מיט עכט קיניגלאַכער גרויסמוטיקייט געזאָגט:

— באַאומרואיק זיך ניט מער, ייִנגעלע, דיין שטעלע בלייבט פאַר דיר און פאַר דיינע קינדס-קינדער אויף אייביק.

דאַן האָט ער אַ לייכטן קלאַפּ געגעבן מיט דער פלאַכע פון שווערד אויף דעם ייִנגלס אַקסל — אַ סימן פון קיניגלאַכן גנאָד — און געזאָגט:

— שטיי אויף העמפרי מאַרלאָאו, ערבלאַכער גרויס-שמייס-ייִנגל צום קיניגלאַכן הויף פון ענגלאַנד! פאַרטרייב דיין זאָרג; איך וועל זיך ווידער נעמען צו מיינע ביכער און וועל זיך לערנען אַזוי שלעכט, אַז זיי וועלן דיר מוזן פאַרגרעסערן דיין געהאַלט אין דריי מאָל — אַזוי פיל אַרבעט וועט זיין פאַר דיין רוקן.

דער דאַנקבאַרער העמפרי האָט מיט היץ אויסגערופן:

— אַ דאַנק, אַ דאַנק, אָ, מיין נאָבעלער באַשיצער! די דאָזיקע קיניגלאַכע ברייטהאַנטיקייט האָט איבערגעשטייגט אַלע מיינע ווילדסטע פאַנטאַזיעס וועגן גליק. איצט וועל איך און אַלע פון דער משפחה מאַרלאָאו, וואָס וועלן קומען נאָך מיר, זיין גליקלאַך ווי לאַנג מיר וועלן לעבן.

טאָם האָט געהאַט שכל גענוג צו פאַרשטיין, אַז דאָ שטייט פאַר אים אַ ייִנגל וואָס קען אים נוציק זיין, ער האָט אונטערגעגעבן העמפרין חשק צו ריידן, און יענער איז ניט געווען דאַגעגן. ער איז געווען אַנטציקט וואָס ער העלפט „אויסצוהיילן" טאָמען: וואָרים ער האָט באַמערקט, אַז יעדעס מאָל, ווען ער רופט אַרויס אין זיין זכרון אײַנצלהייטן וועגן פּאַסירונגען אין דעם קיניגלאַכן קלאַס-צימער אָדער ערגעץ אַנדערש אין פּאַלאַץ, — „דערמאָנט" זיך טאָם אָן דאָס איבעריקע מיט אַלע ברעקעלאַך. אין אַ שעה אַרום איז טאָם געוואָרן אָנגעלאָדן מיט זייער וויכטיקע ידיעות וועגן פּערזאָנען און זאַכן, וואָס זיינען נוגע דעם הויף, און ער האָט באַשלאָסן צו שעפּן ידיעות פון דעמזעלביקן קוואַל יעדן טאָג. ער וועט דעריבער אָפּגעבן אַ באַפעל, מען זאָל צולאָזן

הּ ע מ פ ר י ן ווען ער וועט קומען, אויב זיין מאַיעסטעט, דער קי־
ניג פון ענגלאַנד וועט ניט זיין פאַרנומען מיט אַנדערע פּערזאָ־
נען.

ה ע מ פ ר י איז נאָר וואָס אַרויסגעגאַנגען ווען דער לאָרד
ה ע ר ט פ אָ ר ד איז אַריין און געבראַכט טאָמען נייע זאַרג.

ער האָט געזאָגט, אַז אַזוי ווי דער אַפּוטרופּסים־ראַט האָט
מורא, אַז די איבערטריבענע קלאַנגען וועגן דעם קיניגס צו־
שטערטן געזונט קענען פאַרשפּרייט ווערן אין לאַנד און אויסער
לאַנד,—האָבן זיי געפונען פאַר גלייך און נויטיק, אַז זיין מאַיעס־
טעט זאָל אין אַ טאָג אָדער צוויי טעג אַרום אָנהייבן עסן זיין
מיטאָג אין דער עפנטלאַכקייט. זיין געזונטע געזיכטס־פאַרב און
זיכערער טראָט צוזאַמען מיט זיינע איינגעהאַלטענע מאַנערן,
פרייע און פיינע באַנעמונג, וועט בעסער פון אַלץ באַרואיקן דאָס
פאָלק, אין פאַל אויב וועלכע ס'איז אומגעווינטשטע קלאַנגען
האָבן זיך שוין פאַרשפּרייט.

דאַן האָט דער גראַף זייער פאָרזיכטיק גענומען לערנען
ט אָ מ ע ן ווי אַזוי ער דאַרף זיך אויפפירן אין דער עפנטלאַכקייט.
ער האָט עס געמאַכט אַזוי, ווי ער וואָלט אים כלומרשט, „דער
מאָנט" זאַכן, וואָס ט אָ ם ווייס שוין פון לאַנג. אָבער צו דעם
גראַפס גרויס צופרידנקייט האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ט אָ ם נוי־
טיקט זיך ניט שטאַרק אין אַזעלכע אָנווייזונגען—דערוויסנדיק זיך
נאָך פריער פון ה ע מ פ ר י ן, אַז ווערליק ווי ער האָט געהערט
ריידנדיק, וועט דער קיניג אין אַ פאָר טעג אַרום אָנהייבן מיטאָג
עפנטלאַך. ט אָ ם האָט אָבער וועגן דעם פאַרשוויגן.

זעענדיק, אַז דעם קיניגס זכרון האָט זיך אַזוי געבעסערט,
האָט דער גראַף, באַשלאָסן צו פּרובירן ווי פאַרבייגייענדיק, ווי ווייט
די פאַרבעסערונג איז געגאַנגען. די רעזולטאַטן זיינען אין איני־
גע פאַלן געווען זייער גוטע—דאָרטן, וואו די צייכנס פון ה ע מ פ־
ר י ס ידיעות זיינען פאַרבליבן. אין אַלגעמיין האָט זיך דער גראַף
געפילט זייער צופרידן און — אויף אַזויפיל געמוטיקט, אַז ער
האָט אין אַ שטילער און האָפנונגספולער שטים געזאָגט:

— איצט בין איך זיכער, אַז ווען אייער מאַיעסטעט זאָל

נאָר אָנשטרענגען דעם זכּרון אַ ביסל ווייטער, וועט ער געוויס לייזן די רעטעניש פון דעם גרויסן שטעמפּל.—דער פאַרלוסט פון דעם שטעמפּל האָט געהאַט אַ גרויסע באַדייטונג נעכטן, כאָטש היינט האָט עס שוין קיין שום באַדייטונג ניט, מחמת זיין ווערט האָט זיך געענדיקט צוזאַמען מיטן לעבן פון דעם געוועזענעם קיניג. וועט אייער גנאָד באַוויליגן צו מאַכן די אָנשטרענגונג און דערמאָנען זיך, וואו ער האָט אַהינגעטאָן דאָס שטעמפּל?

טאָם איז געווען פאַרפּלעפט: — אַ גרויסער שטעמפּל איז פאַר אים געווען אַ גאַנץ אומבאַקאַנטע זאַך.

קווינקלענדיק אַ ווײַלע, האָט ער אומשולדיק אַ קוק געטאָן אויף דעם לאָרד הערטפאָרד און געזאָגט:

— ווי זעט אויס אַ שטעמפּל, מיין לאָרד?

דער לאָרד האָט אַ ציטער געטאָן, מורמלענדיק צו זיך אַליין: „אַך, זיין פאַרשטאַנד איז ווידער פאַרשוואונדן! ס'איז געווען אַ קנאַפּער שכל פון מיר צו לאָזן אים אַזוי אָנשטרענגען זיין מוח".

און ער האָט גיך גענומען ריידן וועגן עפּעס אַנדערש, כּדי אָפּצוּוואַרפן טאָמס געדאַנקען פון דעם אומגליקלאַכן שטעמפּל, און דאָס איז אים לייכט געלונגען אויך.

# פופצעטער קאַפּיטל.

## טאָם — אַ קיניג.

אויף מאָרגן זיינען געקומען די אויסלענדישע אַמבאַסאַדאָרן מיט זייערע גלענצנדע סוויטעס. טאָם האָט זיי אויפגענומען זיצנ־דיק אויפן טראָן מיט גרויס פייערלאַכקייט.

די פּראַכט און גלאַנץ פון דאָס בילד האָט פון אָנהויב גע־פרייט זיין אויג און צעהיצט זיין פאַנטאַזיע אָבער די אוידיענץ האָט זיך פאַרצויגן און איז געוואָרן לאַנגווייליק. דאָס גלייכן — דאָס רוב פון די רעדעס,—און דאָס, וואָס ס'איז פון אָנפאַנג גע־ווען פאַר אים אַ פאַרגעניגן, איז צום סוף געוואָרן אַ לאַסט, האָט אים מיד געמאַכט און אַרויסגערופן ביי אים אַ בענקעניש נאָך דער היים.

טאָם האָט, פון צייט צו צייט, נאָכגעזאָגט די ווערטער, וואָס הערטפאָרד האָט אים אַריינגעלייגט אין מויל און באַמיט זיך מיט אַלע כוחות געוויסנהאַפטיק אויסצופירן זיין ראָליע, אָבער ער איז נאָך צו ווייניק געוואוינט געווען צו אַזעלכע זאַכן, און האָט, זיך צופיל געפילט געבונדן, ער זאָל שפּילן זיין ראָלע גאָר גוט.

ער האָט אויסגעזען כמעט ווי אַ קיניג, אָבער ער האָט זיך בשום אופן ניט געקענט פילן אַלס קיניג, און איז דעריבער שטאַרק צופרידן געווען, ווען די צערעמאָניע האָט זיך סוף־כל־סוף געענדיקט.

דאָס גרעסטע טייל פון טאָג איז ביי אים „צעריבן געוואָרן״— ווי ער האָט עס—אָנגערופן — און פאַרשיידענע אַרבעט, וואָס זיי־

נען פאַרבונדן געווען מיט זיינע קיניגלאַכע פליכטן. אַפילו די צוויי שעה וואָס זיינען אָפּגעגעבן געוואָרן אויף פאַרשיידענע קי־ניגלאַכע פאַרווייַלונגען,—זיינען פאַר אים אויך געווען מער לאַסט, ווי פאַרגעניגן — אַזוי שטאַרק זיינען זיי געווען באַשרענקט מיט אַלערליי באַגרענצונגען און עטיקעט־צערעמאָניעס. איין שעה נאָר האָט ער געהאַט אַ גוטע,—דאָס איז די שעה, וואָס ער האָט פאַר־בראַכט מיט העמפרי. דידאָזיקע שעה האָט ער גערעכנט פאַר אַן אמת געפונענע, מחמת זי האָט אים געגעבן אי פאַרגעניגן אי נויטיקע ידיעות.

דער דריטער טאָג פון טאָמס קיניגטום איז פאַרבייגעגאַנ־גען אַקוראַט ווי די פריערדיקע צוויי. אין איין פונקט נאָר האָבן זיך די וואָלקנס עטוואָס אויסגעלייטערט: ער האָט זיך געפילט אַביסל פרייער ווי פריער. ער האָט אָנגעהויבן אַביסל צוגעוואוי־נען זיך צו זיין לאַגע און צו דאָס אַרומיקע לעבן. ער האָט נאָך געפילט אויף זיך די קייטן, אָבער ניט די גאַנצע צייט. די גע־זעלשאַפט פון גרויסע לייט און דער כבוד, וואָס זיי גיבן אים אָפּ איז אים מיט יעדער שעה אַלץ ווייניקער און ווייניקער געווען צו לאַסט. און ווען ניט די מורא פאַר די עפנטלאַכע מאָלצייטן, וואָס האָבן זיך היינט געדאַרפט אָנהויבן, וואָלט ער באַגעגנט דעם פערטן טאָג כמעט רואיק.

עס זיינען פאָרגעשטאַנען וויכטיקערע זאַכן צו טאָן דעם זעלביקן טאָג: אין דעמזעלביקן טאָג האָט ער געדאַרפט זיין פאָר־זיצנדער פון רעגירונגס־ראַט, וואָס וועט פרעגן זיינע מיינונגען און אויסהערן זיינע באַפעלן וועגן דער פאָליטיק, וואָס זאָל אָנגע־פירט ווערן בנוגע צו אויסלענדישע פעלקער אין אַלע טיילן פון דער וועלט; אין דעמזעלביקן טאָג וועט הערטפאָרד אָפיציעל אויסגעקליבן ווערן אויף דער גרויסער שטעל פון לאָרד רעגענט. אַנדערע וויכטיקע מלוכה־ענינים דאַרפן היינטיקן טאָג באַהאַנדלט ווערן, אָבער פאַר טאָמען זיינען עס אַלץ געווען קלייניקייטן אין פאַרגלייך מיט דער שטראָף פון גאָט צו עסן איינער אַליין מיט הונדערטער נייגעריקע אויגן געווענדט אויף אים און מיט מיילער אָן אַ צאָל, וואָס מאַכן פרושים אויף זיין האַלטונג און

אויף זיינע טעותן, אויב ער וועט זיין גענוג שלימזלדיק צו מאַכן זיי.

אָבער קיין זאַך האָט ניט געקאָנט אָפּשטעלן דעם גאַנג פון דער צייט אין טאָג וואָס איז געקומען. ער האָט געטראָפן טאָמען נידערשלאָגן, צעשטרייט און צעטראָגן. ער האָט בשום אופן ניט געקענט קומען צו זיך. די געוויינלאַכע פרימאָרגן-פליכטן זיינען אים געווען צו לאַסט און די הענט האָבן זיך ביי אים אַראָפּגע-לאָזן. ער האָט ווידער אַמאָל דערפילט די לאַסט פון געפאַנגענ-שאַפט.

אַרום האַלבן טאָג האָט ער אין גרויסן אויפנאַמס-זאַל גע-הערט אַ שמועס מיט גראַף הערטספאָרד, וואַרטנדיק ביז ס'וועט קו-מען די באַשטימטע שעה אָפיציעל אויפצונעמען אַ געוויסע צאָל הויכע באַאמטע און הויף-לייט.

טאָם איז צוגעגאַנגען צו אַ פענסטער און האָט זיך פאַר-אינטערעסירט מיט דער באַוועגונג און לעבן פון דער ברייטער וועג הינטערן פּאַלאַץ – און ניט נאָר פאַראינטערעסירט זיך, נאָר מיטן גאַנצן האַרצן געוואונטשן אָנטייל צו נעמען אין דעם לעבן און פרייהייט פון דער גאַס – מיטאַמאָל האָט ער דערהערט אַ טו-מעריי פון פיס און דערזען אַ המון, מאַנסביל, פרויען און קינדער פון נידעריקסטן און אָרימסטן שטאַנד, לויפנדיק איבערן וועג.

— כ'וואָלט געוואָלט וויסן וואָס אַזוינס קומט דאָרט פאָר! – האָט ער אויסגעשריען מיט דער גאַנצער יונגילשער נייגעריקייט.

— דו ביסט קיניג! – האָט דער גראַף פאַרנייגענדיק זיך פייערלאַך געענטפערט. – האָב איך די ערלויבניש פון אייער גנאָד צו געוואָר ווערן?

— אָ, יאָ! אָ, מיט פאַרגעניגן, יאָ! – האָט טאָם לעבּ-האַפט אויסגערופן, – קלערנדיק בעת מעשה מיט אַ צופרידנהייט, אַז נאָך אַלעמען האָט די קיניגלאַכע שטעל אירע באַקוועמלאַכ-קייטן און גוטע זייטן אויך.

דער גראַף האָט אַריינגערופן אַ פּאַזש און געשיקט אים צום קאַפּיטאַן פון דער וואַך מיט דעם באַפעל:

— אָפּשטעלן דעם המון און דערוויסן זיך די סיבה פון דער באַוועגונג.—דאָס איז דעם קיניגס באַפעל!

אין א פּאָר מינוט אַרום האָט זיך א לאַנגע שורה קיניגלאַכע גוואַרדיע אין בלישטשעדיקע שטאָלענע פּאַנצערס אויסגעצויגן אין דער ברייט פון וועג און פאַרהאַלטן דעם המון.

אַ שליח איז באַלד געקומען צו מעלדן אַז דער המון לויפט עס נאָך א מאַנסביל, אַ פרוי און א יונג מיידל, וואָס ווערן געפירט צום עשאַפאָט פאַר פאַרברעכנס, וואָס זיי האָבן באַגאַנגען. דער טויט — און אַ שרעקלאַכער טויט האָט ערוואַרט דידאָזיקע אָרימע שרעקלאַכע מענטשן! — דערדאָזיקער געדאַנק האָט אָנגערירט די סטרונעס פון טאָמס האַרצן. דאָס געפיל פון רחמנות האָט גענומען די אויבערהאַנט איבער אַלע אַנדערע געפילן. ער האָט ניט אַ קלער געטאָן וועגן דעם אַז די מענטשן האָבן געהאַנדלט געגן געזעץ, אַז זיי האָבן געבראַכט אומגליק און טרויער אויף זייערע קרבנות. ער האָט וועגן קיינזאַך ניט געקענט קלערן ווי נאָר וועגן דעם עשאַפאָט און דעם שרעקלאַכן גורל וואָס ערוואַרט די פאַרמשפּטע. זיין מיטגעפיל האָט אין אים פאַרטויבט אויף דעם מאָמענט דעם באַוואוסטזיין, אַז ער איז ניט מער ווי דער שטן פון אַ קיניג און נישט קיין אמתער קיניג. איידער ער האָט זיך נאָך באַטראַכט וואָס ער טוט, האָט ער אויסגעשאָסן:

— ברענגט זיי אַריין אַהער!

נאָר באַלד האָט ער זיך פאַרשעמט פאַר זיך אַליין. ער איז רויט געוואָרן און איז שוין גרייט געווען צו בעטן מחילה פאַר זיין היציקייט, נאָר באַמערקנדיק, אַז זיין באַפעל האָט ניט אַרויסגערופן קיין שום איבעררעאשונג ניט ביים גראַף הערטפאָרד, ניט ביים פּאַזש, האָט ער זיך אָפּגעהאַלטן און גאָרניט געזאָגט.

דער פּאַזש, פאַרנייגנדיק זיך, ווי געוויינלאַך, איז הינטערווייִלעכטס אַרויס פון צימער אָפּצוגעבן דעם באַפעל.

טאָם האָט זיך דערפילט תקיף ביי זיך פון דער קראַפט וואָס א קיניגלאַכער אַמט גיט. ער האָט אַ קלער געטאָן: „אויף מיין וואָרט, ס'איז דאָס זעלביקע וואָס איך האָב געפילט ווען איך פלעג לייענען דעם אַלטן גלחס מעשיות און פאָרגעשטעלט זיך

אליין פאַר אַ קיסר וואָס שאַפט געזעצן און גיט אָפּ אלעמען באַפעלן: „טו דאָס, טו יענץ", און קיינער האָט ניט געוואַגט וו״דער צושפּעניקן מיר אָדער טאָן געגן מיין ווילן".

די סירן האָבן זיך ברייט געעפנט, און דאָס אָנקומען פון איין הויכגעשטעלטע פּערזאָן נאָך דער צווייטער איז געמאָלדן געוואָרן. דער זאַל איז גיך האַלבפול געוואָרן מיט אַדעליקע און אַריסטאָקראַטיע, אָבער טאָם האָט זיי קוים באַמערקט—אַזוי איז ער געווען אויפגערעגט און פאַראינטערעסירט מיט דער אַנדערער וויכטיקער זאַך. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט צעשטרייט אויף זיין שטול און מיט גרויס אומגעדולד געקוקט אויפן טיר. די פאַרזאַמלטע האָבן, פאַרשטייט זיך, ניט געוואַגט צו באַאומרואיקן אים און האָבן געשמועסט צווישן זיך וועגן מלוכה-אינטערעסן און הויף-פּלוידערייען.

אין אַ ווײַלע אַרום האָבן זיך דערהערט די מעסיקע טריט פון זעלנער און די פאַרברעכער זיינען אַריינגעפירט געוואָרן אין זאַל אונטער דער וואַך פון אַ הילפס-שעריף און אַן אָפּטיילונג פון דער קיניגלאַכער גוואַרדיע.

דער געהילפס-שעריף האָט געקניט פאַר טאָמען, און איז אָפּגעטראָטן אָן אַ זייט, די דריי פאַרמשפּטע נפשות זיינען אויך אַנידערגעפאַלן אויף די קני און זיינען אַזוי געבליבן שטיין. די גוואַרדיע האָט זיך אויסגעשטעלט הינטער טאָמס שטול. טאָם האָט נייגעריק באַטראַכט די פאַרברעכער. עפּעס אין דעם מאַנסבילס פּנים אָדער אין זיינע קליידער האָט אַרויסגערופן אין זיין זכרון ווי אַ טונקעלע ערינערונג. „מיר דוכט, אַז איך האָב אים פריער ערגעץ-וואו געזען... אָבער ווען און וואו—דאָס קען איך זיך ניט דערמאָנען"—האָט טאָם געקלערט. גראָד דאַמאָלסט האָט דער פאַרמשפּטער אַקוק געטאָן אויף טאָמען און שנעל צוריק אַראָפּגעלאָזן זיין קאָפּ ווי ער וואָלט ניט געקענט פאַרטראָגן די קיניגלאַכע גרויסקייט. אָבער דער איין בליק, וואָס טאָם האָט געוואָרפן אויף זיין פּנים איז פאַר אים גענוג געווען. „איצט איז די זאַך קלאָר, דאָס איז דאָך יענער אומבאַקאַנטער, וואָס האָט אַרויסגעשלעפּט דזשיילס אוּאיט פון דער טעמז און געראַ-

טעוועס זיין לעבן אין יענעם קאַלטן ווינטיקן טאָג—דעם ערשטן טאָג פון ניי־יאָר—אַ מוטיקער, גוטער טאַט—אַ שאָד, וואָס ער האָט דערנאָך געטאָן ערגערע זאַכן און איז אַזוי מיאוס אַריינגעפאַלן...

איך האָב ניט פאַרגעסן ניט יענעם טאָג, ניט די שעה, מחמת אין אַ שעה אַרום, פונקט עלף אַ זייגער, האָט מיר די באָבע קענ־טי אַזוי צעשלאָגן, אַז אַלע קלעפּ, וואָס איך האָב געקראָגן פריער אָדער שפּעטער, זיינען געווען ניט מער ווי צאַרטע גלעטן אין פאַרגלייך מיט דעמדאָזיקן חלק...

טאָם האָט באַפוילן די פרוי און דאָס מיידל זאָלן אויף אַ ווילע אַרויסגעפירט ווערן. דאַן האָט ער זיך געווענדט צום גע־הילפס־שעריף און געזאָגט:

— נו, מיין הער, אין וואָס באַשטייט די שולד פון דעם־דאָזיקן מענטשן?

— איך האָב די ערע צו מעלדן אייער מאַיעסטעט, אַז ער האָט פאַרסמט איינעם פון אייער מאַיעסטעטס אונטערטעניער.

טאָמס רחמנות־געפיל מיט דעם פאַראורטיילטן און זיין ענטציקונג מיט אים, ווי מיט דעם רעטער פון דזשיילס אוי־איט, איז שטאַרק געפאַלן ביי דערדאָזיקער ידיעה.

— איז דאָס באַוויזן געוואָרן?

— קלאָר ווי דער טאָג, אייער מאַיעסטעט.

טאָם האָט אָפּגעזיפצט און געזאָגט:

— נעמט אים צו, ער האָט פאַרדינט זיין טויט־שטראָף. אַ שאָד, ער איז געווען אַזאַ בראַוער... הום, הום... כ׳מיין צו זאָגן,—ער זעט אויס אַזוי בראַוו...

דער פאַראורטיילטער האָט מיט פאַרצווייפלונג פאַרבראָכן די הענט און, צופאַלנדיק צום „קיניג" מיט אַ צעבראָכן האַרץ געבעטן:

— אָ, מיין האַר און קיניג! דו וואָס האָסט רחמנות אויף פאַרלאָרענע, האָב רחמנות אויף מיר אויך! איך בין אומשולדיק—שוואַך איז מיין שולד באַוויזן געוואָרן — אָבער ניט וועגן דעם רייד איך איצט: דער אורטייל איז אַרויסגעטראָגן געוואָרן און וועט ניט געענדערט ווערן. דאָך, אין מיין לעצטער מינוט, בעט

איך רחמים, וואָרים מיין שטראָף איז גרעסער ווי איך קען פאַר־טראָגן. גנאָד, גנאָד, מיין באַרמהערציקער קיניג! פאַרנעם מיין געבעט אין דיין קיניגלאַכן האַרצן—באַפעל מען זאָל מיך הענגען!

ט אָ ם איז אויסער זיך געוואָרן, אויף אַזאַ בקשה האָט ער זיך ניט גערעכנט.

— איך שווער ביי מיין לעבן—אַ מאָדנע גנאָד! איז דען די תליה ניט דאָס, וואָס עס וואַרט אויף דיר?

— אָ, מיין גוטער קיניג, ניט דאָס! ס'איז באַפוילן געוואָרן מען זאָל מיך אָ פ ק אָ כ ן ל ע ב ע ד י ק ע ר ה י י ט!... *)

ביי דידאָזיקע שרעקלאַכע ווערטער איז ט אָ ם כמעט אויפ־געשפרונגען פון שטול. ווי נאָר ער איז געקומען צו זיך, האָט ער גלייך אויסגעשריען:

— דיין וואונטש וועט דערפילט ווערן, אומגליקלאַכער! און וואָלסטו אַפילו פאַרסמט הונדערטער מענטשן, וואָלסטו ניט גע־דאַרפט שטאַרבן מיט אַזאַ שרעקלאַכן טויט.

דער געפאַנגענער איז צוגעפאַלן מיטן פנים צו דער ערד און אין ליידנשאַפטלאַכע ווערטער גענומען דאַנקען אָן אַ שיעור, ענדיקנדיק מיט די ווערטער:

— אויב אַן אומגליק וועט דיך, חלילה, אַמאָל טרעפן—פון וואָס גאָט זאָל דיך מציל זיין,—זאָל דיין הייַנטיקע גוטהערציקייט

*) אין דער הערשאַפט פון ה ע נ ר י ד ע ם א כ ט ן, זיינען גיפט־מי־שערס, לויט אַ געזעץ פון פאַרלאַמענט, פאַרמשפט געוואָרן אָפגעקאָכט צו ווערן לעבעדיקערהייט. דערדאָזיקער געזעץ איז בטל געוואָרן אין דער הערשאַפט פון רומענדיקן קיניג.

אין דייטשלאַנד איז דידאָזיקע שרעקלאַכע טויט־שטראָף נאָך באַנוצט געוואָרן אין זיבעצטן יאָרהונדערט. דער דיכטער ט י י ל אָ ר באַשרייבט אַ טויט־שטראָף, וואָס ער האָט אין 1616־טן יאָר געזען אין האַמבורג. אַ געלט־מאַכער איז פאַרמישפט געוואָרן אָפגעקאָכט צו ווערן אין בוימאייל. מען האָט אים צוגעבונדן מיט אַ שטריק אונטער די פאַכוועס און ביסלאַכווייס אַראָפגעלאָזן אין קאָכעדיקן בוימאייל, ביז די פלייש איז אַראָפ פון די ביינער. ד״ר האַמאַנד טרומבוליס: „בלויע געזעצן״ זייט 20.

צו מיר באַשטיין דיין זכות און גאָט זאָל דיר דערפאַר באַצאָלן כפל כפלים!

טאָם האָט זיך געווענדט צום גראַף הערטפאָרד און געזאָגט:

— מיין לאָרד, איז עס מעגלאַך, אַז מען האָט דעמדאָזיקן מענטשן פאַרמשפט צו אַזאַ גרויזאַמען טויט?

— דאָס איז דער פסק־דין פאַר גיפט־מישערס נאָך דעם ענגלישן געזעץ. אין דאַטשלאַנד ווערן פאַלשע געלט־מאַכער גע־קאָכט לעבעדיקערהייט אין בוימאייל — ניט אַריינגעוואָרפן מיט איין מאָל, נאָר זיי ווערן אַראָפּגעלאָזן אויף אַ שטריק ביסלאַכווייז און לאַנגזאַם, פריער די פיאַטעס, דערנאָך די פיס, דערנאָך...

— אָ, הער אויף, איך בעט דיך מיין לאָרד, איך קען דאָס ניט הערן! — האָט טאָם אויסגעשריען, פאַרדעקנדיק די אויגן מיט די הענט, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט באַשיצן פון דעם שרעק־לאַכן בילד, — איך בעט אייך, מיין גוטער לאָרד צו באַפוילן דער־דאָזיקער גרויזאַמער געזעץ זאָל געענדערט ווערן. אָ, זאָלן אומ־גליקלאַכע מענטשן ניט געפּייניקט ווערן מער מיט אַזעלכע שרעק־לאַכע יסורים.

דעם גראַפס פּנים האָט אויסגעדריקט טיפע צופרידנקייט, וואָרים ער איז געווען בטבע אַ גרויסמוטיקער און גוט־האַרציקער מענטש — אַ זאַך, וואָס מען האָט ניט אָפט באַגעגנט צווישן מענטשן פון זיין מדרגה אין יענער גרויזאַמער עפּאָכע.

— דידאָזיקע נאָבעלע ווערטער פון אייער גנאָד האָבן שוין געענדערט דאָס געזעץ — האָט לאָרד הערטפאָרד געזאָגט, — די געשיכטע וועט עס פאַרצייכענען צו דער ערע פון דאָס קיניג־לאַכער הויז.

דער געהילף־שעריף האָט שוין געוואָלט אַרויספירן דעם געפאַנגענעם, ווען טאָם האָט געגעבן אַ צייכן אָפּצוואַרטן, און געזאָגט:

— איך וואָלט געוואָלט אַ ביסל טיפער אַריינדרינגען אין דער זאַך: דער מאַן זאָגט, אַז זיין שולד איז אַזוי גוט ווי ניט באַוויזן געוואָרן. זאָג מיר, וואָס ווייסטו וועגן דעם.

— איך האָב די ערע צו מעלדן אייער קיניגלאַכער גנאָד, אַז ס'איז אויפגעוויזן געוואָרן אין געריכט, אַז דערדאָזיקער מענטש איז אַריין אין דערפל איסלינגטאָן אין אַ הויז, וואו ס'איז געלעגן אַ קראַנקער — דריי עדות באַשטעטיקן, אַז דאָס איז געווען צען אַ זייגער אינדערפרי, און צוויי זאָגן, אַז אַ פּאָר מינוט שפּע־טער, — דער קראַנקער איז געלעגן איינער אַליין און געשלאָפן. אין אַ פּאָר מינוט אַרום איז דער באַשולדיקטער צוריק אַרויס פון שטוב און איז געגאַנגען זיין וועג. דעם חולה האָט אינגיכן גע־כאַפּט ספּאַזמעס און ווייניקער ווי אין אַ שעה צייט אַרום, האָט ער גאָט די נשמה אָפּגעגעבן.

האָט אימיצער געזען ווי מען האָט דעם קראַנקן איינגע־געבן סם? איז סם געפונען געוואָרן?

— אָ, ניין, מיין האַר.

— ווי אַזוי־זשע קען מען איבערהויפּט וויסן, אַז סם איז געגעבן געוואָרן?

איך ערלויב מיר צו מעלדן אייער מאַיעסטעט, אַז די דאָק־טוירים האָבן באַשטעטיקט, אַז אַזעלכע סמנים ווי ספּאַזמעס און ברעכן זיינען פאַראַן נאָר ביי פאַרגיפטונג.

וויכטיקע באַווייזן פאַר יענער פּשוטער עפּאָכע.

טאָם האָט באַגריפן די וויכטיקייט פון דעם באַווייז און געזאָגט:

— די דאָקטוירים ווייסן זייער פאַך. מין־הסתם זיינען זיי גערעכט. עס האָט שלעכט מיט דעמדאָזיקן אומגליקלאַכן.

— דאָס איז אָבער נאָך ניט גאָר, אייער מאַיעסטעט. פאַ־ראַן נאָך מער און ערגערס. אַ סך מענטשן דערציילן, אַז אַ מכשפה וואָס איז זינט דאַמאָלסט אוועק פון דאָרף, קיינער ווייס ניט וואו־הין, האָט פאָראויסגעזאָגט, און דערציילט זיי בסוד, אַז דער קראַנקער וועט שטאַרבן פון סם, און נאָך מער, אַז אַן אומ־באַקאַנטער וועט עס אים איינגעבן — אַן אומבאַקאַנטער מיט טונ־קעלע האָר און אין אַלטע, פּראָסטע קליידער, און דער אַרעסטיר־טער איז צוגעפּאַסט צו דער שילדערונג פון דער מכשפה — זאָל נאָך פעלן אַ האָר. זאָל אייער מאַיעסטעט באַווייליקן גוט איבער־

צוועגן די זאַך, נעמענדיק אין אָנבאַטראַכט, אַז ס'איז פּאָראויכ־געזאָגט געוואָרן.

אין יענער אַבערגלויביקער צייט איז עס געווען אַן אַרגומענט פון גוואַלדיקער קראַפט. טאָם האָט געפילט, אַז די זאַך איז געענדיקט. אויב באַווייזן האָבן איבערהויפּט אַ ווערט, איז די שולד באַוויזן. פונדעסטוועגן האָט ער געגעבן דעם באַשולדיקטן אַ מעגלאַכקייט צו פאַרענטפערן זיך.

— אויב דו קענסט עפּעס זאָגן פאַר דיין פאַרטיידיקונג — זאָג.

— קיין זאַך ניט, וואָס זאָל נוצן ברענגען, מיין קיניג. איך בין אומשולדיק, דאָך קען איך עס ניט באַווייזן. איך האָב קיין פריינד ניט, אַז ניט וואָלט איך געקענט דערווייזן, אַז איך בין יענעם טאָג גאָרניט געווען אין איסלינגטאָן. איך וואָלט אויך געקענט באַווייזן, אַז אין דער שעה, וואָס זיי רופן אָן, בין איך גאָר געווען אַ מייל ווייט פון איסלינגטאָן אין אואָפּינג-אָלד־סטיירס. נאָך מער, מיין קיניג, איך וואָלט געקענט באַווייזן, אַז אין דער צייט, וואָס זיי זאָגן אַז איך האָב גענומען אַ לעבן, האָב איך גאָר געראַטעוועט אַ לעבן. אַ ייִנגל האָט זיך גע־טרונקען...

— גענוג! שעריף, רוף אָן דעם טאָג, אין וועלכן דאָס פאַרברעכן איז באַגאַנגען געוואָרן.

— צען אַ זייגער אין דער פרי אָדער אַ פּאָר מינוטן שפּע־טער, דעם ערשטן טאָג פון ניי־יאָר, אַלערגנעדיקסטער...

— באַפרייט דעם געפאַנגענעם — אַזוי וויל דער קיניג!

דאָס ייִנגל האָט זיך ווייטער פאַרשעמט פון זיין דאָזיקער ניט קיניגלאַכער איילקייט און ער האָט זיך פאַרריכט, צוגעבנדיק:

— עס פאַרדריסט מיר, מען זאָל שיקן אַ מענטשן אויף דער תליה אויף דעם סמך פון אַזעלכע נאַרישע און פּוסטע באַווייזן!

אַ שטילע כּורמלעריי פון התפּעלות איז דורכגעגאַנגען איבער די פאַרזאַמלונג. דאָס איז ניט געווען צוליב טאָמס רעזאָלוציע, ווייל אין דער גאַנצער פאַרזאַמלונג איז ניט געווען קיין איי־

נער, וואָס זאָל רעכטפערטיקן די איילִיקע באַפרייאונג פון אַ גיפּט. מישער,—נאָר זיי האָבן באַוואונדערט דעם שׂכל און די שאַרפ־זיניקייט, וואָס טאָם האָט דאָ אַרויסגעוויזן.

— אָ, דאָס איז ניט קיין משוגענער קיניג — ער האָט אַ גליַיכן שׂכל.

— ווי קלאָר ער האָט געשטעלט פֿראַגן און ווי ענלאַך דאָס איז צו זיין פריערדיקער טבע אָפּצופּאַרטיקן אַזאַך קורץ און שאַרף.

— אַ דאַנק גאָט, זיין שוואַכקייט איז פאַרביי! דאָס איז ניט קיין שוואַכלינג, נאָר אַ קיניג! ער האָט זיך געהאַלטן גאָר ווי זיין פאָטער.

דאָס זיינען געווען די באַמערקונגען, וואָס זיינען אין דער שטיל געמאַכט געוואָרן וועגן טאָמען.

טאָמס אויער האָט געכאַפּט אייניקע פון די באַמערקונגען און ער האָט זיך געפילט זייער גוט און לייכט.

אָבער באַלד האָט זיין יונגע נייגעריקייט גובר געווען די אָנגענעמע געפילן; אים האָט זיך פאַרגלוסט צו וויסן וואָס פאַר אַ שרעקלאַכן פאַרברעכן האָבן באַגאַנגען די פרוי און דאָס קליין מיידעלע.

אויף זיין באַפעל זיינען זיי ביידע, ציטערנדיקע און וויי־נענדיקע געבראַכט געוואָרן פאַר אים.

— וואָס אַזוינס האָבן זיי געטאָן? — האָט טאָם געפרעגט דעם שעריף.

— איך האָב די דרייסטקייט צו מעלדן אייער מאַיעסטעט, אַז זיי ווערן באַשולדיקט אין אַ מוראדיקן און קלאָר באַוויזענעם פאַרברעכן, פאַר וועלכן די ריכטער האָבן זיי פאַראורטיילט צום הענגען: זיי האָבן זיך פאַרקויפט צום טייוול—אָט אין וואָס זייער פאַרברעכן באַשטייט!

טאָם האָט אַ ציטער געטאָן. ער איז פון קינדווייז אָן געלערנט געווען צו האַסן מענטשן וואָס טוען אַזעלכע גאָטס־פאַר־באָטענע זאַכן.

ער האָט זיך אָבער ניט געקענט אָפּזאָגן פון פאַרגעניגן צו באַפרידיקן זיין נייגעריקייט, און ער האָט געזאָגט:

— וואו איז עס געשען? און ווען?

— אום האַלבע נאַכט, אין ווידש דעצעמבער, אין אַן איינ-געפאַלענעם קלויסטער, אייער מאַיעסטעט.

טאָם האָט ווידער אַ שוידער געטאָן.

— ווער איז דערביי געוועזן?

— ניט מער ווי זייביידע, אייער גנאָד, און יענער, דער אַנדערער...

— האָבן זיי זיך מודה געווען?

— ניין, וואָס ניט — זיי לייקענען.

— ווי-זשע איך בעט דיך, האָט מען זיך דערוואוסט?

— אייניקע עדות האָבן זיי געזען גייענדיק אהין, אייער מאַיעסטעט. דאָס האָט אַרויסגערופן אַ חשד, וואָס איז דערנאָך באַשטעטיקט געוואָרן דורך שרעקלאַכע פּאַסירונגען. דער עיקר איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז זיי האָבן מיט דער הילף פון דער שוואַרצער קראַפט, אַרויסגערופן אַ שטורים, וואָס האָט חרוב געמאַכט די גאַנצע געגנט. איבער פערציק עדות האָבן באַשטעטיקט דעם שטורים, און, בנאמנות, מען וואָלט געקענט האָבן טויזנט עדות, מען זאָל נאָר וועלן, ווייל יעדערער געדענקט גוט דעם שטורים, מחמת יעדערער האָט פון אים געליטן.

— אַוודאי איז די זאַך ערנסט.

טאָם האָט אַ ווײלע באַטראַכט דידאָזיקע שטיקל טייוולשע אַרבעט און נאָכהער געפרעגט:

— האָט די פרוי אַליין אויך געליטן פון דעם שטורים?

— געוויס האָט זי געליטן, אייער מאַיעסטעט. און רעכט אויף איר. אַלע זעען אָן איר נקמה. איר הייזל איז אינגאַנצן אַוועקגעכראָגן געוואָרן דורכן שטורים און זי מיט איר קינד זיינען געבליבן היימלאָז.

— מיר שיינט, אַז זי האָט צו טייער באַצאָלט פאַר דער קראַפט צו טאָן זיך אַליין שלעכטס. זי האָט זיך גענאַרט, ווען אַפילו זי וואָלט דערפאַר באַצאָלט ניט מער ווי איין גראָשן, הייסט

אז זי האָט דערפאַר באַצאָלט דעם טייוול מיט איר אייגענער און מיט איר קינדס נשמה, באַווייזט דאָס, אַז זי איז משוגע, און ווי באַלד זי איז משוגע, ווייס זי ניט וואָס זי טוט און איז, במילא, ניט פאַראַנטוואָרטלאַך פאַר אירע מעשים.

די גרויע קעפּ האָבן ווידער צוגעשאָקלט אין הסכמה מיט טאָמס שכל און איינער פון זיי האָט שטיל באַמערקט:

— אויב דער קיניג איז, ווי מען זאָגט, משוגע, איז עס אַזאַ מין משוגעת, וואָס וואָלט שטאַרק צונוץ געקומען אייניקע קלאָרע, וועלכע איך קען, ווען גאָט וואָלט זיי געהאָלפן זיי זאָלן זיך אָנשטעקן מיט דער משוגעת.

— ווי אַלט איז דאָס קינד? — האָט טאָם געפרעגט.

— ניין יאָר, אייער מאַיעסטעט.

— ערלויבט דער ענגלישער געזעץ אַ קינד פון ניין יאָר אַריינצוגיין אין וועלכע ס'איז אָפּמאַכן און פאַרקויפן זיך אַליין? — האָט זיך טאָם געווענדט צו אַ געלערנטן ריכטער.

— דאָס געזעץ ערלויבט ניט קינדער אָנטייל צו נעמען אָדער אַריינטרעטן אין וועלכע ס'איז ערנסטע אָפּמאַכן אָדער מסחרים, מיין האַר, ווייל זייער שוואַכער שכל איז ניט אומשטאַנד אַנטקעגן צו שטעלן זיך דעם צייטיקן פאַרשטאַנד און שלעכטע פּלענער פון דערוואַקסענע. דער טייוול מעג יאָ קויפן אַ קינד, אויב ער וויל נאָר, און אויב דאָס קינד איז דערצו מסכים. אַן ענגלישמאַן אָבער טאָר ניט, און זיין אָפּמאַך איז אין אַזעלכע פאַלן אומגילטיק און בטל.

— דאָס איז ניט קריסטלאַך און נאַריש, אַז דאָס ענגלישע געזעץ זאָל געבן דעם טייוול מער רעכט און פּריווילעגיעס ווי אַן ענגלענדער! — האָט טאָם אויסגעשריען מיט אמתן פאַרדרוס.

דערדאָזיקער נייער בליק אויף דער זאַך האָט אַרויסגערופן אַ סך שמייכלען און יעדערער האָט עס באַהאַלטן אין זיין זכרון, כדי איבערצוחזרן דערנאָך דעם אַנעקדאָט אין הויף-קרייזן אַלס באַווייז פון טאָמס קלאָרקייט.

די באַשולדיקטע פרוי האָט אויפגעהערט צו וויינען און

האָט זיך צוגעהערט צו טאָמס ווערטער מיט גרויס אויפמערק־זאַמקייט און מיט וואַקסנדיקער האָפנונג.

טאָם האָט עס באַמערקט און דאָס האָט אים שטאַרק גע־נייגט צו דער זייט פון דער שולדיקער פרוי.

— מיט וואָס האָבן זיי אַרויסגערופן דעם שטורים? — האָט ער געפרעגט.

— דערמיט וואָס זיי האָבן אויסגעטאָן די זאָקן, מיין קיניג.

דאָס האָט טאָמען פאַרוואונדערט און צעהיצט זיין נייגע־ריקייט ביז גאָר.

— וואונדערבאַר! רופט עס אַלעמאָל אַרויס אַזעלכע שרעק־לאַכע פּלאָגן?

— שטענדיק, מיין קיניג, ווייניקסטנס, ווען די פרוי וויל עס און זאָגט אַרויס די נויטיקע פישוף־ווערטער הויך אָדער פאַר זיך.

טאָם האָט זיך אַ קער געטאָן צו דער פרוי און באַפוילן:

— ווייז דיין כוח, איך וויל זען אַ שטורים!

די פנימער פון די אבערגלויבערישע פאַרזאַמלטע זיינען בלאַס געוואָרן און ביי דאָס רוב פון זיי האָט זיך באַוויזן אַ פאַר־באָרגענער וואונטש וואָס גיכער אַרויסצורוקן זיך פון געפערלאַכן אָרט. אָבער טאָם, וואָס איז אינגאַנצן געווען פאַרטאָן מיט דער קומענדיקער קאַטאַסטראָפע, איז געווען בלינד און טויב צו אַלץ, וואָס אַרום אים קומט פאָר.

באַמערקנדיק דער פרויס פאַרוואונדערטן און דערשראָקע־נעם בליק, — האָט טאָם צעקאָכט צוגעגעבן:

— האָב קיין מורא ניט, מען וועט דיר דערפאַר גאָרנישט טאָן. נאָך מער — דו וועסט באַפרייט ווערן און קיינער וועט דיך ניט אָנרירן. באַווייז דיין כוח.

— אָ, מיין קיניג! איך האָב ניט אַזאַ כוח, מ'האָט אויף מיר אַ בילבול געמאַכט! — האָט די פרוי אויסגעשריען.

— דיין מורא האַלט דיך אָפּ. האָב־זשע קיין מורא ניט, דיר וועט קיין שלעכטס ניט געשען. מאַך אַ שטורים — ס'מאַכט

נים אויס אַז אַ קליינינקן—איך פאַרלאַנג נים קיין גרויסן אָדער געפערלאַכן, אַדרבא, איך וויל בעסער דאָס געגנזייטיקע—טו־זשע דאָס—און דיין לעבן איז געשענקט. דו וועסט אַרויס פון דאַנען פריי צוזאַמען מיט דיין קינד מיט דעם קיניגס מחילה אויף זיך און באַשיצט פון יעדער שלעכטס און בייז אין גאַנצן קיניגרייך.

די פרוי איז אַ פאַל געטאָן צו דער ערד און מיט טרערן פאַרזיכערט, אַז זי באַזיצט נים די קראַפט צו ווייזן דעם מפּות ווען נים וואָלט זי עס געוויס מיט פאַרגעניגן געטאָן, אויב זי וואָלט דערמיט געראַטעוועט כאָטש איר קינדס לעבן, און אַליין אומקומען. קיין גרעסערן גנאָד וואָלט זי גאָר פון קיניג נים פאַר־לאַנגט.

טאָם האָט ווייטער איינגערעדט, די פרוי האָט אַלץ פאַר־זיכערט, אַז זי קען נים. צום סוף האָט ער געזאָגט:

— איך רעכן, אַז די פרוי זאָגט אמת, ווען מיין מוטער וואָלט געווען אויף איר אָרט און פאַרמאָגט דעם טייוולס פינסטע־רע מאכט, וואָלט זי קיין איין מינוט נים געטראַכט אַרויסצורופן אַלע שטורעמס פון דער וועלט, ווען אַפילו דאָס זאָל חרוב מאַכן די גאַנצע לאַנד, זי זאָל נאָר וויסן אַז דערמיט ראַטעוועט זי מיין לעבן. און אַלע מוטערס זיינען גלייך.

— דו ביסט פריי, גוטע פרוי—דו און דיין קינד, וואָרים איך האַלט דיך פאַר אומשולדיק. נו, איצט אַז דו ביסט פריי, האָסטו געוויס נים וואָס מורא צו האָבן, טו־זשע אויס דיינע זאָקן! און אויב דו קענסט נאָר מאַכן מיר אַ שטורים, וועל איך דיך רייך מאַכן.

די געראַטעוועטע האָט געדאַנקט אָן אויפהער און געאיילט זיך צו טאָן דעם קיניגס באַגער. טאָם האָט אומגעדולדיק און אַ ביסל אומרואיק צוגעקוקט ווי זי ציט אַראָפּ די זאָקן. די הויף־לייט האָבן אָפן אויסגעדריקט זייער אומרואיקייט און אומצו־פרידנקייט.

די פרוי האָט אַראָפּגעשלעפּט אירע אייגענע זאָקן, איר קינדס זעקלאַך און געטאָן וואָס נאָר זי האָט געקענט צו באַדאַנקען

דעם קיניגס גרויסמוטיקייט, כאָטש מיט אַן ערדציטערניש, אָבער איר מי איז געווען אומזיסט. טאָם האָט אָפּגעזיפצט און געזאָגט:

— באַמי זיך מערניט, גוטע נשמה, דיין כּוח איז פון דיר אַוועק. גיי בשלום דיין וועג און אויב דיין כּוח וועט זיך צו דיר ווען עס איז אומקערן, — פאַרגעס מיך ניט און ברענג מיר אַ שטורים *).

---

*) אַ פרוי און איר גייַיערִיקע טאָכטער זיינען אויסגעהאַנגען געוואָרן פאַר פאַרקויפן זייערע נשמות צום טייוול און פאַר [illegible]יסרופן אַ שטורם דורך אויסטאָן די זאָקן—דאָס איז אַ פאַקט געבראַכט בײַ ד״ר הומונד טרומבולי אין זיין בוך: „בלויע געזעצן—אמתע און פאַלשע״.

# זעכצעטער קאַפּיטל.

## דער פּאַראַד־מיטאָג.

די שעה פון דעם ערשטן עפנטלאַכן מיטאָק האָט זיך דער־גענטערט. אָבער, מערקווירדיק, טאָם האָט כמעט ווי ניט מורא געהאַט. די פּאַסירונגען פון היינטיקן פרימאָרגן האָבן אים צוגע־געבן אַ מאָדנע זיכערקייט און אמונה אין זיך. דער קליינער אָרי־מער רינשטאָק־יינגל האָט נאָך פיר טעג „געוואוינהייט" געפילט זיך מער אין דערהיים אין זיין גאָלדענער שטייגל, ווי אַ דער־וואַקסענער מענטש וואָלט זיך געפילט פאַר אַ חודש צייט. די פע־איקייט פון אַ קינד צוצופּאַסן זיך צו אומשטענדן האָט זיך קיינ־מאָל ניט בעסער אַרויסגעוויזן, ווי אין דעמדאָזיקן פאַל.

איצט, ווען מען גרייט צו טאָמען פאַר אַזאַ וויכטיקן ענין ווי דער ערשטער עפנטלאַכער מיטאָג, — לאָמיר אויסנוצן אונזער פּריווילעגיע און אַ קוק טאָן וואָס הערט זיך אין באַנקעט־זאַל.

דאָס איז אַ גרויסער זאַל מיט באַגילטע זיילן און אַרקען און מיט געמאָלטע ווענט און סופיט. ביים טיר זיינען, אומבאַ־וועגלאַך ווי סטאַטועס, געשטאַנען, הויכע גוואַרדייצעס, אָנגעטאָן אין רייכע און מאָלערישע קליידער, מיט אַלעבאַרדן אין די הענט. אויף דער גאַלעריע, וואָס האָט זיך געצויגן אַרום דעם גאַנצן זאַל איז געזעסן אַן אָרקעסטער מוזיקאַנטן און אַ גרויסע געזעל־שאַפט פון דאַמען און הערן אין רייכע טואַלעטן. אין מיטן צימער אויף אַן עסטראַדע איז געשטאַנען טאָמס טיש.

איצט לאָמיר לאָזן דעם פאַרצייטיקן כראָניק־שרייבער דער־ציילן מיט זיינע אייגענע ווערטער:

„פריער איז אַריין אין צימער אַ דושענטלמאַן מיט דעם

קייזערלאַכן רוט אין האַנט; נאָך אים איז אַריין אַ צווייטער מיט אַ טישטוך. נאָכדעם ווי זיי האָבן דריי מאָל געקניט מיט גרויס דרך־ארץ, האָבן זיי אויסגעשפּרייט דאָס טישטוך אויפן טיש און, קניענדיק נאָך אַ מאָל, אַרויס פון צימער. נאָך די ערשטע צוויי זיינען אַריין אַנדערע צוויי, איינער ווידער מיט אַ רוט אין האַנט און דער צווייטער מיט אַ זאַלץ־מעסטל, און אַ ברויט אויף אַ טעלער. קניענדיק, ווי די ערשטע צוויי, שטעלן זיי אַלץ אַוועק אויפן טיש און גייען אַרויס מיט דיזעלביקע צערעמאָניעס ווי די פריעדיקע. צום סוף גייען אַריין צוויי פּראַכטיק־געקליידעטע אַדלייט און, נאָכדעם ווי זיי פאַלן דריי מאָל צו דער ערד אויף אַ זייער גאַלאַנטן שטייגער,—לייגט איינער אַוועק אַ גרויסן מעסער אויפן טיש און דער צווייטער רייבט איין דעם טיש מיט ברויט און זאַלץ מיט אַזאַ מין אָבשיי, פּונקט, ווי דער קיניג אַליין וואָלט דערביי געווען".

דערמיט ענדיקן זיך די פייערלאַכע פאָרבערייטונגען.

איצט דערהערט זיך פון ערגעץ ווייט אין קאָרידאָר אַ טראָמפּייטער־שאַל און אַן אומדייטלאַכער אויסרוף: „מאַכט וועג פאַרן קיניג!"—וועג פאַר זיין הויכגעאַכטע מאַיעסטעט, דעם קיניג!"—די דאָזיקע אויסרופן חזרן זיך יעדע מינוט איבער, זיי דערנענטערן זיך אַלץ מער און מער און אינגיכן דערהערן זיך לעבן אונז די קלאַנגען פון אַ מיליטער־מאַרש און דער הילכיקער אויסגעשריי: „מאַכט וועג פאַרן קיניג!"—עס עפנט זיך די טיר און די גלענצנדע פּראָצעסיע הויבט אָן מיט מעסיקע טריט אַנצופילן דעם זאַל.

איצט לאָמיר ווייטער לאָזן דעם כראָניק־שרייבער דערציילן:

„צום אָנהויב גייען אַדעליקע, באַראָנען, גראַפן, ריטער פון „זאָקן־בענדל־אָרדען", אַלע פּראַכטיק געקליידט און מיט אָפּגעדעקטע קעפּ. דערנאָך קומט דער קאַנצלער צווישן צוויי באַגלייטער, איינער פון זיי טראָגט דעם קיניגלאַכן רוט און דער צווייטער—דעם מלוכה־שווערד מיטן שפּיץ אַרויף, אין אַ רויטער שייד, באַפּוצט מיט גאָלדענע ליליען. נאָך זיי קומט דער קיניג אַליין. ווען ער באַווייזט זיך, ווערט ער באַגריסט מיט גרויס רעש פון צוועלף טראָמפּייטן, און פון אַ סך פּויקן, אין דער צייט וואָס אַלע

אין דער גאַלעריי הויבן זיך אויף פון זייערע ערטער און שריי-
ען: „גאָט באַשיץ דעם קיניג!" הינטער אים גייט זיין סוויט
און פון ביידע זייטן—זיין ערן-וואַך—די פופציק לייב-וועכטער מיט
באַגילטע שלאַכט-העק אין די הענט".

דאָס איז אַלץ געווען פיין און אינטערעסאַנט, און טאָמס
האַרץ האָט העפטיק געקלאַפּט און זיינע אויגן האָבן געפינקלט
פון פרייד. ער האָט זיך געהאַלטן זייער לייכט און גראַציעז,
דער עיקר, ווייל ער האָט ניט געקלערט וועגן דעם ווי צו האַלטן
זיך, מחמת ער איז אינגאַנצן געווען פאַרנומען מיט דאָס פרעכ-
טיקע בילד און די צויבערקלאַנגען אַרום אים. און אַחוץ דעם
פילט זיך יעדערער אויסגעצייכנט אין שיינע און גוט-צוגעפּאַסטע
קליידער, איבערהויפּט, נאָכדעם ווי מען ווערט אַ ביסל געוואוינט
צו זיי.

טאָם האָט געדענקט וואָס מען האָט אים געלערנט און האָט
מקבל געווען די באַגריסונגען מיט אַ לייכטן קאָפּ-נייג און מיט
די ווערטער:

— איך דאַנק אייך, מיין גוט פאָלק!"

טאָם האָט זיך געזעצט צום טיש, ניט אַראָפּנעמענדיק זיין
הוט. ער האָט עס געטאָן אָן דער קלענסטער פאַרלעגנהייט וואָרים
עסן אין אַהיטל איז געווען דער איינציקער מנהג אין וועלכן
דער ענגלישער קיניג און די משפחה קענטי האָבן זיך ניט
אונטערשיידט און קיין איין צד האָט ניט געקענט פּרעטענדירן
אַז ער איז געווען דער ערשטער איינצופירן דעם מנהג.

די סוויטע האָט זיך צעטיילט אויף עטלאַכע גרופּעס און
געבליבן מיט אָפּגעדעקטע קעפּ.

אונטער די קלאַנגען פון פריילאַכע מוזיק זיינען אַריין די
קיניגלאַכע גוואַרדיע — „די סאַמע געוויקסיקע, סאַמע שטאַרקע
מענטשן אין ענגלאַנד—ספּעציעל דערויף אויסגעקליבענע".

נאָר זאָל ווייטער דער כראָניקער דערציילן:

„עס זיינען אַריין די יעמאָנער מיט אָפּגעדעקטע קעפּ אָנ-
געטאָן אין פורפור-קליידער און מיט גאָלד-ראָזן אויף די רוקנס,
זיי זיינען אַריין און אַרויס, אַריינברענגענדיק יעדעס מאָל פרישע

שפייזן אויף זילבערנע געפעס. די געריכטן זיינען איבערגעגעבן געוואָרן פון האַנט צו האַנט און דער לעצטער האָט זיי געשטעלט אויפן טיש. דער פאַרזוכער האָט געגעבן יעדער גוואַרדייעץ צו פאַרזוכן פון דעם מאכל, וואָס ער האָט געבראַכט, כדי צו איבער-צייגן זיך, אַז דאָס איז ניט פאַרסמט".

טאָם האָט גוט אָפּגעגעסן, ניט קוקנדיק דערויף, וואָס הונדערטער אויגן האָבן נאָכגעקוקט יעדעס ברעקל וואָס ער האָט צוגעטראָגן צום מויל מיט אַזאַ נייגעריקייט, פונקט ווי ער וואָלט געגעסן עפּעס אַ געפערלאַכן אויפרייס-מאַטעריאַל און זיי וואָלטן געוואַרט, אַז אָט-אָט ווערט ער צעריסן אויף שטיקלאַך און פו-נאַנדערגעשליידערט איבערן גאַנצן זאַל. טאָם האָט זיך באַמיט ניט צו איילן און ניט צו טאָן קיינזאַך אַליין, ביז דער געהערי-קער באַאַמטער האָט ניט געקניט און געטאָן עס פון זיינטוועגן. ער האָט דורכגעמאַכט די מיטאָג-צערעמאָניע אָן אַ שום טעות — אַ גרויסער, אומערוואַרטער נצחון!

ווען דער מאָלצייט איז געווען געענדיקט און ער האָט צו-זאַמען מיט דער גאַנצער סוויטע פאַרלאָזן דעם זאַל אונטער די פריילאַכע טראָמפּייטן-קלאַנגען, דונערדיקע פּויקן-קלאַפּעריי און באַגריסונגס-אויסרופן, — האָט ער געטראַכט, אַז אויב אַלע פּאַראַד-נע מיטאָגן זיינען ניט ערגער פון דעם, וואָלט ער זיך ניט אָפּגעזאָגט צו פאַרטראָגן אַזעלכע מאָלצייטן עטלאַכע מאָל אין טאָג, אַבי פּטור צו ווערן פון אייניקע וויכטיקערע פליכטן וואָס זיין קיניגלאַכע אַמט לייגט אויף אים אַרויף.

---

# זיבעצנטער קאַפּיטל.

## פו=פו דער ערשטער.

מאַילס הענדאָן איז געגאַנגען איבערן בריק צו סאָאוטווערק צו, אויסקוקנדיק מיט אַ שאַרף אויג אויף דאָס ייִנגל און זיינע פאַרנאַרער. אָבער זיין האָפענונג, אַז ער וועט זיי געפינען, איז געווען אומזיסט. נאָכפרעגנדיק פאַרבייגייער, איז אים געלונגען צו דערגיין, אַז אַזעלכע פאַרשוינען, ווי ער מאָלט אָפּ, האָט מען געזען גייענדיק צו סאָאוטוועַרק צו. אָבער דאָ זיינען אַלע שפּורן פון זיי פאַרלאָרן געוואָרן און ער האָט ניט געוואוסט, וואָס ווייטער צו טאָן.

דאָך האָט ער אַ גאַנצן טאָג ניט אויפגעהערט צו זוכן. די נאַכט האָט אים געטראָפן מיד, צעבראָכן, האַלב=פאַרחלשט און ווייט פון זיין ציל, ווי אין אָנהייב טאָג. ער האָט פאַרביסן אין טאַבאַרד=אַכסניה און געלייגט זיך שלאָפן, באַשליסנדיק ביי זיך אויפצושטיין מאָרגן גאַנץ פרי און נעמען זיך אויף דאָס ניי גוט אַזוך צו טאָן איבערן שטאָט. ליגנדיק אין בעט און מאַכנדיק פּלענער, ווי אַזוי צו געפינען אים, האָט ער זיך באַטראַכט אַזוי: דאָס ייִנגל וועט געוויס אַנטלויפן פון דעם באַנדיט — דעם, אַזוי גערופענעם פאָטער זיינעם, אויב ער וועט נאָר קענען. וועט ער אַנטלויפן צוריק קיין לאָנדאָן אויף זיין אַלטער דירה?—ניין, ער וועט עס ניט טאָן, מחמת ער וועט מורא האָבן, מען זאָל אים ווייטער ניט [illegible]פן. וואָס=זשע דען וועט ער טאָן?—ניט האָבנדיק אין דער גאַנצער וועלט קיין איין פריינד, אויסער מאַילס הענדאָן, וועט ער זיך, נאַטירלאַך, באַמיען אויפצוזוכן אים, אויב נאָר ער וועט צוליב דעם ניט דאַרפן גיין קיין לאָנדאָן און שטעלן זיך אין סכנה. אַלזאָ, וועט ער געוויס אַוועקלאָזן זיך נאָך

העגדאָן־שלאָס. יאָ, דאָס איז וואָס ער וועט טאָן, ווייל ער ווייס, אַז אַהין איז אַוועק מאַילס העגדאָן און דאָרטן וועט ער אים געפינען. יאָ, די זאַך איז פאַר העגדאָנען קלאָר: ער דאַרף מער קיין צייט ניט פאַרלירן און לאָזן זיך גלייך אַהיים דורך קענט און מאַנקסהאָלם, אויספאָרשנדיק אין וועג די וועלדער און פונאַנדערפרעגנדיק לייטן.

איצט לאָמיר אַוועקלאָזן העגדאָנען און אומקערן זיך צום פאַרשוואונדענעם קליינעם קיניג.

דער באַנדיט, וועלכן דער אַכסניה־דינער האָט געזען „צוגייענדיק צו זיי", איז באמת ניט צוגעגאַנגען צו זיי, נאָר איז נאָכגעגאַנגען טאָמען און זיי נאָכגעפאָלגט טריט ביי טריט. זיין לינקע האַנט איז געהאַנגען אויף אַ באַנד, און די לינקע אויג איז געווען פאַרדעקט מיט אַ גרינעם פלאַסטער, ער האָט אונטערגעהונקען אַ ביסל און האָט זיך אָנגעשפאַרט אויף אַ דעמבענעם שטעקן.

דער יונג האָט געפירט דעם קיניג דורך געדרייטע וועגן איבער סאָאוטוועַרק ביז ער האָט אים ביסלאַכווייז אַרויסגעפירט אויפן שאָסיי אונטערן שטאָט. דער קיניג איז אין כּעס געוואָרן און ווייטער ניט געוואָלט גיין: העגדאָן דאַרף קומען צו אים, נישט ער צו העגדאָנען. ער וועט אַזאַ חוצפה ניט צולאָזן. ער בלייבט, וואו ער איז און גאָר!

— דו ווילסט דאָ שהיות מאַכן און דיין פריינד וועט ליגן דאָרטן אין וואַלד אַ פאַרוואונדעטער? האָט דער יונג געזאָגט, — נו, גוט זאָל זיין אַזוי.

דער קיניג איז גלייך געוואָרן אַן אַנדערער.

— פאַרוואונדעט? — האָט ער אויסגעשריען, — ווער האָט זיך דערוועגט צו טאָן עס? נאָר דאָס איז אַ באַזונדער זאַך. פיר מיך, פיר מיך! גיכער, גיכער! ביסטו מיט בליי אָנגעגאָסן, וואָס דו רירסט זיך אַזוי; פאַרוואונדעט איז ער? אויב אַפילו דאָס האָט געטאָן אַ הערצאָגס אַזון, וועט ער טייער באַצאָלן דערפאַר!

צום וואַלד איז געווען אַ היבש שטיקל וועג, אָבער זיי

זיינען שנעל דורכגעגאנגען די שטרעקע. דער יונג האָט זיך ארומגעקוקט און אויפגעזוכט א צווייגל מיט א שטיקל שמאטקע צוגעבונדן צו איר. ער איז ווייטער געגאַנגען, אויפזוכנדיק פון צייט צו צייט אזעלכע צווייגלאך מיט שמאַטקעס: דאָס זיינען, קענטיק, געווען וועג-צייכנס, וואָס האָבן געפירט צו א געוויסן פלאַץ. אזוי זיינען זיי אלץ געגאַנגען ביז זיי זיינען געקומען צו דער חורבה פון אן אָפגעברענטער פאַרמע, לעבן וועלכער ס'איז געשטאַנען א האַלב-איינגעפאַלענער און צעפוילטער שייער.

ס'איז ערגיץ ניט געווען צו באַמערקן קיין סימן פון לעבן און א פולשטענדיקע שטילקייט האָט געהערשט אַרום. דער יונג איז אַריין אין שייער און דער קיניג איז אים איילנדיק נאָכגע-גאַנגען. אין שייער איז קיין לעבעדיקער נפש ניטאָ! דער קיניג האָט געוואָרפן א פאַרוואונדערטן און פאַרדעכטיקן בליק אויפן יונג און געפרעגט:

— וואו איז ער?

א שפּאָטישער געלעכטער איז געווען דער ענטפער אויף דער פראַגע. דער קיניג איז א צעקאָכטער געוואָרן. ער האָט בע-כאַפּט א שייט האָלץ און געוואָלט דערלאַנגען דעם יונג, ווען פון דער צווייטער זייט האָט זיך אויך דערהערט אַ חוזק-געלעכטער. דאָס האָט געלאַכט דער הינקעדיקער באַנדיט, וואָס איז זיי דעם גאַנצן וועג נאָכגעגאַנגען. דער קיניג האָט זיך אומגעקערט און מיט כעס געזאָגט:

— ווער ביסטו און וואָס טוסטו דאָ?

— וואַרף אַוועק דיין נאַרישקייט און באַרואיק זיך—האָט געזאָגט דער באַנדיט, — מיין גרים איז, דוכט זיך, גאָרנישט אַזוי גוט, דו זאָלסט דורך אים שוין ניט דערקענען דיין טאַטן.

— דו ביסט ניט מיין פאָטער. איך קען דיך ניט. איך בין דער קיניג. אויב דו האָסט געטאָן פאַרבאָרגן מיין דינער, געפינ מיר אים גלייך צוריק, אז ניט וועט אַ שווערער שטראָף זיין דער שכר פאַר דיינע שלעכטע מעשים.

דזשאָן קענטי האָט שטרענג און ניט געאיילט געענט-פערט:

— ס'איז קלאָר ווי דער טאָג, אז דו ביזט משוגע, און איך

וואָלט דיך ניט געוואָלט באַשטראָפן, נאָר אויב דו וועסט מיך אַרויס־
ברענגען פון געדולד, וועל איך מוזן צולייגן צו דיר אַ האַנט. דיין
פלאַפלעריי קען דאָ, וואו ס'זיינען קיין פרעמדע אויערן ניטאָ,—קיינעם
ניט שאַטן, אָבער דו מוזט געוויינען דיין צונג צו אַנדערע רייד,
ווען מיר וועלן אויסוואַנדערן ערגעץ אַנדערש. איך האָב באַגאַנגען
אַ מאָרד און קען אין דער היים ניט פאַרבלייבן. דאָס גלייכן—דו,
ווייל איך דאַרף דיך האָבן. צוליב געוויסע סיבות האָב איך געביטן
מיין נאָמען. מען רופט מיך איצט האָבס—דזשאָן האָבס. דיין
נאָמען איז דזשעק—זאָלסט עס גוט געדענקען. נו, און איצט זאָג
מיר: וואו איז די מאַמע? וואו זיינען דיינע שוועסטער? זיי זיי־
נען ניט געקומען אויף דעם אָרט, וואו מיר האָבן אָפּגערעדט.
ווייסטו, וואוהין זיי זיינען אַוועק?

דער קיניג האָט פאַרעקשנט געענטפערט:

— לאָז מיך צופרידן מיט דיינע רעטענישן. מיין מוטער
איז טויט, מיינע שוועסטער זיינען אין פּאַלאַץ.

דער יונג האָט זיך צעלאַכט אויפן קול און דער קיניג האָט
זיך שוין געוואָלט אויף אים וואַרפן, אָבער קענטי — אָדער
האָבס — ווי ער האָט זיך איצט אָנגערופן—האָט אים אָפּגעהאַלטן
און געזאָגט צום יונג:

— טשעפּע אים ניט, הוגאָ, ער איז ניט ביים זינען און
דיינע גאַנגען רעגן אים אויף. זעץ זיך, דזשעק, און באַרואיק דיך.
איך וועל דיר געבן עפּעס אין מויל אַריין.

—

האָבס און הוגאָ האָבן וועגן עפּעס געסודעט זיך, און
דער קיניג איז אָפּגעטראָטן וואָס ווייטער פון זייער אומאָנגענעמער
געזעלשאַפט. ער האָט זיך פאַררוקט אין אַ פינסטערן ווינקל פון
שייער, וואו ס'איז געלעגן אָנגעוואָרפן אַ קופּע שטרוי, אַ עוס די
הייך. ער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן און באַדעקט זיך מיט שטרוי,
אָנשטאָט קאָלדרעס, און איז פאַרזונקען אין געדאַנקען. ער האָט
געהאַט אַ סך שמערצן, אָבער איין קומער האָט אים כמעט געמאַכט
פאַרגעסן אָן אַלע איבעריקע: דאָס איז דער פאַרלוסט פון זיין
פאָטער. ביי דער גאַנצער וועלט האָט דער נאָמען פון הענרי
דעם אכטן אַרויסגערופן אַ שוידער און אַ פאַרשטעלונג פון

אַ מענטשן־פּרעסער, וועמעס נאָזלעכער עס אָטעמען מיט צעשטערונג און וועמעס האַנט עס טיילט אויס שטראָף־ריטער און טויט, אָבער אין דעם יינגל האָט דערזועלביקער נאָמען געוועקט זכרונות וועגן אַ געשטאַלט, וואָס איז פול געווען מיט ליבע און צערטלאַכקייט. ער האָט מיט ליבע דערמאָנט אָן די האַרציקע שמועסן צווישן אים און זיין פאָטער, און די קוואַלן טרערן, וואָס האָבן געפלייצט פון זיינע אויגן, האָבן עדות געזאָגט אויף דער טיפקייט און אויפריכטיקייט פון זיין צער.

דער טאָג האָט זיך דערנענטערט צום אָוונט און דאָס יינגל, אָן אויסגעמאַטערטער פון זיינעליידן, איז אַריינגעפאַלן אין אַ טיפן דערפרישנדיקן שלאָף.

נאָך אַ היבשער ווילע — ווי לאַנג ווייס ער אַליין ניט, — האָט ער זיך אויפגעכאַפּט פון זיין שלאָף און איז געלעגן מיט האַלבפאַרמאַכטע אויגן, חידושנדיק זיך, וואו איז ער ערגעץ און וואָס אַזוינס האָט מיט אים פּאַסירט. אַ רעגן האָט רעגלמעסיק און טרויעריק געקלאַפּט איבערן דאַך. אַן אָנגענעם געפיל פון באַקוועמלאַכקייט האָט אים אַרומגענומען, אָבער באַלד איז עס אונטערגעבראָכן געוואָרן דורך אַ טומלדיקער פלאַפּלעריי און אַ ווילדן געלעכטער. ער האָט אַרויסגערוקט דעם קאָפּ צו 'זען, פון וואַנען קומען די קולות. אַן עקלהאַפטער, אָפּשטויסנדיק בילד האָט זיך פאַרגעשטעלט פאַר זיינע אויגן: אין דעם צווייטן עק שייער האָט אויף דער ערד געפלאַקערט אַ העלער פייער. אַרום אים זיינען, צוויבעריש באַלויכטן פון רויטן פלאַם, געלעגן און געזעסן אַ חברה באַנדיטן, שלעפּערס און רינשטאָק־נפשות, וועגן וועלכע ער האָט קיינמאָל ניט נאָר ניט געהערט, נאָר אפילו אין חלום ניט געזען. דאָ זיינען געווען הויכע, געזונטע פאַרשוינען מיט פּנימער, פאַרברענט פון זון און ווינט, מיט לאַנגע האָר און אין פאַנטאַסטישע שמאַטעס; מיטלגעוויקסיקע יונגען מיט רוצחשע פּנימער, אויך אַזוי בעקליידט ווי יענע; דאָ זיינען געווען בלינדע בעטלער מיט פאַרקלעפּטע אָדער פאַרבונדענע אויגן; קאַליקעס מיט הילצערנע פיס און מיט קוליעס, קרעציקע מיט אייטערדיקע וואונדן, וואָס האָבן אַרויסגעקוקט פון אונטער די נוצלאָזע באַנדאַזשן; געווען

דאָ עפּעס אַ פאַרדעכטיקער פּאַקן-טרעגער מיט זיין פּאַק, אַ מעסער-שלייפער, אַ קופּערשמיד און אַ צירולניק — יעדערער מיט זיינע קלאַפּערגעצייג. פון די פּרויען, וואָס זיינען געווען אין דער שיי-נער קאָמפּאַניע, זיינען אייניקע געווען נאָך גאָר יונגע קינדער, אַנדערע — אין רעכטן בליען און אייניקע גאָר אַלטע צעקנייטשטע מכשפות — אַלע טומלדיקע, חצופישע, אָפּגעמיילקע און אַלע שמוצי-קע און אָפּגעלאָזענע. עס האָבן דאָ ניט געפעלט עטלאַכע קליינע קינדער מיט קראַנקע פּנימלאַך און אַ פּאָר הונגעריקע הינט מיט שטריקלאַך אויף די העלזער — די אָנפירער פון די „בלינדע".

די נאַכט איז אָנגעקומען. די באַנדע האָט נאָר וואָס געענ-דיקט איר מאָלצייט און האָט גענומען שיכורן. דער קרוג מיט משקה איז איבערגעגאַנגען פון מויל צו מויל. פון אַלע זייטן האָבן זיך געהערט קולות.

— אַ ליד, אַ ליד! זאָלן זינגען דער „פּלאָקן", דיק און „פּונקט-און-ביי"! *)

איינער פון די „בלינדע" איז אויפגעשטאַנען, אַראָפּגענומען די פּלאַסטערס פון די געזונטע אויגן און פון זיין ברוסט דעם האַרצרייסנדיקן אויפרוף, אין וועלכן ס'איז געווען באַשריבן די סיבה פון זיין אומגליק.

„פּונקט-און-ביי" האָט זיך באַפרייט פון זיין הילצערנעם פוס און האָט זיך אַוועקגעשטעלט אויף זיינע צוויי געזונטע און שטאַרקע פיס לעבן זיין חבר — אויך אַזאַ „פינסטערע קאַ-ליקע" ווי ער. דאַן האָבן זיי אויסגעזונגען אַ קנאַקעדיק גנביש לידל, וואָס איז נאָך יעדער פערז אונטערגעכאַפּט געוואָרן פון דער גאַנצער גנבים-באַנדע. ביי דעם לעצטן קופּלעט איז די האַלב-שיכורע חברה אַריין אין אַזאַ ברען, אַז יעדערער האָט גע-זונגען דאָס לידל פון אָנהייב ביזן סוף מיט אַ מיש-מאַש פון אַזעלכע ווילדע קולות, אַז די בעלקעס פון שייער האָבן גע-ציטערט.

דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן אַ שמועס, ניט אויף דעם

*) צונעמען, וואָס די רויבער-באַנדע האָבן זיך געגעבן איינע די אַנדערע.

גנבישן לשון פון דאָס ליד — דאָס איז באַנוצט געוואָרן נאָר ווען פרעמדע אויערן זיינען דערביי געווען, — נאָר אויף גע־ווינלאַכן ענגליש.

פון דעם שמועס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דזשאָן האָבס איז ניט־קיין אורח צווישן דער באַנדע, — ער איז שוין אַמאָל געווען אין איר. מען האָט אים געבעטן דערציילן, וואָס האָט מיט אים לעצטנס פּאַסירט. און ווען ער האָט, פאַרבייגייענ־דיק, באַמערקט, אַז ער האָט „צופעליק" געהרגעט אַ מענטשן, האָט די חברה פאַר אים געקראָגן גאָר אַן אַנדער דרך־ארץ, און ווען ער האָט צוגעגעבן, אַז דער דערהרגעטער איז געווען אַ גלח, — האָט מען אים רעשדיק אַפּלאָדירט און ער האָט מיט יעדערן געמוזט טרינקען לחיים. אַלטע באַקאַנטע האָבן אים מיט שמחה באַגריסט און נייע — זיינען געזען שטאָלץ צו דריקן זיין האַנט. מען האָט אים געפרעגט, פאַרוואָס האָט מען אים אַזויפיל חדשים ניט געזען, האָט ער געענטפערט.

— לאַנדאָן איז בעסער ווי די פּראָווינץ און זיכערער, איבערהויפּט די לעצטע יאָרן, ווען די געזעצן זיינען אַזוי אומ־רחמנותדיק און ווערן אַזוי שטרענג אָפּגעהיט. און ווען ניט דער צופאַל מיינער מיטן גלח, וואָלט איך דאָרטן ווייטער געוואוינט. איך האָב באַשלאָסן צו בלייבן דאָרטן אויף שטענדיק, און מער ניט וואַנדערן איבערן לאַנד, אָבער דער צופעליקער מאָרד האָט צעשטערט מיינע פּלענער.

דזשאָן האָבס האָט געפרעגט, וויפיל זייערע זיינען פאַראַן אין דער באַנדע. דער „סקאַנדאַליסט", וואָס איז געווען דער אָנפירער פון דער באַנדע, האָט געענטפערט:

— פינף־און־צוואַנציק שטיק שפּסן־פּעל, שטעפערס, פּיילן לאַמפּנהינטס, בעטלער, ברומער, שוין אַריינרעכענענדיק די לע־רער, כאָנטעס און אַנדערע יאַטן *). דאָס רוב פון זיי זיינען דאָ,

*) גנבישע נעמען פאַר אַלערליי מדרגות פון גנבים, בעטלער און שלע־פּערס מיט זייערע חייבער־שותפים.

און די איבעריקע האָבן זיך אַוועקגעלאָזן צו מזרח צו. מ׳ירן זיך פאַרטאָג אויך אַרויסגעלאָזן.

— עפּעס זע איך ניט אונגען צווישן דער פיינער חברה. וואו קען ער דאָס זיין?

— אָ, דער אָרימער יאַט שפייזט זיך איצט אין גיהנום מיט שוועבל און פאַרבייסט, פון טעם וועגן, מיט הייסן פעך: מ׳האָט אים אַוועקגעלייגט, זומער־צייט, אין אַ געשלעג.

— אַ, פאַרדראָסיק. געווען אַ וואוילער יאַט, און ניט פון די שרעקעדיקע.

— אָ, יאָ. דאָס איז אמת. די שוואַרצע בעס, זיין נקבה, איז איצט מיט אונז — זי איז אויך אַוועק מיט יענער חברה צו מזרח. אַ פיינע מויד, אַ וואוילע שטיק, פירט זיך גוט אויף און, מען קען זאָגן, זי וועט דיר קיינמאָל ניט אַריינגיסן קיין איבעריקע: קיינער האָט זי ניט געזען שיכור מער ווי פיר טעג אין דער וואָך.

— זי איז שטענדיק געווען אַזאַ — איך געדענק זי גוט — האָט דזשאָן געגעבן זיין הסכמה, — אַ וואוילע נקבה, וואָס איז כדאי מיט איר צו האָבן אַן עסק. די מאַמע אירע איז געווען אַ סך פרייער פון איר, און ניט אַזוי אָפּגעהיט. אַ ביטערע, מיאוסע נקבה. אָבער אַ קאָפּ האָט עס געהאַט, גאָר ניט קיין געוויינלאַכן.

— מיר האָבן זי פאַרלאָרן טאַקע צוליב איר צו שאַרפן שכל. איר פּראָפעסיע פון אַ טרעפערקע האָט איר געמאַכט אַ נאָמען פאַר אַ מכשפה, און זי איז, נאָכן געזעץ נאָך, אָפּגעבראָטן געוואָרן אויף אַ לאַנגזאַמען פייער. ס׳האָט ממש גערירט ביים האַרצן דער מוט, מיט וועלכן זי האָט באַגעגנט איר סוף: זי האָט ניט אויפגעהערט צו פלוכן, שילטן און זידלען די חברה ליידיק־גייערס, וואָס זיינען געשטאַנען מיט אָפענע מיילער און צוגעקוקט ווי די פלאַמען האָבן געלעקט איר פּנים, פאַרכאַפּט אירע שיטערע האָר און געטרעשצעט אַרום איר אַלטן, גרויען קאָפּ. געשאָלטן, האָב איך געזאָגט? נישקשה געשאָלטן! טויזנט יאָר, אַז דו וועסט לעבן, וועסטו אַזעלכע קללות ניט הערן! און,

איר קונסט איז געשטאָרבן צוזאַמען מיט איר. פאַראַן נאָך, וואָס מאַכן איר נאָך, אָבער ווי קומט דאָס צו איר — אמתע זידלעריי און אמתע גאָטלעסטערונג איז שוין ניטאָ!

דער „סקאַנדאַליסט" האָט אָפּגעזיפצט. די צוהערערס האָבן געענטפערט מיט מיטפילנדיקע זיפצן. אַן אומעט איז באַפאַלן די חברה, וואָרים אַפילו ביי די ערגסטע פאַרהאַרטעוועטע אויסוואורפן קען זיך אַמאָל אויפוועקן דער מיטגעפיל, דאָס מיטלייד, דאָס באַדויערן פון די, וואָס זיי פאַרלירן, איבערהויפט אין אַזאַ מין פאַל, ווען טאַלאַנט און קולטור גייען צו גרונט און לאָזן ניט איבער קיין יורשים און נאָכפאָלגער. אָבער אַ רעכטער טרונק בראַנפן האָט באַלד צוריק אויפגעמונטערט די אבלים.

— זיינען ווער נאָך פון אונזערע פריינד אריינגעפאַלן? — האָט האָבס געוואָלט וויסן.

— אייניקע — יאָ. איבערהויפט פון די גרינע, די נייאינקע. דאָס רוב זיינען דאָס געווען קליינע פאַרמערלאַך, ביי וועלכע די לאַנד-אייגנטימער האָבן אָפּגענומען זייערע פערמעס און ארויסגעוואָרפן זיי הונגעריק און היימלאָז אויף דער ברייטער וועלט. האָבן זיי גענומען בעטלען. האָט מען זיי געכאַפּט, צוגעבונדן צו אַ וואָגן, אָפּגעדעקט די לייבער ביזן גאַרטל און געשמיסן ביז זייער בלוט איז גערונען. דערנאָך האָט מען זיי געפייניקט אין קלעצלאַך. זיי האָבן ווידער געבעטלט, מען האָט זיי ווידער געכאַפּט, ווייטער געשמיסן און דערצו נאָך אָפּגעשניטן אַן אויער. זיי האָבן אַ דריטן מאָל געבעטלט — וואָס אַנדערש האָבן די אָרימע טייוואָלים געקענט טאָן? — מען האָט זיי אויפסניי געכאַפּט, אָפּגעשטעמפּלט די באַקן מיט אַ רויט-גליענדיקן אייזן און פאַרקויפט פאַר קנעכט. זיי זיינען אַנטלאָפן, מען האָט זיי געכאַפּט און אויפגעהאַנגען. — אָט האָסטו דיר אַ קורצע געשיכטע און גיך דערציילט. אַנדערע האָבן געכאַפּט אַ קלענערן פסק. קומט נאָר אַהער, יאָקעל, בערנס און האָדזש — ווייזט אָקאָרשט, ווי מען האָט אייך באַפּוצט?

די דריי גערופענע זיינען צוגעגאַנגען, און אַראָפּוואַרפנדיק פון זיך די שמאַטעס, באַוויזן זייערע רוקנס, צעפּאַסעוועטע מיט

פארעלטערטע סימנים פון ריטער. איינער האט אפגעוואָרפן די האָר און באַוויזן דעם אָרט, וואו ס'איז אַמאָל געווען זיין לינקער אויער. דער דריטער האָט אויך באַוויזן אַ שטעמפּל אויפן אַקסל, אַן אָפּגעשניטענעם אויער און דאָס אות „וואו" (וואַגאַבונד) אויסגעברענט אויף זיין באַק.

— איך בין יאָקעל — האָט דער דריטער געזאָגט,—געווען אַמאָל אַ פאַרמעגלאַכער פאַרמער מיט אַ געטרייער ווייב און קינדער־לאַך. איצט איז מיין מצב און באַשעפטיקונג אַ ביסל געענדערט. מיין ווייב און קינדער זיינען געשטאָרבן. מעגלאַך, זיי זיינען אין גן־עדן, און אפשר—ערגעץ אַנדערש, ווי די מעשה איז—אַדאַנק דעם באַרים־הארציקן גאָט—זיי וואוינען ניט מער אין ענגלאַנד! מיין גוטע, אַלטע, ערלאַכע מוטער האָט זיך באַמיט צו פאַרדינען איר ברויט דורך אויפפּאַסן קראַנקע. איינמאָל, איז איינער פון אירע אויפגעפּאַסטע חלאים געשטאָרבן און די דאָקטוירים האָבן ניט געוואוסט פון וואָס. האָט מען מיין מוטער פאַרברענט אַלס אַ מכשפה. מיינע קינדערלאַך האָבן געקוקט און געוויינט. אַ קליי־ניקייט, דאָס ענגלישע געזעץ! ע, איר! שטייט אויף אַלע מיט די בעכער אין די הענט! נו, אַלע מיטאַמאָל! טרינקט פאַר דעם באַרימהאַרציקן ענגלישן געזעץ, וואָס האָט כאָטש זי באַפרייט פונם ענגלישן גיהנום! איך דאַנק אייך, חברים, יעדערן באַזונ־דער, און אַלעמען אינאיינעם... איך בין געגאַנגען פון הויז צו הויז און געשאָלטן — איך מיט מיין ווייב, טראָגנדיק אויף זיך די הונגעריקע קינדערלאַך. אָבער הונגעריק זיין איז אין ענגלאַנד אַ פאַרברעכן, — האָט מען אונז אויסגעטאָן און מיט ריטער גע־טריבן דורך דריי שטעט. טרינקט־זשע אַלע ווידער פאַרן באַרים־הארציקן ענגלישן געזעץ! פאַר דאָס געזעץ, וואָס האָט אויסגע־זויגן מיין מערים בלוט און געבראַכט איר אַ גיכע דערליידזונג. זי ליגט אָן דאַרטן, אויף דעם טעפּערס פעלד, פריי פון אַלדעס בייז. און די קינדערלאַך — וואָס איז דאָ פאַראַן וואָס צו ריידן? — ביז מען האָט מיך, שמייסנדיק, געטריבן פון איין שטאָט אין דער צווייטער, זיינען זיי אויסגעגאַנגען פון הונגער. טרינקט־זשע, חברה, כאָטש איין טראָפּן, — איין טראָפּן פאַר די

אָרימע קינדערלאַך, וואָס האָבן קיינמאָל קיינעם קיין שלעכטס ניט געטאָן — — — —

איך האָב ווידער געבעטלט, — געבעטן אַ פּיצל ברויט און באַקומען האָב איך קלעצלאַך און אַן אָפּגעשניטענעם אויער. איר זעט, אָט איז נאָר אַ זכר פון אים פאַרבליבן. איך האָב אַלץ געבעטלט — און אָט איז דער וואָרצל פון צווייטן אויער, איך זאָל אָן אים ניט פאַרגעסן. איך האָב פאָרט ניט אויפגעהערט צו בעטלען, — און מען האָט מיך פאַרקויפט פאַר אַ קנעכט. — ווען איך וואַש אָפּ דעם פלעק דאָ אויף מיין באַק, וואָלט איר געקענט זען דאָס רויטע בוכשטאַב „ק", אויסגעברענט מיט אַ גליענדיקן אייזן! „ק" — קנעכט! איר פאַרשטייט דאָס וואָרט? אַן ע נ ג ל י ש ע ר ק נ ע כ ט! — אָט ווער עס שטייט פאַר אייך! איך בין אַנטלאָפן פון מיין באַלעבאָס, און ווען מען כאַפּט מיך — פאַרפלוכט זאָל זיין פון גאָט דאָס לאַנד, וואָס האָט געשאַפן אַזעלכע געזעצן — ווערט מען מיך הענגען!

אַ קלינגענדיקע שטימע האָט דורכגעשניטן די פייכטע לופט:

— דו וועסט נ י ט הענגען! — און היינטיקער טאָג מאַכט אַ סוף פון אַזאַ ווילדן געזעץ!

אַלע האָבן זיך אומגעקערט און דערזען די פאַנטאַסטישע געשטאַלט פון דעם קליינעם קיניג, וואָס איז איילנדיק געגאַנגען צו דער קאָמפּאַניע. ווען ער האָט זיך דערנענטערט צום פייער, האָבן זיך פון אַלע זייטן אַ שאָט געטאָן פראַגן: — ווער איז עס? וואָס איז דאָ? ווער ביסטו, נפשל?

— דאָס ייִנגל איז רואיק געשטאַנען צווישן דער חברה פאַרוואונדערטע, פרעגנדיקע פאַרשויגנען און האָט מיט עכט קיניגלאַכער זעלבסטווערדע געענטפערט:

— איך בין ע ד ו אַ ר ד, דער קיניג פון ענגלאַנד.

עס האָט אויסגעבראָכן אַ ווילדער געלעכטער — טיילווייז אַ שפּאָטישער און טיילווייז אַ צופרידענער פון דעם אויסגעצייכנטן וויץ. דעם קיניג האָט עס אַ שטאָך געטאָן, און ער האָט שטרענג געזאָגט:

— איר אומדערצויגענע שלעפּערס! איז דאָס אייער דאַנק-

באַרקייט פאַר מיין קיניגלאַכן גנאָד, וואָס איך האָב אייך פאַר־שפּראָכן?

ער האָט נאָך גערעדט מיט כּעס און מיט אויפגערעגטע באַוועגונגען, אָבער דאָס איז אַלץ פאַרלאָרן געגאַנגען אין אַ שטורים פון געלעכטער און שפּאָטישע אויסרופן.

דזשאָן האָבס האָט זיך עטלאַכע מאָל געפּרובט אי־בערשרייען די חברה, און צום סוף איז עס אים געלונגען.

— חברים, דאָס איז מיין זון! — האָט ער געזאָגט, — אַ פאַנטאַזירער, אַ נאַר און פּשוט משוגע. קוקט זיך ניט אום אויף אים. ער שטעלט זיך פאָר, אַז ער איז באמת דער קיניג.

— איך בין דער קיניג! — האָט עדוואַרד, ווענדנדיק זיך צו אים געזאָגט, — ווי דו וועסט זיך, אין דער ריכטיקער צייט, צו דיין גרויס באַדויערן, איבערצייגן. דו האָסט זיך מודה געווען אין אַ מאָרד און דו וועסט זיך דערפאַר וויגן אויף דער תּליה.

— דו וועסט מיך אַרויסגעבן? - דו? איך וועל דיך מיט מיינע אייגענע הענט...

— טפרו, טפרו! — האָט דער אַטאַמאַן „סקאַנדאַליסט" אַ זאָג געטאָן און מיט אַ זעץ איבערן קאָפּ אַוועקגעלייגט האָבסן אויף דער ערד, צו פאַרהיטן דעם קיניג, — האָסט גאָר קיין דרך־ארץ ניט ניט פאַר מלכים, ניט פאַר אַטאַמאַנען? אויב דו וועסט באַכאַמאָל מאַכן אַזעלכע שטיק אין מיין געגנוואַרט, וועל איך דיך אויפהענגען.

דאַן האָט ער זיך געווענדט צו זיין מאַיעסטעט און געזאָגט:

— דו זאָלסט דיינע חברים ניט סטראַשען, יאטל. און דו מוזט האַלטן צונג וועגן זיי ערגעץ אַנדערש אויך. קענסט זיך זיין קיניג, אויב דאָס געפעלט דיין משוגענעם קאָפּ, אָבער זיי ניט קיין שעדלאַכער קיניג. וואַרף אַוועק דיין טיטל—דאָס איז פאַר־ראַט. מיר קענען זיך זיין, אין וועלכע ס'איז קלייניקייטן, ניט קיין פיינע לייט, אָבער דו וועסט צווישן אונז ניט געפינען קיין איינציקן, וואָס זאָל זיין אַ פאַררעטער צו זיין קיניג. ניט אַזוי?

אָט וועסטו זען. נו, אַלע מיטאַמאָל: — לאַנג לעבן זאָל עדוואַרד דער קיניג פון ענגלאַנד!

די פריילאַכע קאָמפּאַניע האָט געענטפערט מיט אַזאַ דונער־געשריי, אַז די גאַנצע געביידע האָט געציטערט ביזן פונדאַמענט. דעם קליינעם קיניגס פּנים איז אויף אַ מינוט באַלויכטן געוואָרן מיט אַן אויסדרוק פון פאַרגעניגן. ער האָט לייכט אָנגעבויגן זיין קאָפּ און מיט ערנסטע פּשטות געזאָגט:

— איך דאַנק אייך, מיין גוט פאָלק.

דידאָזיקע אומדערוואַרטע ווערטער האָבן ווידער אַרויסגע־רופן אַ גוואַלדיקן געלעכטער. ווען דער עולם האָט זיך אַ ביסל באַרואיקט, האָט דער „סקאַנדאַליסט" פּעסט אָבער גוטמוטיק געזאָגט:

— וואַרף אַוועק די שטיק, יינגל, ס'איז ניט קלוג און ס'טויג ניט. קענסט זיך ווילן מיט עפּעס אַנדערש, אָבער דעם טיטל קיניג לאָז אָפּ.

דער קופּערשמיד האָט אַ ווײַלע געטראַכט און געזאָגט:

— איך שלאָג פאָר, מען זאָל אים קרוינען מיטן טיטל: פו־פו דער ערשטער, קיניג פון די דומקעפּ.

דער פאָרשלאָג האָט גלייך „אָנגענומען". יעדערער האָט גע־ריסן די האַלז און אַלע האָבן אויסגעשריען:

— לאַנג לעבן זאָל פו־פו, דער קיניג פון די דומקעפּ! — באַגלייט מיט אַ פייפעריי און אַ געלעכטער.

— ברענגט אים אַהער און קרוינט אים!

— טוט אים אָן דאָס קיניג־קלייד!

— גיט אים דאָס קיניגלאַכע רוט אין האַנט!

— זעצט אים אויפן טראָן!

די און נאָך צוואַנציק אַנדערע אויסגעשרייען האָבן גלייכ־צייטיק אויסגעבראָכן, — און נאָך איידער דער קליינער אומגליקלא־כער קרבן האָט צייט געהאַט אַרומצוקוקן זיך, איז ער שוין גע־ווען געקרוינט מיט אַ בלעכענעם בעקן אויפן קאָפּ, פאַרוויקלט אין אַ צעריסענער קאָלדרע, אַרויפגעזעצט אויף אַ ליידיקער פעסל און אָנשטאָט דעם קיניגלאַכן רוט אַריינגערוקט אים דעם קופּערשמידס שמעלץ־אייזן אין האַנט. דאַן האָבן אַלע אַ פאַל געטאָן פאַר אים

אויף די קני און, ווישנדיק די אויגן מיט די צעריסענע אַרבל און שמוציקע פֿאַרטוכער, כּלומרשט געוויינט און געבעטן:

— אָ, וויז אונז דיין גנאָד, זיסער קיניג!

— טרעט ניט מיט דיינע פֿיס די אומווערדיקע ווערים, אָ, דיין מאַיעסטעט!

— דערבאַרים, זיך אויף דיינע קנעכט און טוייסט זיי מיט אַ בריק פֿון דיין קיניגלאַכע פֿוס!

— דערפֿריי אונז און דערוואַרים אונז מיט דיינע גנאָדיקע שטראַלן, אָ, אונזער ליכטיקע זון!

— באַהייליק די ערד מיט דער באַרירונג פֿון דיין פֿוס, כּדי מיר זאָלן דערנאָך קענען עסן די בלאָטע, אויף וועלכער דו האָסט געטראָטן און געאיידלט ווערן!

— באַווייליק צו שפּייען אויף אונז, אָ, הערשער, כּדי אונזערע קינדס־קינדער זאָלן דערציילן וועגן דיינע קיניגלאַכע חסדים און שטאָלצירן מיט זיי!

אָבער דער שאַרפֿזיניקער קופּערשמיד האָט אַלעמען איבערגעשטייגט: פֿאַלנדיק אויף די קני, האָט ער כּלומרשט געקושט דעם קיניגס פֿוס. דער קיניג האָט אים מיט פֿאַראַכטונג אָפּגעשטויסן. דער קופּערשמיד האָט זיך ביי אַלעמען געבעטן, מען זאָל אים געבן אַ שמאַטקע צו פֿאַרבינדן דאָס אָרט, וואָס איז באַרירט געוואָרן פֿון זיין מאַיעסטעטס פֿוס, כּדי די לופֿט זאָל דערויף ניט ווירקן. איצט האָט ער געזאָגט, וועט ער גליקלאַך ווערן, ווייל ער וועט באַווייזן די באַק פֿאַר הונדערט שילינג אַ קוק.

ער האָט דערביי געמאַכט אַזעלכע תּנועות און הויות, אַז די גאַנצע באַנדע האָט זיך געקייקלט פֿון געלעכטער.

טרערן פֿון צאָרן און שאַנד זיינען געשטאַנען אין דעם קיניגס אויגן און ער האָט געקלערט: „ווען איך וואָלט זיי אַפֿילו װער ווייס וואָס פֿאַר אַ שלעכטס געטאָן, וואָלטן זיי ניט געקענט זיין ערגער צו מיר ווי זיי זיינען, און איך האָב זיי דאָך פֿאַרשפּראָכן צו באַווייזן מיין גנאָד — און אָט איז זייער דאַנקבאַרקייט!

---

# אַכטצנטער קאַפּיטל.

## דער פרינץ צווישן שלעפּערס.

גאַנץ פרי פאַרטאָג האָט זיך די חברה געלאָזן אין וועג אַריין. איבערן קאָפּ זיינען געהאַנגען שווערע וואָלקנס, אונטער די פיס איז געווען גליטשיק און די לופט איז געווען ווינטערדיק קאַלט. די גאַנצע פריילאַכקייט פון דער קאָמפּאַניע איז פאַרשוואונדן, אַלע זיינען געווען פינסטער און שווייגנדיק. אייניקע זיינען געווען בייז און אויפגערייצט, גוט געשטימט איז קיינער ניט געווען, און נאָך אַ טרונק בראַנפן האָט יעדערער געעלכצט.

דער „סקאַנדאַליסט" האָט אָפּגעגעבן „דזשעקן" אונטער הוגאָס השגחה, אָנזאָגנדיק דזשאָן קענטין ער זאָל זיך האַלטן פון ווייטן און לאָזן דאָס יינגל צופרידן. ער האָט אויך אָנגעזאָגט הוגאָן, ער זאָל ניט זיין צו גראָב מיט אים.

אַ ווײַלע שפּעטער איז געוואָרן עטוואָס וואַרימער און דער הימל האָט זיך אַ ביסל אויסגעלייטערט. די באַנדע האָט אויפגעהערט צו ציטערן פון קעלט און זייער שטימונג האָט זיך אַ ביסל געהויבן. ביסלאַכוויז האָבן זיי זיך פונאַנדערגעהולעט, גענומען רייצן איינער דעם אַנדערן און פאַרטשעפּען פאַרבייגייער.

דאָס האָט באַוויזן, אַז זיי גייען ווידער אַריין אין טעם פון לעבן מיט זייערע פריידן. די מורא פאַר דער באַנדע איז געווען אַזוי גרויס, אַז יעדערער האָט זיי אָפּגעטראָטן דעם וועג און אָנגענומען זייער פרעכע חוצפה, ניט ענטפערנדיק אַ וואָרט צוריק. זיי האָבן אַראָפּגעריסן וועש פון די פאַרקאַנעס פאַר די אויגן פון די בעלי-בתים, וואָס האָבן זיך ניט דערוועגט אַנטקעגן צו שטעלן זיך, זייענדיק קענטיק צופרידן, וואָס מען האָט זיי כאָטש איבערגעלאָזט די פאַרקאַנעס.

אין אַ ווײַלע אַרום האָבן זיי זיך אַרײַנגעריסן אין אַ קלײנער פערמע און צעלייגט זיך ווי בײַ זיך אינדערהיים, אין דער צייט וואָס דער פּאַרמער און זיין ווייב האָבן אויסגערוימט אַלץ וואָס ס'איז געווען אין שפּײַכלער, צו מאַכן פאַר זיי אַן אָנבייסן. צונעמענדיק די געריכטן פון דער באַלעבאָסטע און אירע טעכטער, האָבן די בויאַנעס זיי פּאַרטשעפּעט און געטריבן מיט זיי פּוילן שפּאַס, באַגלייטנדיק עס מיט שמוציקע ווערטלאַך און פערדישער הירזשערײַ. זיי האָבן געוואָרפן אויף דעם פּאַרמער און זיינע זין מיט ביינער און שטיקלאַך גרינס. און אָנגעקוואָלן קוקנדיק, ווי יענע מאַטערן זיך אויסצומיידן דאָס ביין. האָט אימיצער פון דער באַנדע גוט געטראָפן, האָט עס אַרויסגערופן רוישיקע אַפּלאָדיסמענטן און אַ גרויס געלעכטער. געענדיקט האָבן זיי דערמיט, וואָס זיי האָבן אויסגעשמירט מיט פּוטער דעם קאָפּ פון דעם פּאַרמערס אַ טאָכטער, וואָס האָט ניט געוואָלט ליידן זייער צעלאָזנקייט. פאַרן אַוועקגיין האָבן זיי געסטראַשעט צו פאַרברענען די גאַנצע פאַרמע מיט אירע אײַנוואוינער, אויב וועגן זייערע מעשים וועט עפּעס דערגיין צו דער פּאָליציי.

נאָך אַ לאַנגן און מידן וועג, האָט זיך די באַנדע אַרום האַלבן טאָג פונאַנדערגעלייגט אָפּרוען הינטער אַ פּאַרקאַן אין דער שכנות מיט אַ היבשן דאָרף. אַ שעה האָט מען גערוט, דערנאָך האָט זיך די חברה צעשאָטן, כּדי אַרײַנצוגיין אין דאָרף פון פאַרשיידענע זייטן און פאַרנעמען זיך מיט זייערע פאַרשיידענע מלאכות.

„דזשעק״ איז געגאַנגען מיט הוגאָן, וואָס האָט זיך אומגעשלעפּט הין און צוריק און אויסגעקוקט אַ געלעגנהייט אָפּצוטאָן עפּעס אַ שטיקל אַרבעט. אָבער עס האָט זיך קיין זאַך ניט געמאַכט, און ער האָט צום סוף געזאָגט:

— איך זע ניט, וואָס מען זאָל דאָ קענען גנבענען, אַ קבצניש ערטל. מיר מוזן דעריבער נעמען זיך בעטלען.

— מיר? נו, פאַרגעס אָן דעם! קענסט זיך באַשעפטיקן מיט דיין פּראָפעסיע — זי פּאַסט דיר, אָבער איך וועל ניט בעטלען.

— דו וועסט ניט בעטלען! — האָט הוגאָ אויסגעשריען,

אָנקוקנדיק דעם קיניג מיט וואונדער, — זאָג מיר, איך בעט דיך, פון ווען אָן ביסטו עס געוואָרן אזא בעל־תשובה?

— וואָס מיינסטו צו זאָגן?

— וואָס איך מיין? האָסטו דען ניט געבעטלט דיין גאַנצן לעבן אויף די לאַנדענער גאַסן?

— איך? אידיאָט דו איינער!

— באַהאַלט דיינע קאָמפּלימענטן, וועלן זיי דיר לענגער קלעקן. דיין טאַטע־זאָגט, אַז דו האָסט דיין גאַנצן לעבן געבעטלט. אפשר זאָגט ער אַ ליגן. אפשר וועסטו זאָגן, אַז ער ליגט טאַקע? — האָט זיך הי ו ג אָ גערייצט מיט אים.

— אָט דער, וואָס ד ו רופסט אים מיין פאָטער? — יאָ, ער ליגט.

— נו, נו, גענוג צו שפילן די פריילאַכע שפּיל פון אַ משוגע־נעם, חבר. דאָס איז גוט, ווען עס פאַרוויילט, אָבער ניט ווען עס שאַדט: אַז איך וועל אים נאָר דערציילן וואָס דו האָסט געזאָגט וועט ער דיר געבן אַ חלק, אַז דו וועסט האָבן צו געדענקען.

— זיי זיך ניט מטריח. איך וועל עס אים אַליין זאָגן.

— מיר געפעלט דיין דרייסטקייט, אויף מיין וואָרט מיר געפעלט. מיר געפעלט אָבער ניט דיין שכל און דיין גאַנג. קלעפּ און זידלערייען ניט אין לעבן און מען דאַרף גאָרניט אַרויסגיין זיי אַנט־קעגן מקבל פנים זיין. — אָבער לאָמיר וועגן דעם מער ניט ריידן. איך גלייב דיין טאָטן. ס׳איז ביי מיר קיין ספק ניט, אַז ער קען זאָגן אַ ליגן! איך צווייפל ניט, אַז ער זאָגט ליגן ווען מען דאַרף — דאָס טוט יעדערער פון אונז. אָבער דאָ איז אין דעם קיין נויט־ווענדיקייט ניט געווען. אַ קלוגער מענטש ליגט ניט אומזיסט. נאָר זאָג מיר, ווי באַלד דו ווילסט ניט בעטלען, וואָס־זשע דען וועלן מיר טאָן? מירן באַגנבענען קיכן?

— גענוג צו ריידן נאַרישקייט! — האָט דער קיניג אומ־געדולדיק געזאָגט, — זיי האָבן מיר שוין דערעסן!

— הער נאָר, חבר, — האָט היוגאָ שוין אין כעס געזאָגט, — בעטלען ווילסטו ניט, גנבענען ווילסטו ניט, זאָל זיין אַזוי. אָבער

כ׳וועל דיר זאָגן וואָס דו וועסט יאָ טאָן: דו וועסט אַריינגאָרן יאָלדן און איכ׳ל אַרבעטן. פּרוב נאָר אָפּזאָגן זיך!

דער קיניג האָט זיך געקליבן צו ענטפערן אויף זיין שטייגער מיט פאַראַכטונג, ווען הי ו ג אָ האָט אים איבערגעשלאָגן:

— שטילער! אָן גייט אַ יאָלד מיט אַ גוטן פּרצוף. איך וועל באַלד קריגן די פּאַליקע. ווען יענער פּאַרשוין וועט צולויפן, גיב אַ פאַל אויף די קני און ברעך אויס אין אַזאַ יאָמער, פּונקט ווי טויזנט שדים פון אומגליק וואָלטן געזעסן אין דיינע קישקעס און און שריי: אָ, גוטער הער, דאָס איז מיין אומגליקלאַכער קראַנקער ברודער, און מיר זיינען אַזוי עלנט! אָ, ווי גאָט איז אייך ליב, האָט רחמנות אויף אָן עלנטן, פאַרלאָזענעם און אומגליקלאַכן נפש! שענקט איין פּעני פון אייער עשירות אַ גאָט־געשטראָפטן, פאַרלאָרענעם מענטשן!—און געדענק־זשע, זאָלסט ניט אויפהערן צו יאָמערן ביז מירן פון אים ניט אויסקוועטשן זיין פּעני, אַז ניט, וועסטו חרטה האָבן.

און, ניט לאַנג וואַרטנדיק, האָט הי ו ג אָ אָנגעהויבן צו קרעכצן און אויקען, גלאָצן מיט די אויגן, וואַרפן, דרייען זיך, און ווען דער אומבאַקאַנטער איז צוגעגאַנגען נאָענט, האָט ער זיך ניט אַ געשריי אַ וואָרף געטאָן אויף דער ערד און גענומען קייקלען און צאַפּלען זיך אין בלאָטע ווי אין גסיסה.

— אָ, נעבאַך, נעבאַך!—האָט דער גוטהאַרציקער אומבאַקאַנטער אויסגעשריען,—אָ, אומגליקלאַכער, וואָס פאַר יסורים ער לייט נעבאַך. אָט וועל איך דיך אויפהויבן.

— אָ, נאָבעלער הער! זאָל אייך דער אויבערשטער באַצאָלן פאַר אייער גוט האַרץ, אָבער יעדע באַרירונג פאַרשאַפט מיר יסורים, ווען עס כאַפּט מיר אָן אַזאַ אָנפאַל. מיין ברודער וועט אייך דערציילן, וואָס פאַר אַ יסורים איך שטיי אויס, ווען עס כאַפּט מיר אָן אַן אָנפאַל. אַ פּעני, טייערער הער, אַ פּעני אויף אַ שטיקל ברויט שענקט מיר און לאָזט מיך איבער אומגליקלאַכן מיט מיינע ווייטאָקן.

— אַ פּעני! איך וועל דיר געבן דריי, דו אומגליקלאַכע נשמה—האָט דער גוטהאַרציקער מענטש אויסגערופן, איילנדיק

און נערוועז אַרויסגעמענדיק פון טאַש דריי פעניס.—נאַ, אָרימער יונג, נעם און פאַרגיך עס געזונטערהייט. נו, איצט, ייִנגעלע, קום אַהער און העלף מיר איבערטראָגן דיין קראַנקן ברודער אין שטוב אַריין, וואו...

— איך בין ניט זיין ברודער — האָט דער קיניג איבערגעשלאָגן.

— וואָס! ניט זיין ברודער?

— אָ, הערט נאָר וואָס ער רעדט! — האָט היוגאָ אויסגעשריען, קריצנדיק אין דער שטיל מיט די ציין,—ער זאָגט זיך אָפּ פון זיין אייגענעם ברודער, וואָס שטייט שוין מיט איין פוס אין קבר!

— פע, יינגעלע, מעגסט זיך טאַקע שעמען צו זיין אַזוי שטיין-האַרציק צו דיין ברודער. ער איז דאָך, נעבאַך, אַ קאַליקע, קוים וואָס ער רירט אַ האַנט אָדער אַ פוס. אויב ער איז ניט דיין ברודער ווי דו זאָגסט, טאָ ווער דען-זשע איז ער?

— אַ בעטלער און אַ גנב—אָט ווער ער איז! ער האָט ביי אייך אויסגענאַרט אייער געלט און צו דערזעלביקער צייט אויסגעליידיקט ביי אייך די קעשענעס. און דו קענסט מיט אַ מופת אים אויסהיילן דורך דעם, וואָס דו וועסט אים מכבד זיין מיטן שטעקן איבער די פּלייצעס, פאַרלאָזנדיק זיך אין דאָס איבעריקע אויף גאָט.

אָבער היוגאָ האָט ניט געוואַרט אויף דעם מופת: אין איין מאָמענט איז ער אויפגעשפּרונגען און געלאָזן זיך לויפן ווי אַ ווינט, פאַרפאָלגט פון דעם אומבאַקאַנטן, וואָס האָט געמאַכט געוואַלדן אין הימל אַריין, מען זאָל אים פאַרהאַלטן.

דער קיניג, דאַנקענדיק גאָט פאַר זיין באַפרייאונג, האָט זיך געלאָזן לויפן אין דער צווייטער זייט, ניט אָפּשטעלנדיק זיך ביז ער איז ניט געווען אויסער געפאַר. ער האָט פאַרקערעוועט אויפן ערשטן בעסטן וועג און האָט אינגיכן איבערגעלאָזן דעם דאָרף הינטער זיך. עטלאַכע שעה נאָכאַנאַנד איז ער געגאַנגען אַזוי שנעל, ווי ער האָט נאָר געקענט, אומרואיק אומקוקנדיק זיך אַלע ווײַלע הינטער די פּלייצעס, צי מען יאָגט אים

ניט נאָך. אָבער די שרעק האָט אים צום סוף פאַרלאָזן און אַ געפיל פון זיכערקייט האָט פאַרנומען זיין אָרט.

איצט ערשט האָט ער דערפילט, אַז ער איז הונגעריק און זייער מיד. ער האָט געפּרוּבירט צוגיין צו אַ פערמע און שוין געוואָלט אָנהייבן ריידן, אָבער מען האָט אים גלייך אָפּגעהאַקט און גראָב פאַרטריבן. זיינע צעריסענע קליידער האָבן גערעדט קעגן אים. ער איז ווייטער געגאַנגען, אַ באַליידיקטער און צאָרנדיקער, פעסט באַשליסנדיק ביי זיך מער ניט אונטערצוואַרפן זיך אונטער אַזאַ באַהאַנדלונג. אָבער הונגער האָט מער דעה ווי שטאָלץ, און ווען דער אָוונט איז אָנגעשטאַנען, האָט ער געפּרוּבט אָפּשטעלן זיך ביי אַ צווייטער פערמע, אָבער דאָ האָט מען אים באַהאַנדלט נאָך ערגער ווי אין דער ערשטער: מען האָט אים גוט אויסגעזידלט און געסטראַשעט, אַז אויב ער וועט גלייך ניט נעמען דעם וועג, וועט מען אים אַרעסטירן אַלס היימלאָזן שלעפּער.

ס׳איז אָנגעשטאַנען אַ קאַלטע, פינסטערע נאַכט, און דער מידער קיניג האָט זיך אַלץ לאַנגזאַם באַוועגט אויף זיינע אויסגעמאַטערטע פיס. ער האָט געמוזט האַלטן אין גיין, ווייל יעדעס מאָל, ווען ער האָט זיך צוגעזעצט אָפּרוען, איז ער דורכגענומען געוואָרן מיט קעלט ביזן מאַרך פון די ביינער. אַלע זיינע איבערלעבונגען און איינדרוקן, וואָס ער האָט געפילט, באַוועגנדיק זיך אין דער געדיכטער פינסטערניש און לערקייט פון דער נאַכט, זיינען אים געווען ניי און פרעמד. ער האָט צייטנווייז געהערט, עפּעס קולות, וואָס דערנענטערן זיך, דערווייטערן זיך און גייען פאַרביי. די געשטאַלטן, צו וועמען די שטימען האָבן געהערט האָט ער ניט געזען, — ער האָט נאָר געזען עפּעס ענלאַכס צו שאָטנס און דאָס האָט אין אים אַרויסגערופן אַ שוידער. צייטנווייז האָט ער געזען אַ פינקלענדיק פייערל ערגעץ ווייט, ווייט, ווי פון אַן אַנדער וועלט. מאַנכעס מאָל האָט זיך געהערט דאָס קלינגען פון די גלעקלאַך, וואָס זיינען צוגעבונדן ביי די שעפּסן אויף די העלזער, אָבער דער קלאַנג איז געקומען פון ערגעץ ווייט, איז געווען שוואַך און אומדייטלאַך. דאָס פאַרשטיקטע מעקען פון אַ טשערעדע, וואָס דער ווינט האָט פון ערגעץ ווייט געבראַכט,

האָט געקלונגען מעלאַנכאָליש און טרויעריק. פון צייט צו צייט האָט זיך פון ערגעץ ווייט איבער ברייטע פעלדער און ווייטע וועלדער דערטראָגן דאָס האווקען פון אַ הונט. אַלע קלאַנגען האָבן דערגרייכט פון ערגעץ ווייט, און דאָס האָט אַרויסגערופן ביי'ם קיניג אַ געפיל, ווי אַלץ, וואָס לעבט און באַוועגט זיך, איז ווייט פון אים, און ער שטייט איינזאַם און עלנט אינמיטן פון אַ גרויסן מדבר. פאַלנדיק פון די פיס, האָט ער זיך ווייטער באַוועגט, אַרומגעכאַפּט פון דער גרויזאַמער פאַנטאַסטישקייט פון די נייע איבערלעבונגען, אויפציטערנדיק צייטנווייז פון דעם גערויש פון טרוקענע בלעטער איבערן קאָפּ, וואָס האָט אים אויסגעזען ווי דאָס סודען זיך פון מענטשן. מיטאַמאָל האָט ער דערזען דאָס פינקלען פון אַ לאַמטערנע גאָר נאָענט לעבן זיך. ער איז אָפּגעטראָטן אָן אַ זייט און געוואַרט, וואָס וועט דאָ זיין. די לאַמטערנע איז געשטאַנען ביי דער אָפענער טיר פון אַ שייער. דער קיניג האָט אַ ווײַלע אָפּגעוואַרט—קיין קלאַנג, קיין לעבעדיק באַשעפעניש אים איז געווען אַזוי קאַלט צו שטיין אויף איין אָרט און דער גאַסטפריינדלאַכער שייער האָט אַזוי גערופן צו זיך—אַז ער האָט באַשלאָסן צו ריזיקירן און אַריינגיין. שטיל און פאָרזיכטיק האָט ער זיך דערנענטערט צום טיר און ווען ער איז שוין געווען אויפן שוועל, האָט ער דערהערט שטימען הינטער זיך. ער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אין שייער, באַהאַלטן הינטער אַ פעסל, צווענדיק זיך אויף די פיס. עס זיינען אַריין צוויי לאַנד-אַרבעטער, אַריינברענגענדיק מיט זיך די לאַמטערנע און גענומען זיך אַרבעטן, שמועסנדיק בעת דער אַרבעט.

אין דער צייט, וואָס די לאַנד-אַרבעטער האָבן געטאָן זייער אַרבעט, האָט זיך דער קיניג גוט אַרומגעקוקט און באַמערקט אין דעם צווייטן עק שייער אַ היפשן פערד-שטאַל און ער האָט ביי זיך באַשלאָסן צו פאַרקלייבן זיך אַהין, ווען ער וועט בלייבן אַליין. ער האָט אויך באַמערקט אַ קופּע פערד-צודעקן, וואָס זיינען געלעגן האַלב-וועג צום שטאַל און ער האָט בדעה געהאַט צו באַנוצן זיי תּיינטיקע נאַכט לטובת דער ענגלישער קרוין.

די לאַנד-אַרבעטער האָבן דערווייל אָפּגעטאָן זייער אַרבעט

און זייגען אַוועקגעגאַנגען, מיטגעמענדיק מיט זיך די לאָמטערנע און פאַרשליסנדיק די טיר הינטער זיך.

ציטערנדיק פון קעלט, האָט זיך דער קיניג אַ לאָז געטאָן צו די פערד־דעקן אַזוי שנעל, ווי די פינסטערניש האָט נאָר געקענט ערלויבן, האָט זיי אויפגעהויבן און דערקליבן זיך בשלום צום שטאַל. צוויי דעקן האָט ער אונטערגעבעט אונטער זיך און מיט די אַנדערע צוויי צוגעדעקט זיך.

דער קיניג איז איצט געווען אַ צופרידענער מאָנאַרך, כאָטשבי די דעקן זייגען געווען דין און ניט געוואָרימט גענוג. חוץ דעם האָט פון זיי געשלאָגן אַ פערדישער ריח—דערשטיקט צו ווערן.

דער קיניג איז געווען הונגעריק און דערפראָרן, די מידקייט און שלעפעריקייט האָט אָבער גענומען די אויבערהאַנט איבער הונגער און ער איז אינגיכן אַריינגעפאַלן אין אַ האַלב־שלעפעריקייט. ווען ער האָט שוין געהאַלטן ביי אינגאַנצן איינצושלאָפן האָט ער דערפילט ווי עמיצער רירט אים אָן! אין איין סעקונדע איז ער געווען וואַך, קוים כאַפנדיק דעם אָטעם פאַר שרעק. ער געהיימעגישפולער באַרירונג אין דער פינסטערניש פון דער נאַכט איז זיין האַרץ כמעט שטיין געבליבן. ער איז געלעגן שטיל אָן שום באַוועגונג און צוגעהערט זיך, קוים אָטעמענדיק. אָבער — קיין קלאַנג און קיין באַוועגונג. ער האָט ווידער אָנגעהויבן איינצודרעמלען, און מיטאַמאָל—ווידער די געהיימענישפולע באַרירונג

— וואָס פאַר אַ שוידערלאַכע זאַך דאָס איז — אָט די דאָזיקע לייכטע באַרירונג פון אַ אומזיכטיקער שטילשווייגיקער באַשעפעניש! דאָס יינגל האָט באַלד געחלשט פון שרעק. וואָס זאָל ער דאָ טאָן? — האָט ער זיך געפרעגט, און ניט געפונען קיין ענטפער. זאָל ער פאַרלאָזן דעמדאָזיקן, מער אָדער ווייניקער באַקוועמען געלעגער און אַנטלויפן פון דער אומדערקלערבאַרער שרעק?—אָבער וואוהין זאָל ער לויפן? ער קען דאָך ניט אַרויסגיין פון שטאַל און בלאָנדזשען אין דער פינסטער אין די פיר ווענט פון שייער, פאַרפאָלגט פון דעם געהיימענישפולן גייסט, וואָס וועט אים נאָכגיין טריט ביי טריט און אַלע ווײַלע מכבד זיין אים מיט זיין שוידערלאַכער ווייכער באַרירונג אָן באַק

אָדער אַקסל! אָבער בלייבן דאָ און יעדע מינוט אָפּשטאַרבן פון שרעק איז דען בעסער? ניין! וואָס־זשע דען זאָל ער טאָן? יאָ, עס בלייבט נאָר איין אויסוועג — ער ווייס שוין וואָס: — אויסשטרעקן די האַנט און אויסגעפינען וואָס איז עס אַזוינס, וואָס באַרירט אים!

עס איז געווען גרינג צו קלערן אַזוי, אָבער שווער צו באַשליסן זיך צו טאָן. דריי מאָל האָט ער פּאַרזיכטיק אויסגעצויגן די האַנט אין דער פינסטער, און האַסטיק צוריק אַ כאַפּ געטאָן זי, ניט מחמת ער האָט עפּעס אָנגעטאַפּט, נאָר ווייל ער האָט זיך געקליבן אָנצוטאַפּן. אָבער צום פערטן מאָל האָט ער אויסגעצויגן די האַנט אַ ביסל ווייטער, און האָט אָנגעטאַפּט עטוואָס ווייכס און וואַרימס. ער איז כמעט פאַרגליווערט געוואָרן פון שרעק. ער האָט זיך אַנדערש ניט געקענט פאָרשטעלן, ווי, אַז דאָס איז אַ מת — ניט לאַנג טויט און נאָך וואַרים... אים האָט זיך געדוכט, אַז ער וועט בעסער שטאַרבן, איידער באַכאַמאָל באַרירן דאָס. אָבער ער האָט אַזוי געקלערט, ווייל ער האָט ניט געוואוסט די אומשטערבלאַכע קראַפט פון מענטשלאַכער נייגעריקייט. עס האָט לאַנג ניט געדויערט, און זיין האַנט האָט ווידער געזוכט אין דער פינסטער — קעגן זיין ווילן און געגן זיין שכל — עקשנותדיק געזוכט. די האַנט האָט זיך אָנגעשטויסן אויף אַ ביגטל לאַנגע האָר. ער האָט אַ ציטער געטאָן, אָבער ווייטער געפירט מיטן האַנט איבער די האָר, ביז ער האָט אָנגעטאַפּט עטוואָס, וואָס האָט געשיינט צו זיין אַ וואַרימע שטריק; ער האָט געפירט מיטן האַנט איבערן שטריק, ביז ער האָט אָנגעטאַפּט אַן אומשולדיק קעלבל! — און די שטריק איז גאָר קיין שטריק ניט געווען, נאָר אַ קעלבערנער וויידל.

דער קיניג האָט זיך גוואַלטיק פאַרשעמט פאַר זיך אַליין, וואָס ער איז אויסגעשטאַנען אַזויפיל שרעק און ציטערניש איבער אַזאַ נאַרישקייט, ווי אַ שלאָפעדיק קעלבל. אָבער אין דער אמתן, האָט ער ניט געהאַט וואָס צו שעמען זיך, ווייל ער האָט זיך געשראָקן ניט פאַר דאָס קעלבל, נאָר פאַר יענץ אומבאַוואוסטס, וואָס ער האָט זיך פאָרגעשטעלט אַנשטאָט דאָס

קעלבל. און יעדער ייִנגל אויף זיין אָרט וואָלט אויך ניט בע־
סער געווען און וואָלט אויך געציטערט אין יענער אָבערגלויבי־
שער צייט.

דער קיניג איז ניט נאָר גליקלאַך געווען, וואָס דאָס איז
ניט מער ווי אַ קאַלב, נאָר וואָס ער האָט געפונען אַ קאַלב פאַר
אַ חבר־ צו זיך. ער האָט זיך געפילט אַזוי עלנט און איינזאַם,
אַז ער איז צופרידן געווען מיט דער נאָענטקייט און חברשאַפט
כאָטש פון אַזאַ פּשוטער באַשעפעניש ווי אַ קעלבל. ער איז אַזוי
גראָב באַהאַנדלט געוואָרן און אַזוי באַליידיקט געוואָרן פון זיין
גלייכן — פון מענטשן, אַז ס׳איז פאַר אים געווען אַן אמתע
טרייסט און פאַרגעניגן צו זיין אין דער געזעלשאַפט פון אַ באַ־
שעפעניש, אמת אָן הויכע געפילן, אָבער מיט אַ ווייך האַרץ און
אַן איידעלער נאַטור. ער האָט דעריבער באַשלאָסן אוועקצולייגן
כבוד אָן אַ זייט און ווערן מיטן קעלבל גוט־פריינט.

גלעטנדיק דאָס קעלבלס וואַרימען, גלאַטן רוקן — זי איז
געלעגן ניט ווייט פון אים, — איז אים איינגעפאַלן, אַז זי קען
אים צו ניץ קומען אין עטלאַכע אופנים. ער האָט דעריבער גלייך
איבערגעטראָגן זיין געלעגער האַרט צום קעלבל, איינגעטוליעט
זיך צו איר רוקן, צוגעדעקט זיך און זיין פריינט מיט די דעקן,
און אין אַ פאָר מינוט אַרום איז אים געווען ווייך און וואַרים, ווי
אויף די ווייכע פערינעס פון פאַלאַץ אין וועסטמינסטער.

אָנגענעמע מחשבות זיינען געקומען אין קאָפּ. דאָס לעבן
האָט אָנגענומען אַ פריילאַכן אויסזען. ער איז פריי געווען איצט
פון די קייטן פון קנעכטשאַפט און פאַרברעכן, פריי פון דער
חברה נידעריקע געמיינע אויסוואורפן, אים איז וואַרים, ער האָט
אַ דאַך איבערן קאָפּ, קורץ, ער איז גליקלאַך!

ס׳האָט זיך אויפגעהויבן אַ נאַכט־ווינט, וואָס האָט מיט
זיינע האַסטיקע אָנפאַלן געמאַכט ציטערן דעם אַלטן שייער.
צייטנווייז האָט דער שטורים אויפגעהערט און דער ווינט האָט
געוויינט און געקרעכצט אין די ווינקלען און בעלקעס, אָבער
איצט, ווען דעם קיניג איז געווען וואַרים און באַקוועם, — איז
עס פאַר אים געווען מוזיק. זאָל דער ווינט בלאָזן און ווילדע־

ווען, זאָל ער קלאַפּן און טראַסקען, זאָל ער יאָמערן און קרעכצען— אים אַרט עס ניט; פאַרקערט, פאַר אים איז עס נאָך בעסער. ער האָט זיך צוגעטוליעט נאָך נעענטער צו זיין פריינט, קוויקנדיק זיך מיט זיין וואַרימקייט, און איז באַלד אַריינגעפאַלן אין אַ טיפן, גליקלאַכן שלאָף אָן שרעק און אָן חלומות.

ערגעץ ווייט האָבן געבילט הינט, עס האָבן מעלאַנכאָליש באַקלאָגט זיך די בהמות, דער ווינט האָט ניט אויפגעהערט צו שטורימען און אַ גאַס רעגן האָט געפּליצט איבערן דאַך, אָבער די מאַיעסטעט פון ענגלאַנד האָט געשלאָפן אומגעשטערט — דאָסגלייכן דאָס קעלבל, וואָס איז געווען אַ פּשוטע בריאה, וועמען ס'האָט ניט געאַרט קיין רעגן און וואָס איז ניט נתפּעל געוואָרן פון שלאָפן מיט אַ קיניג.

# ניינצנטער קאַפּיטל.

## דער פּרינץ צווישן פויערים.

ווען דער קיניג האָט זיך גאַנץ פרי אויפגעכאַפּט פון זיין שלאָף, האָט ער געפונען, אַז אַ נאַסע, אָבער קלוגע מויז האָט זיך ביינאַכט געמאַכט אַ באַקוועמען געלעגער ביי אים אין בוזים. —

ווי נאָר דער קיניג האָט זיך אַ ריר געטאָן, איז די מויז אַנטלאָפן. ער האָט אַ שמייכל געטאָן און געזאָגט:

— נאַריש מייזל, וואָס האָסטו מורא? איך בין אַזוי עלנט, ווי דו, און עס וואָלט געווען אַ חרפה אַן עוולה צו טאָן אַ הילפלאָז באַשעפעניש אין דער צייט, וואָס איך בין אליין אַזוי הילפלאָז. אדרבא, איך דאַרף דיר דאַנקבאַר זיין פאַר דעם גוטן, סימן וואָס דו האָסט מיר געבראַכט, ווארים אַז אַ קיניג איז אַזוי נידעריק געפאַלן, אַז מייז מאַכן שוין אַ געלעגער אויף אים, איז אַ סימן, אַז זיין מזל וועט זיך איבערבייטן צו גוטן, ווארים נידעריקער קען ער שוין ניט פאַלן.

ער איז אויפגעשטאַנען און איז אַרויס פון שטאַל. אין דערזעלביקער ווייל האָט ער דערהערט קינדערשע קולכלאַך. די טיר פון שייער האָט זיך געעפנט און צוויי קליינע מיידלאַך זיינען אריין. ווי נאָר זיי האָבן אים דערזען, האָבן זיי אויפגעהערט צו ריידן און לאַכן. אָפּגעשטעלט זיך און שטיל אָנגעקוקט אים מיט גרויס נייגעריקייט. זיי האָבן זיך אָנגעהויבן צו סודען, צוגעגאַנגען אַ ביסל נענטער, ווידער באַטראַכט אים און אויף דאָס ניי גענומען סודען זיך. ביסלאַכווייז האָבן זיי זיך אָנגענומען מוט און גענומען ריידן וועגן אים אויפן קול.

— ער האָט אַ שיין פּנים—האָט איינע געזאָגט.

— און פּראַכטיקע האָר—האָט די צווייטע [illegible]

— אָבער ער איז זייער שלעכט געקליידט.
— און ווי הונגעריק ער זעט אויס!

זיי זיינען צוגעגאַנגען נאָך נענטער, געדרייט זיך שטמעוו. דיק אַרום אים, באַטראַכטנדיק אים גוט פון אַלע זייטן, ווי ער וואָלט געווען עפּעס אַן אומבאַוואוסטע חיה, דערביי זיינען זיי געווען פאָרזיכטיק און אויף דער וואך, ווי זיי וואָלטן מורא געהאַט, אַז די חיה קען, ביי אַ געלעגנהייט, אַ ביס טאָן. לסוף האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט לעבן אים און, האַלטנדיק זיך, פון זיכערקייט וועגן, איינע די אַנדערע פאַר די הענט, גוט אָנגעקוקט אים מיט זייערע אומשולדיקע אויגן.

דאַן האָט איינע פון זיי אויפגעקליבן איר גאַנצן מוט און גלייך און אָפן געפרעגט:

— ווער ביסטו, ייִנגעלע?

— איך בין דער קיניג—איז געווען דער ערנסטער ענטפער.

די קינדער האָבן זיך אַ כאַפּ געטאָן און נעבליבן שטיין מיט ווייט אָפענע אויגן און אַ וואָסער האַלבע מינוט אָן ווערטער. נאָכהער האָט נייגעריקייט געשטערט דאָס שטילשווייגן:

— דער קיניג? וואָסער קיניג?

— דער קיניג פון ענגלאַנד.

די קינדער האָבן אָנגעקוקט איינע די אַנדערע, דערנאָך אים און ווידער איינע די אַנדערע צעטומלטע, צעמישטע און פאַרוואונדערטע. דאַן האָט זיך איינע פון זיי אָפּגערופן:

— האָסטו געהערט, וואָס ער האָט געזאָגט, מערדזשעריז—ער זאָגט, ער איז דער קיניג. קען דאָס זיין אמת?

— ווי קען דען אַנדערש זיין, פּריסי? וואָלט ער דען געזאָגט אַ ליגן? וואָלט עס ניט געווען אמת, פּריסי, וואָלט עס דאָך געווען אַ ליגן, דו פאַרשטייסט? באַרעכן נאָר, אַז אַלץ וואָס ס'איז ניט אמת, איז ליגן, אַנדערש קען דאָך ניט זיין.

דאָס איז געווען אַ גוטער באַווייז און דאָס האָט פאַר פּריסיס האַלבן ספק ניט געלאָזן קיין ברעקל אָרט, וואו אַ פוס צו שטעלן.

זי האָט אַ וויילע געטראַכט, און נאָכהער פאַרלאָזן זיך אינ־גאַנצן אויפן קיניגס געוויסן, באַמערקנדיק:

— אויב דו ביסט דער קיניג, גלויב איך דיר.

— איך בין באמת דער קיניג—האָט ער געזאָגט.

דערמיט האָט זיך די זאַך געענדיקט. זיין קיניגלאַכע מאַ־יעסטעט איז אָנערקענט געוואָרן אָן ווייטערדיקע פראַגן און סיכסוכים, און די צוויי קליינע מיידלאַך האָבן גלייך געגומען פו־נאַנדערפרעגן אים, ווי קומט ער אַהער, וואָס טוט ער דאָ, וואוהין גייט ער, ווי קומט עס, וואָס ער איז אַזוי ניט קייזערלאַך אָנגעטאָן און וועגן אַלע זיינע איבעריקע ענינים.

פאַר דעם קיניג איז עס געווען אַ גרויסע פאַרלייכטערונג אויסצוגיסן זיין ביטער האַרץ דאָ, וואו מען וועט פון אים ניט לאַכן און וואו מען וועט אָננעמען זיינע רייד אָן ספקות. האָט ער דערציילט זיין געשיכטע מיט האַרץ און געפיל, פארגעסנדיק אַפילו דערווייל אָן זיין הונגער.

די קליינע צאַרטע מיידעלאַך האָבן עס אויפגענומען מיט דעם טיפסטן און צאַרטלאַכסטן מיטגעפיל, אָבער ווען ער איז דערגאַנגען צו דעם, וואָס ער האָט זיך אָנגעליטן גאָר לעצטנס און דערוואוסט זיך, ווי לאַנג ער האָט שוין ניט געגעסן, האָבן זיי אים איבערגעהאַקט אינמיטן און אַוועקגעשלעפט אין שטוב אריין צו געבן אים אַ גוטן אָנבייסן.

דער קיניג איז איצט געווען פריילאַך או[illegible]ליקלאך.

„ווען איך וועל צוריקקומען אוי[illegible]רס, וועל איך שטענדיק אַכטן קליינע קינדערלאַך, [illegible]ק ווי זיי האָבן מיר געגלויבט און געטרויט אין מיינע שווע[illegible] טעג, אין דער צייט, וואָס דערוואַקסענע, וואָס האָבן זיך געהאַלטן קליגער, האָבן געלאַכט פון און באַטראַכט מיך פאַר אַ ליגנער״.

די קינדערס מוטער האָט אויפגענומען דעם קיניג פריינד־לאַך און מיט גרויס רחמנות. זיין עלנטקייט און זיין, קענטיק, צעמישטער פאַרשטאַנד, האָט גערירט איר פרויען־האַרץ. זי איז געווען אַן אלמנה און גאָרניט רייך, און האָט אליין געליטן אין איר לעבן גענוג צרות, האָט זי געקענט מיטפילן מיט אַנדערע.

זי האָט זיך פאַרגעשטעלט, אַז דער משוגענער ייִנגל האָט אוועקגעוואַנדערט פון זיינע עלטערן אָדער אויפפּאַסער, האָט זי זיך אַלץ באַמיט צו דערגיין פון אים, פונוואַנען ער קומט, כּדי זי זאָל קענען אָננעמען וועלכע ס׳איז מיטלען צו שיקן אים אַהיים. אָבער פון אַלע אירע פראַגן און שמועסן וועגן דערבייאיקע שטעט און דערפער איז גאָרניט אַרויסגעקומען. דאָס ייִנגלס פּנים און זיינע ענטפערס האָבן באַוויזן, אַז אַלץ, וועגן וואָס זי רעדט, איז אים אומבאַקאַנט. ער האָט ערנסט און איינפאַך גערעדט וועגן הויף-אָנגעלעגנהייטן און איז אַריינגעפאַלן אין פאַרצווייפלונג יעדעס מאָל, ווען ער האָט אָנגעהויבן צו ריידן וועגן דעם פאַרשטאָרבענעם קיניג — „זיין פאָטער". ווי נאָר אָבער דער שמועס איז אַריבערגעגאַנגען אויף איינפאַכערע זאַכן, האָט ער זיך דערמיט אויפגעהערט צו אינטערעסירן און איז שטיל געבליבן.

די פרוי איז גאָר צעטומלט געוואָרן. זי האָט אָבער די האָפענונג ניט פאַרלאָרן. קאָכנדיק דעם אָנבייסן, האָט זי אַלץ צוגעטראַכט עפּעס אַן איינפאַל, וואָס זאָל צווינגען דאָס ייִנגל אויסצוזאָגן, ווער און פונוואַנען ער איז. זי האָט פאַרפירט אַ שמועס וועגן בהמות—דער קיניג האָט ניט אַרויסגעוויזן קיין שום אינטערעס; וועגן שעפּסן —- דערזעלביקער רעזולטאַט. אַלזאָ, איז איר השערה, אַז ער איז געווען אַ פּאַסטוך—אַ טעות. זי האָט גערעדט וועגן מילן, וועגן פאַבריקן, וועגן וועבערס, בלעכערס, שמידן, וועגן אַלערליי אַרבעטן און אַרבעטער — אַלץ אומזיסט: זי האָט געהאַט אַ פולן דורכפאַל אויף אַלע פּונקטן. זי האָט זיך אָבער אַלץ ניט אונטערגעגעבן און האָט זיך אַראָפּגעלאָזן צו אַ שמועס וועגן שטוב-דינער און דינסטמיידלאַך. יאָ, איצט איז זי אַרויף אויפן ריכטיקן וועג: ער איז געוויס געווען ערגעץ אַ שטוב-דינער. אָבער דער רעזולטאַט איז געווען אַ קלאָגעדיקער: דער שמועס וועגן אויסקערן די שטוב האָט אים קענטיק געלאַנגווייליקט, וועגן דעם אויוון הייצן האָט אים ניט גערירט, שייערן און וואַשן האָט אין אים ניט אַרויסגערופן קיין ענטוזיאַזם. דאַן האָט די גוטע פרוי, מיט דעם לעצטן פונק האָפענונג אין האַרצן, באַרירט די פראַגע פון קאָכן, און צו איר גרויס וואונדער און נאָך גרעסערער

שמחה, איז דעם קיניגס פנים באַלויכטן געוואָרן מיט פרייד!

אָ, זי האָט אים פּאָרט געפּאַקט!—האָט זי געטראַכט,—און איז שטאָלץ געווען אויף איר קלוגשאַפט און טאַקט, מיט וועלכן זי האָט עס אויסגעפונען.

איצט האָט איר מידער צונג געקענט אָפּרוען אַ ביסל, ווייל דער קיניג האָט שוין גערעדט פאַר איר. באַגייסטערט פון שאַרפן הונגער און צערייצט פון די געשמאַקע ריחות, וואָס האָבן גע־שלאָגן פון די טעפּ און פאַנען, — האָט ער זיך פונאַנדערגעלאָזן און אַוועקגעלייגט אַזאַ דרשה וועגן פאַרשיידענע געשמאַקע גע־ריכטן, אַז אין דריי מינוטן אַרום האָט די פרוי צו זיך אַליין געזאָגט:

„איך בין פּאָרט געראָטן געווען — ער איז געווען אַ קיך־יינגל!" ער האָט זיך ווייטער צערעדט און באַשריבן איר אַלערליי שפּייזן מיט אַזאַ ברען און קענטעניש, אַז די פרוי איז אויסער זיך געוואָרן:

„טאַטע זיסער! פונוואַנען ווייס ער אַזויפיל געריכטן און נאָך אַזעלכע פיינע! דאָס דערלאַנגט מען דאָך נאָר צום טיש ביי רייכע און גרויסע לייט. אָ, איצט פאַרשטיי איך שוין: איידער ער איז פון זינען אַראָפּ, האָט ער געוויס געדינט אין קייזערלאַכן פּאַלאַץ. יאָ, יאָ, ער האָט געמוזט זיין אַ געהילפס־יינגל אין סאַמע קייזערלאַכער קיך. איך וועל עס באַלד וויסן."

און וועלנדיק דורכאויס באַווייזן איר שאַרפזיניקייט, האָט זי געהייסן דעם קיניג, ער זאָל דאָ אויפפּאַסן אויף די טעפּלאַך, געבנדיק אים אָנצוהערעניש, אַז ער מעג צוגעבן דאָ אַ געריכט, די אַנדערע, אויב ער וויל.

דאַן איז זי אַרויס פון צימער, אַ וואונק געבנדיק די קינ־דער, זיי זאָלן איר נאָכגיין.

— אַן אַנדער ענגלישער קיניג האָט שוין אַמאָל געהאַט אַזאַ אויפגאַבע—האָט דער קיניג געטראַכט,—ס'איז ניט קיין אומכּבוד פאַר מיר צו טאָן אַן אַרבעט, וואָס ס'איז אָנגעשטאַנען אַ לפרעד דעם גרויסן צו טאָן. אָבער איך וועל זיך באַמיען צו טאָן

מיינע פליכטן בעסער פון אים: ביי אים זיינען דאָך די פּלעצלאך פאַרבּרענט געוואָרן.

די כוונה איז געווען גוט, אָבער אויסגעפירט געוואָרן איז זי שלעכט: דער קיסר, אַזוי גוט ווי יענער, האָבן זיך באַלד פאַרטראַכט וועגן זייערע וויכטיקע ענינים און דאָס עסן איז צוגעבּרענט.

די פרוי איז נאָך געקומען אין דער ריכטיקער צייט צו פאַרכאַפּן, דער אָנבּייסן זאָל אינגאַנצן ניט איבּערגעפּירט ווערן זי האָט גלייך איבּערגעריסן דעם קיניגס חלומות, גוט מכבד זייענדיק אים פאַר זיין נאַכלעסיקייט. נאָר זעענדיק, וואָס פאַר אַ צער דאָס פאַרשאַפט אים, איז זי גלייך ווייך געוואָרן און איז געווען צו אים די גוטסקייט און צערטלאַכקייט אַליין.

דאָס יינגל האָט גוט און געשמאַק אָפּגעגעסן און האָט זיך דערפילט פריש און צופרידן. דערדאָזיקער מאָלצייט האָט זיך אויסגעצייכנט דערמיט, וואָס ביידע צדדים האָבן פאַרבּויגן יחוס אָן אַ זייט און קיינעם פון זיי איז ניט איינגעפאַלן, אַז דער צווייטער צד טוט אים אָן אַן ערע.

די פרוי האָט בּדעה געהאַט צו געבּן עסן דעם יונגן בעטלער אין אַ ווינקל און אים געבּן די שריים פון טיש, ווי מען גיט עסן אַנדערע בעטלער אָדער אַ הונט. זי האָט אָבער אַזוי חרטה געהאַט דערויף, וואָס זי האָט אים געזידלט, אַז זי האָט געטאָן אַלץ וואָס זי האָט געקענט צו פאַרגלעטן אירע האַרטע רייד און האָט אים אַוועקגעזעצט ביי איין טיש מיט זיך, ווי איר גלייכן. דעם קיניג ווידער, האָט אַזוי פאַרדראָסן, וואָס נאָכדעם, ווי די פאַמיליע איז צו אים אַזוי גוט געווען, האָט ער ניט געקענט טאָן זיי אפילו די קליינע טובה פון אויפפאַסן דעם אָנבּייסן,—אַז ער האָט באַשלאָסן פאַרריכטן זיין פעלער דערמיט, וואָס ער וועט זיך אַראָפּלאָזן צו דער פאַמיליע און ערלויבּן זיי צו זיצן מיט אים ביי איין טיש, אָנשטאָט צו זיצן איינער אַליין און זיי זאָלן אים באַדינען, ווי עס פּאַסט זיך פאַר זיין קיניגלאַכן ראַנג. — ווי איר זעט, שאַדט ניט, מיר זאָלן אַלע, צייטנווייז, פאַרבּויגן אונזער כבוד.—די פרוי איז אַ גאַנצן טאָג געווען גליקלאַך מיט דעם חסד,

וואָס זי האָט געטאָן מיט אַן אָרימען בעטלער, און דער קיניג איז דאָסגלייכן געווען צופרידן מיט דער גנאָדיקער עניוות, וואָס ער האָט אַרויסגעוויזן קעגן אַ פּשוטער גוטער פויערטע.

נאָך אָנבייסן האָט די פרוי געהייסן דעם קיניג אויסוואַשן דאָס געפעס. לכתחילה האָט עס דעם קיניג אַ שטאָך געטאָן און ער האָט שוין געוואָלט אַנטקעגנשטעלן זיך, אָבער באַלד האָט ער זיך געזאָגט:

„אַלפרעד דער גרויסער האָט אויפגעפּאַסט די פּלעצלאַך, מן הסתם וואָלט ער וואַשן געפעס אויך, ווען ס'וואָלט אים אויסגעקומען, וועל איך אויך פּרובירן".

און צו זיין גרויס וואונדער, האָט ער אָפּגעטאָן די שטיקל אַרבעט ניט זייער גלאַנציק, און ס'האָט דאָך אויסגעזען צו זיין אַזאַ גרינגע זאַך אויסצוואַשן עטלאַכע שיסלאַך און הילצערנע לעפל! אָבער ער האָט, ווי עס איז, געענדיקט די לאַנגווייליקע און שווערע אַרבעט. איצט האָט ער געוואָלט וואָס גיכער לאָזן זיך אין וועג, אָבער ער האָט ניט געקענט אַזוי גיך לויז ווערן פון דער אויסגערעכנטער באַלעבאָסטע.

זי האָט אים איינגעטיילט נאָך עטלאַכע מלאכות און ער האָט עס נישקשהדיק אָפּגעטאָן. דערנאָך האָט זי אים אַוועקגעזעצט מיט די צוויי מיידלאַך שיילן עפּל — אַן אַרבעט, צו וועלכער ער האָט לחלוטין ניט געטויגט, האָט זי אים באַפרייט דערפון און געגעבן אים אָנשאַרפן אַ קיך־מעסער. צום סוף האָט זי אים מכבד געווען צו קאַמען וואָל, ביז דער קיניג האָט אָנגעהויבן צו דענקען, אַז ער האָט שוין לאַנג איבערגעשטייגט דעם גוטן קיניג אַלפרעד דעם גרויסן און מיט אַן אויסגעהאַלטנקייט, וואָס זיינען גוט אין ביכער אָדער אין אַנעקדאָטן, אָבער ניט אין לעבן, — און ער האָט שוין כמעט בדעה געהאַט אָפּצוזאָגן זיך.

ווען די גוטע פרוי האָט אים געגעבן אַ קערבל מיט קליינע קעצלאַך און געהייסן דערטרינקען זיי, האָט ער זיך אָפּגעזאָגט, וויינקסטנס, ער האָט זיך געקליבן אָפּצוזאָגן, ווייל ער האָט געפילט, אַז צו אַלץ מוז נעמען אַ סוף, און מאַכן אַ סוף ביי די קעצלאַך איז די ריכטיקסטע זאַך. אָבער פּונקט אין דער מינוט, ווען

ער האָט שוין געוואָלט אָנהויבן ריידן, האָט זיך באַוויזן דזשאָן קענטי — מיט אַ פּאַק אויף די פּלייצעס — און הינגאָ.

דער קיניג האָט דערזען די צוויי באַנדיטן אַריינגייענדיק אין טויער, איידער זיי האָבן צייט געהאַט אים צו דערזען, האָט ער אַוועקגעלייגט די טענות אָן אַ זייט, אַ כאַפּ געטאָן דאָס קערבל מיט די קעצלאַך און איז אָן ווערטער אַרויס דורכן הינטער־טיר.

איבערלאָזנדיק די קעצלאַך הינטערן שטוב, האָט ער זיך האַסטיק געלאָזן דורך אַ הינטער־געסל אין וועג אַריין.

---

# צוואַנציגסטער קאַפּיטל.

## דער פּרינץ און דער נזיר.

פאַרשטעלט דורך אַ הויכן פּאַרקאַן פון שטוב=זייט, איז דער קיניג מיט אַלע כּוחות געלאָפן צום וואַלד, וואָס האָט זיך געזען פון ווייטן. ער האָט זיך קיין איין מאָל ניט אומגעקערט אַהינטער, ביז ער האָט ניט דערגרייכט דעם וואַלד. ערשט דאַן האָט ער זיך אומגעקוקט און דערזען פון ווייטן צוויי געשטאַלטן. דאָס איז פאַר אים גענוג געווען. ער האָט זיך ניט אָפּגעהאַלטן גוט צו באַטראַכטן זיי, נאָר ווייטער געלאָפן אָן אָפּהאַלט, ביז ער איז געקומען אין די טונקעלע געדיכטעניש פון וואַלד. ערשט איצט האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, פילנדיק, אַז ער איז אַרויס פון געפאַר. ער האָט זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט — אַרום און אַרום האָט געהערשט אַ טיפע, פולשטענדיק אימהדיקע שטילקייט, — אַ שטילקייט, וואָס האָט געדריקט דאָס האַרץ. זייער זעלטן האָט זיין אָנגעשטרענגטער אויער געכאַפּט עפּעס מאָדנע קלאַנגען, אָבער זיי זיינען געווען אַזוי ווייט, און לער און געהיימניספול, אַז זיי זיינען מער ענלאַך געווען צו דאָס קרעכצן און באַקלאָגן זיך פון טויטע גייסטער, ווי צו קלאַנגען גופא. און דיזאָזיקע רעטזעלהאַפטיקע קלאַנגען, זיינען געווען מער שרעקלאַך ווי די שטילקייט, וואָס זיי האָבן געשטערט.

לכתּחילה האָט ער געוואָלט פאַרבלייבן דעם גאַנצן טאָג אויף דעמזעלביקן אָרט, אָבער אַ קאַלטער ווינט האָט איינגיכן דורכגענומען זיין פאַרשוויצטן קערפּער, און ער האָט זיך גע־מוזט באַוועגן צו דערוואַרימען זיך אַ ביסל. ער האָט זיך געלאָזן גלייך דורכן וואַלד, האָפנדיק דורכצושלאָגן זיך צו אַ וועג, אָבער ער האָט זיך אין דעם אָפּגענאַרט. ער איז געגאַנגען ווייטער און

ווייטער, אָבער חאָס מער ער איז געגאַנגען, אַלץ געדיכטער איז דער וואַלד געוואָרן. ביסלאַכווייז האָט אָנגעהויבן פינסטער צו ווערן און דער קיניג האָט פאַרשטאַנען, אַז די נאַכט קומט אָן. ער [illegible] געציטערט ביי דעם געדאַנק, אַז ער וועט דאַרפן פאַר-ברייגנען די נאַכט אין אַזאַ מוראדיקן אָרט, האָט ער אָנגעהויבן נאָך שנעלער צו גיין, אָבער די פינסטערניש האָט אים געשטערט צו באַוועגן זיך גיך: ער האָט זיך אַלע ווײַלע אָנגעשטויסן אויף בוים-וואָרצלען און פאַרפּלאָנטערט זיך אין ווילדע געוויקסן.

מען קען זיך דעריבער פאָרשטעלן, ווי גליקלאַך ער איז געווען, ווען ער האָט צום סוף דערזען אַ פינקלענדיק פייערל! מיד האָט ער זיך צו אים דערנענטערט, אָפּשטעלנדיק זיך אָפּט צוצוהערן זיך און אַרומקוקן זיך.

דאָס פייערל האָט געפינקלט פון אַ פענסטערל אָן שייב-לאַך אין אַ קליין שטיבעלע. ער האָט דערהערט אַ שטימע פון אינעווייניק, און האָט שוין געוואָלט אַנטלויפן און באַהאַלטן זיך, אָבער באַלד האָט ער געביטן זיין באַשלוס, ווייל דער קול איז געווען פון איינעם, וואָס איז, קענטיק מתפלל. ער האָט זיך אונ-טערגעגנבעט צום איינציקן פענסטערל אין האָט אַרייַנגעקוקט אינעווייניק. דאָס שטיבעלע איז באַשטאַנען פון אַ קליין חדרל די פּאָדלאָגע איז געווען אַן ערדיקע, גוט איינגעקלאַפּט מיט די פיס. אין אַ ווינקל איז געווען אַ געלעגער פון (טראָסט) צעראָט, באַדעקט מיט אַ פּאָר צעריסענע קאָלדרעס. לעבן געלעגער איז געשטאַנען אַן עמער, אַ קריגל, אַ בעקן און צוויי-דריי טעפלאַך און פאַנען. דאָ איז אויך געשטאַנען אַ מין ביינקל און אַ דריי-פיסיקער שטול. אויפן פריפעטשיק האָבן געגליט עטלאַכע קוילן פון אַן אויסגעגאַנגענעם פייער; פאַר די הייליקע בילדער, ביי וועלכע ס'האָט געברענט אַ ליכטל, האָט געקניט אַן אַלטער מאַן, און לעבן אים איז אויף אַ הילצערנעם קעסטל געלעגן אַן אָפן בוך און אַ מענטשלאַכער שאַרבן. דער אַלטער איז געווען גרויס און בייניג, זיין באָרד און האָר זיינען געווען זייער לאַנג און חייס ווי שניי. אָנגעטאָן איז ער געווען אין אַ מלבוש פון

שעפּסן-פעל, וואָס האָט אים דערגרייכט ביז די סאַמע פּיאַטעס.

— אַ הייליקער וואַלד-נזיר! — האָט דער קיניג אַ טראַכט געטאָן, — ווי גליקלאַך איך בין עס!

דער הייליקער האָט זיך אויפגעהויבן פון זיינע קני. דער קיניג האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר, און אַ געדימטע שטימע האָט געענטפערט: — קום אַריין! — אָבער לאָז איבער דיינע זינד הינטער זיך, וואָרום די ערד אויף וועלכער דו וועסט טרעטן, איז הייליק.

דער קיניג איז אַריין און האָט זיך אָפּגעשטעלט. דער הייליקער האָט אָנגעוואָרפן אויף אים אַ פּאָר ברענענדיקע, אומרויִקע אויגן און געפרעגט:

— ווער ביסטו?

— איך בין דער קיניג — איז געווען דער רויִקער ענטפער.

— זיי באַגריסט, קיניג! — האָט דער הייליקער מיט היץ אויסגעשריען.

ער האָט זיך גענומען אײַלנדיק און נערוועז עסקן, איבער-חזרנדיק די גאַנצע צייט, „זיי באַגריסט! זיי באַגריסט!" האָט אָפּגעווישט דאָס ביינקל, צוגעוואָרפן עטלאַכע שטיקלאַך האָלץ אין פייער, אַוועקגעזעצט לעבן אים דעם קיניג און גענומען אומרואיק שפּרייזן הין און צוריק איבערן צימערל און ריידן.

— זיי באַגריסט! אַ סך האָבן געזוכט געהייליקט צו ווערן דאָ, אָבער זיי האָבן ניט זוכה געווען, און זיינען דעריבער אָפּגעווענדט געוואָרן פון מיר. אָבער אַ קיניג, וואָס וואַרפט אַליין אַראָפּ די קרוין פון זיין קאָפּ, טוט פאַראַכטן דעם הבלדיקן גלאַנץ פון זיין קיניגטום, און טוט אָן זיין קערפּער אין צעריסענע שמאַטעס צו ווידמען זיין לעבן צו קדושה און צו פייניקן זיין גוף, — איז אַ בעל-זכאי, — ער איז באַגריסט! ער איז געוואונטשן! — דאָ וועט ער פאַרבלייבן גאָר זיינע טעג, ביז די שעה פון זיין טויט וועט שלאָגן!

דער קיניג האָט אים געוואָלט איבערשלאָגן און דערקלערן, אַז ער האָט אַ טעות, אָבער דער הייליקער נזיר האָט זיך אויף

אים ניט אומגעקוקט, אפילו ניט געהערט וואָס ער זאָגט. ער האָט ווייטער גערעדט, נאָך מיט מער פייער און גרעסערער ענערגיע:

— דאָ וועסטו לעבן בשלום. קיינער וועט ניט אויסגעפינען דיין באַהעלטעניש צו באַאומרואיקן דיך מיט בקשות אומצוקערן זיך צוריק צו יענעם פוסטן און נאַרישן לעבן, וואָס גאָט האָט דיר געהאָלפן צו פאַרלאָזן. דאָ וועסטו תפילה טאָן; דאָ וועסטו לערנען דאָס הייליקע בוך; דאָ וועסטו צייט האָבן צו קלערן וועגן די הבל הבלים פון דער וועלט און וועגן דער ליידזעליקייט און פראַכט פון יענער וועלט. דו וועסט זיך שפּייזן מיט טרוקן ברויט און קרייטעכער און וועסט יעדן טאָג פּייניקן דיין לייב מיט ריטער כּדי צו רייניקן דיין נשמה. אַ האָריק העמד וועט באַדעקן דיין לייב, דיין געטראַנק וועט זיין בלויז וואַסער און דו וועסט לעבן בשלוה. יאָ, בשלום און בשלוה, ווייל די, וואָס וועלן קומען נאָך דיר, וועלן מיט שפּאָט צוריק אַוועקגיין, מחמת זיי וועלן דיך ניט געפינען און וועלן דיך ניט באַאומרואיקן.

דער אַלטער מאַן האָט אויפגעהערט צו ריידן. שפּרייזנדיק הין און צוריק האָט ער עפּעס געמורמלט פאַר זיך. דער קיניג האָט אויסגענוצט די געלעגנהייט צו דערציילן זיין געשיכטע. אונטער דער ווירקונג פון שרעק און אומרואיקייט, האָט ער אָנגעהויבן זיין גאַנצע רעדנער־קראַפט. אָבער דער אַלטער האָט זיך אויף אים אַפילו ניט אומגעקוקט.

אַלץ מורמלענדיק איז ער צוגעגאַנגען צום קיניג און דורכדרינגלאַך געזאָגט:

— שש!... איך וועל דיר זאָגן אַ סוד!

ער האָט זיך אָנגעבויגן צו דערציילן, אָבער ער האָט זיך אָבגעהאַקט, ווי ער וואָלט זיך צו וואָס צוגעהערט. אין אַ פּאָר מינוט אַרום איז ער אויף די שפּיץ פינגער צוגעגאַנגען צום פענסטערל, אַרויסגערוקט דעם קאָפּ און אַרומגעקוקט זיך אין דער פינסטערניש, איז צוריק צוגעגאַנגען אויף די שפּיץ פינגער און אָנבויגנדיק זיך נאָענט צום קיניגס פּנים איינגערוימט:

— איך בין אַ שר פון מלאכים!

דער קיניג איז אַ פאַרציטערטער געוואָרן און אַ קלער גע־

טאָן: „הלוואי וואָלט מיר גאָט געהאָלפן איך זאָל בעסער זיין איצט צווישן די באַנדיטן, איידער געפינען זיך אין די הענט פון א משוגענעם!"

זיין שרעק איז געוואַקסן און האָט זיך דייטלאך אויסגע־דריקט אויף זיין פּנים.

אין א נידעריקן, באַגייסטערטן קול האָט דער הייליקער נזיר ווייטער גערעדט:

— איך זע, אז דו פילסט מיין רוח! דיין פּנים דריקט אויס הייליקע פורכט! קיינער קען ניט קומען אין דעמדאָזיקן גע־צעלט, נר זאָל ניט דערפילן מיין גייסט, וואָס דאָס איז דער רוח הקדש פון הימל. איך גיי אַהין און קום צוריק כהרף־עין. מיך האָט [illegible] געמאַכט פאַר א שר פון מלאכים מיט פינף יאָר צוריק דאָ [illegible] דעם זעלביקן אָרט, דורך מלאכים, וואָס זיינען אַראָפּ־געשיקט געוואָרן פון הימל, אַרויפצולייגן אויף מיר דידאָזיקע מוראדיקע גדולה. זייער אָנוועזנהייט האָט אָנגעפילט דעמדאָזיקן אָרט מיט א פאַרבלענדנדיקער ליכטיקייט, און זיי האָבן געקניט פאַר מיר, יאָ, קיניג, געקניט פאַר מיר, ווייל איך בין העכער פון זיי; איך האָב געשפּאַצירט איבער די גערטנער פון גן־עדן און געפירט א שמועס מיט די אָבות. באַריר מיין האַנט — זאָב קיין מורא ניט, — באַריר זי! זיי־זשע וויסן, אז דו האָסט באַרירט א האַנט, וואָס האָט מקבל שלום געווען פון אברהם, יצחק און יעקב! וואָ־רים איך האָב געשפּאַצירט אין די גאָלדענע סעדער פון פמליה של מעלה און דאָב געזען דעם כּו ויכול פּנים אל פּנים!...

ער האָט זיך א ווײַלע אָפּגעשטעלט, זיינע ווערטער זאָלן בעסער ווירקן, מיטאַמאָל האָט ער זיך אינגאַנצן אומגעביטן. ער איז אויפגעשפּרונגען אויף די פיס און מיט גרויס קראַפט צאָרני־דיק אויסגעשריען:

— יאָ, איך בין א שר פון מלאכים א פּ ש וט ע ר שר, — איך, וואָס האָב געקענט זיין פּויפּסט! יאָ, יאָ, ס'איז אמת! מען האָט עס מיר באַוויזן פון הימל אין חלום צוואַנציק יאָר צוריק, אָ, יאָ, איך האָב געדאַרפט זיין פּויפּסט! און איך וואָלט גע־ווען פּויפּסט—וואָרים אַזוי איז באַשטימט געוואָרן מן השמים, —

אָבער דער קיניג האָט חרוב געמאַכט מיין בית התפילה, און איך, אָרימער אומבאַוואוסטער נזיר, בין אַרויסגעוואָרפן געוואָרן עלנט און היימלאָז אויף דער וועלט, באַרויבט פון דער מעכטיקער גרויסקייט צו וועלכער איך בין באַשטימט געווען פון הימל!

ער האָט ווידער אָנגעהויבן מורמלען, געקלאַפט זיך מיט גרויס כּעס אין שטערן, שילטנדיק און פלוכנדיק אָן אויפהער און אויסשרייענדיק פון צייט צו צייט:

— דעריבער בין איך ניט מער ווי אַ ש"ד, אין דער צייט וואָס איך האָב געדאַרפט זיין אַ פּויפּסט!

אַ גאַנצע שעה האָט דער אַלטער גערעדט און געשאָלטן און דער אומגליקלאַכער קליינער קיניג איז געזעסן און געפּייניקט זיך. מיטאַמאָל איז דעם אַלטנס משוגעת אַוועק און ער איז געוואָרן די צערטלאַכקייט אַליין. זיין קול איז ווייך געוואָרן, ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזן פון די וואָלקנס און גענומען שמועסן וועגן געוויינלאַכע זאַכן אַזוי פּשוט און האַרציק, אַז ער האָט גיך איינגאַנצן געוואונען דעם קיניגס צוטרוי. דער אַלטער נזיר האָט צוגערוקט דאָס יינגל נענטער צום פייער, באַקוועם געמאַכט אים, מיט אַ געשיקטער און צאַרטער האַנט פאַרגלעט און געהיילט זיינע קליינע וואונדן און צייכנס און גענומען פאַרבערייטן פאַר אים אַן אָוונט־מאָלצייט, פּלוידערנדיק ליבלאַך די גאַנצע צייט און גלעטנדיק, פון צייט צו צייט דאָס יינגל איבערן בעקל אָדער קעפּל מיט אַזאַ איבערגעבנקייט און צערטלאַכקייט, אַז די גאַנצע מורא און אָפּשטויס, וואָס ער האָט געפילט צום מלאך, איז איבערגעביטן געוואָרן אין ליבע און צוגעבונדנקייט צום מענטשן.

דערדאָזיקער גליקלאַכער צושטאַנד האָט אָנגעהאַלטן די גאַנצע צייט פון אָוונט־מאָלצייט. נאָכן עסן, האָבן זיי תּפילה געטאָן און דער אַלטער האָט איינגעלעגט דאָס יינגל שלאָפן אין דערבייאיקן קעמערל, איינגעוויקלט און איינגעדעקט אים צערטלאַך ווי אַ מוטער און, אַ גלעט געבנדיק דאָס יינגל איבערן בעקל, איז ער אַוועק און אַנידערגעזעצט זיך לעבן פייער, צוועקלאָז און פאַרטראַכט מישנדיק די קוילן. מיטאַמאָל האָט ער זיך אָפּגעשטעלט עטלאַכע מאָל אַ קלאַפּ געטאָן זיך אין שטערן, ווי ער וואָלט זיך

וואָס געוואָלט דערמאָנען, נאָר דאָס איז אים, קענטיק ניט גע-לונגען. האסטיק אויפהויבנדיק זיך פון אָרט, איז ער צוגעגאַנגען צום ייִנגל און געפרעגט:

— דו ביסט דער קיניג?

— יאָ—האָט דער קיניג שלעפעריק געמורמלט.

— וואָסער קיניג?

— דער קיניג פון ענגלאַנד.

— פון ענגלאַנד! איז, הייסט עס, ה ע נ ר י געשטאָרבן?

— אָך, צום באַדויערן, אָ, איך בין זיין זון.

א טונקעלער שאָטן האָט באַדעקט דעם נזירס פנים און ער האָט מיט אַן אויסדרוק פון נקמה-געפיל צונויפגעדריקט זיינע דאַרע הענט. עטלאַכע מינוט איז ער געשטאַנען שטיל, דערנאָך האָט ער מיט אַ פאַרשטיקטן קול אַ זאָג געטאָן:

— ווייסטו, אַז ער האָט אונז אַרויסגעוואָרפן אין דערברייטער וועלט אַריין אָן אַ היים און אַ דאַך?

קיין ענטפער איז ניט געקומען. דער אַלטער האָט זיך אָנ-געבויגן און איינגעקוקט זיך אין דאָס ייִנגלס רואיקן פנים און צוגעהערט זיך צו זיין מעסיקן אָטעם און געמורמלט: „ער שלאָפט—ער שלאָפט פעסט!”—און דער טונקעלער שאָטן איז פאַרשוואונדן פון זיין פנים, אָפּטרעטנדיק זיין אָרט אַן אויסדרוק פון בייזוויי-ליקער צופרידנקייט.

א שמייכל האָט דורכגעשוועבט איבער דאָס ייִנגלס שלאָפע-דיק פנים.

— אָ, ער איז גליקלאַך!—האָט געמורמלט דער נזיר און האָט זיך אָפּגעקערט אָן אַ זייט.

ער האָט זיך אומגעדרייט איבערן שטיבל, זוכנדיק עפּעס, פון צייט צו צייט האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, צוגעהערט זיך, אומגעקוקט זיך צום בעט, ניט אויפהערנדיק צו מורמלען, וואָר-טשען און ריידן צו זיך אַליין. צום סוף האָט ער געפונען וואָס ער האָט געזוכט: אַן אַלטן פאַרראָסטן קיך-מעסער און אַ שאַרף-שטיין. ער האָט זיך צוגעגנבעט צו זיין אָרט ביים פייער, אַוועק-

געזעצט זיך און גענומען שטיל שארפן דאָס מעסער, אַלץ ניט אויפהערנדיק צו מורמלען און פלאַפּלען.

דער ווינט האָט געיאָמערט אַרום דער איינזאַמער שטיבל, געהיימענישפולע נאַכט-קלאַנגען, געבראַכט פון דער ווייטנס, האָבן געשוועבט אַרום, מייז און פּאַצוקעס האָבן אַרויסגעקוקט מיט זיי-ערע ברענענדיקע אויגלאַך פון די לעכער, אָבער דער אַלטער נזיר, פאַרטיפט אין זיין אַרבעט, האָט קיין זאַך ניט באַמערקט און ניט געהערט.

פון צייט צו צייט פלעגט ער אַפּיר טאָן מיטן גראָבן פינ-גער איבערן שאַרף פון מעסער און צופרידן שאָקלען מיטן קאָפּ: „ער ווערט שאַרפער, יאָ, ער ווערט אַלץ שאַרפער...“ — ער האָט ניט באַמערקט ווי די צייט לויפט ביי דער אַרבעט, זייענדיק פאַר-נומען מיט זיינע געדאַנקען, וועלכע ער האָט צייטנווייס אַרויס-געזאָגט אויפן קול:

— זיין פאָטער האָט אונז שלעכטס געטאָן, ער האָט אונז חרוב געמאַכט, און איז אַריינגעפאַלן אין אייביקן גיהנום! יאָ, טיף אין די אייביקע פייערן פון גיהנום! ער האָט אונז אויסגע-מיידט—מין הסתם האָט גאָט אַזוי געוואָלט, יאָ גאָטס ווילן איז אַזוי געווען, און מיר טאָרן אים ניט ווידערשפּעניקן. אָבער דעם גיהנום האָט ער ניט פאַרמידן — און זיינע פייערן ברענען דאָך אייביק! ניין, ניין, ער איז ניט אויסגעלייזט געוואָרן פון די איי-ביקע פאַרניכטנדיקע, אומרחמנותדיקע, גרויזאַמע פייערן פון גיהנום!

און ער האָט ווייטער און ווייטער געשאַרפט דאָס מעסער מורמלענדיק און שטיל אונטערלאַכנדיק און אָפּטמאָל ווידער ריידנ-דיק צו זיך אַליין:

— דאָס האָט אַלץ זיין פאָטער געטאָן! איך בין ניט מער ווי אַ מלאך, אין דער צייט וואָס—ווען ניט ער — וואָלט איך גע-קענט זיין פּויפּסט.

דער קיניג האָט זיך אַריר געטאָן. דער נזיר איז שטיל צוגעשפּרונגען צו זיין בעט, אַוועקגעשטעלט זיך אויף די קני און אויפגעהויבן דאָס מעסער איבער דעם שלאָפנדיקן יינגל. דאָס

ייִנגל האָט זיך ווידער אַ ריר געטאָן און אויף אַ סעקונדע געעפנט די אויגן: אָבער קיין סימן פון געדאַנק איז אין זיי ניט געווען — דאָס ייִנגל האָט קיין זאַך ניט געזען, און אין אַ מינוט אַרום האָט זײַן רואיקער אָטעם באַוויזן, אַז ער איז ווידער פעסט אײַנגע־שלאָפן.

דער גזיר האָט זיך צוגעקוקט און צוגעהערט, קוים עטע־מענדיק און אַלץ האַלטנדיק דאָס מעסער איבער דעם ייִנגלס קאָפּ. נאָכהער האָט ער לאַנגזאַם אַראָפּגעלאָזן די האַנט און שטיל אָפּגעט־טראָטן, זאָגנדיק:

— ס'איז שוין לאַנג נאָך האַלבע נאַכט. ס'וועט ניט טויגן אויב ער וועט אַ געשריי טאָן; אימיצער קען נאָך צופעליק פאַר־בײַגיין.

ער האָט זיך געשאַרט איבערן שטיבל, אויפזוכנדיק דאָ אַ שמאַטקע, דאָרט אַ שטריקל, אַ שנירל און, אומקערנדיק זיך צום בעט, האָט ער שטיל, ניט אויפוועקנדיק דעם קיניג, איבערגע־בונדן זײַנע פיס בײַ די קנעכלאַך. דאַן האָט ער געפּרובירט בינדן זײַנע הענט, אָבער יעדעס מאָל, ווען ער האָט שוין־געוואָלט פאַר־בינדן דאָס שטריקל, האָט דער קיניג אַוועקגענומען דאָס איין האַנט, דאָס די אַנדערע.

נאָר גראָד דאַמאָלסט, ווען דער גזיר האָט זיך שוין באַלד מיאש געווען, האָט דער קיניג אַליין צוזאַמענגעלייגט די הענט אויפן ברוסט, און אין איין מינוט זײַנען זיי געווען פאַרבונדן. נאָכהער האָט ער פאַרבונדן מיט אַ באַנד דעם קיניגס קאָפּ צום בעט אַזוי שטיל און פאָרזיכטיק, אַז ער האָט זיך אפילו ניט אַ ריר געטאָן.

---

# איין־און־צוואַנציגסטער קאַפּיטל.

## הענדאָן קומט צוהילף.

שטיל ווי אַ קאַץ האָט זיך דער אַלטער נזיר מיט גנבישע טריט אַוועקגעשאַרט פון בעט און געבראַכט דאָס נידריק ביינקל. ער האָט זיך אַנידערגעזעצט אויף אים אַזוי, אַז אַ האַלבער גוף איז געווען אין שאָטן און אויף דעם צווייטן האַלבן איז געפאַלן דאָס טונקעלע, פינטלדיקע שיין פון דאָס ליכטל ביים הייליקן בילד. און אַזוי איז ער געזעסן איינגעבויגן איבער דעם שלאָ־פעדיקן יינגל און, קוקנדיק אויף אים מיט בלוט־דורשטיקע אויגן, געדולדיק געהאַלטן וואַך איבער אים און אַלץ געשאַרפט און גע־שאַרפט דאָס מעסער, ניט באַמערקנדיק ווי די צייט לויפט.

ער האָט מיט זיין גאַנצן אויסזען דערמאָנט אַ גרויסן עקל־האַפטן און שרעקלאַכן שפין, בעת ער פרעסט מיט די אויגן אַ הילפלאָזע פליגעלע, וואָס האָט זיך פאַרפּלאָנטערט אין זיין שפינוועבס.

אין אַ היפּשע ווײַלע אַרום, האָט דער אַלטער, וואָס האָט נאָך אַלץ געקוקט — אָבער ניט געזען, זייענדיק אינגאַנצן פאַר־זונקען אין זיינע ווילדע חלומות, — מיטאַמאָל באַמערקט, אַז דעם יינגלס אויגן זיינען אָפן! — ווייט אָפן, און קוקן מיט פאַרגלי־ווערטן טויט־שרעק אויפן מעסער! אַ צופרידענער טייוולשער שמייכל האָט זיך פאַרשפּרייט איבער דעם אַלטנס פּנים און, ניט רירנדיק זיך פון אָרט און אַלץ שאַרפנדיק דאָס מעסער האָט ער געזאָגט:

— זון פון הענרי דעם אַכטן, האָסטו מתפּלל געווען?

דאָס יינגל האָט זיך הילפלאָז געראַנגלט אין זיינע פּענ־טעס און, צו דערזעלבער צייט, אַרויסגעלאָזן אַ פאַרשטיקטן

קלאַנג, וואָס איז דעם נזיר געפעלן געוואָרן צו פּאַרטייטשן פאַר אַ באַשטעטיקונגס-ענטפער אויף זיין פראַגע.

— טו-זשע נאָכאַמאָל תּפילה. זאָג ודוי פאַרן טויט!

אַ שוידער האָט דורכגענומען דאָס יינגל, און זיין פּנים איז בלייך געוואָרן ווי קרייט. ער האָט זיך ווידער ווילד און פאַר-צווייפלט געראַנגלט, געצאַפּלט און געמאַטערט זיך צו צורייסן זיינע שטריק, אָבער — אומזיסט.

דער אַלטער מענטשן-פרעסער האָט געקוקט אויף אים און געשמייכלט, צו געשאָקלט מיטן קאָפּ און אַלץ געשאַרפט דאָס מע-סער, מורמלענדיק פון צייט צו צייט:

— די מינוטן זיינען טייער — געציילט און טייער, זאָג-זשע ודוי פאַרן טויט!

דאָס יינגל האָט אויפגעהערט צו ראַנגלען זיך. אַרויסלאָזנ-דיק אַ האַרצרייסנדיק געשריי, איז ער געבליבן ליגן אָן אָטעם. טרערן האָבן זיך איינע נאָך די אַנדערע געקייקלט איבער זיינע באַקן, אָבער זיי האָבן ניט חייך געמאַכט דאָס פאַרשטיינערטע האַרץ פון דעם אַלטן.

עס האָט אָנגעהויבן צו טאָגן. דער אַלטער האָט עס באַ-מערקט און זיין קול האָט געקלונגען אומרואיק, ווען ער האָט געזאָגט: — איך טאָר זיך מער ניט זעטיקן מיט דאָס פאַרגעניגן לענגער! די נאַכט איז שוין פאַרשוואונדן, — פאַרשוואונדן ווי אַ מאָמענט, ווי איין מאָמענט! און ווען דאָס וואָלט געדויערט כאָטש אַ יאָר! דו, זרע פון דעם קלויסטער-צושטערער, פאַרמאַך דיינע אויגן, אויב דו קאָנסט ניט קוקן אויף...

דאָס איבעריקע איז פאַרלאָרן געגאַנגען אין אַן אומדייט-לאַכער מורמלעריי. דער אַלטער האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אויף די קני און האָט זיך מיטן מעסער אין האַנט אָנגעבויגן איבער דעם קרעכצנדיקן יינגל.

שאַ! עפּעס האָבן זיך דערהערט שטימען לעבן שטיבל. דאָס מעסער איז אַרויסגעפאַלן פון דעם נזירס האַנט. ער האָט גיך איבערגעדעקט דאָס יינגל מיט אַ שעפּסן-פעל, און איז, ציטערנדיק אויפגעשפּרונגען. די קולות האָבן זיך דערנענטערט

און פאַרשטאַרקט. דערנאָך האָבן זיך דערהערט קלעפּ און אַ רוף צו הילף. נאָכדעם — אַ טופּעריי פון איילנדיקע דערווייטערטע טריט. גלייך נאָכדעם האָט זיך דערהערט אַ האַסטיקע קלאַפּעריי אין טיר און אַ קול: — האַללאָ־אָ! ע, עפן! און ריר זיך — אין נאָמען פון אַלע רוחות!

אָ, דאָס איז געווען די בעסטע מוזיק, וואָס דעם קיניגס אויערן האָבן ווען עס איז געהערט: דאָס איז געווען מ י י ל ס ה ע נ ד אָ נ ס ק ו ל!

קריצנדיק מיט די ציין פון מאַכטלאָזן צאָרן, איז דער נזיר שטיל אַרויס פון קעמערל, פאַרמאַכנדיק די טיר הינטער זיך. גלייך נאָכדעם האָט דער קיניג דערהערט וועגן זיך אַזאַ מין שמועס:

— זיי געערט און באַגריסט, הייליקער מאַן! וואו איז דאָס יינגל? מ י י ן יינגל?

— וואָסער יינגל, פריינט?

— וואָסער יינגל! ניט לייג מיר קיין ליגנס, געערטער פריסט, שפּיל מיט מיר ניט אין נאַרעריי! איך בין ניט געשטימט דערצו. ניט ווייט פון דאַנען האָב איך געכאַפּט די באַנדיטן, וואָס האָבן, ווערליך איך פאַרשטיי, אים צוגעגנבעט פון מיר. איך האָב זיי געצוואונגען מודה זיין זיך אין דעם. זיי האָבן מיר געזאָגט, אַז ער איז פון זיי ווידער אַנטלאָפן, און זיי האָבן אים נאָכגעשפּירט ביז דיין טיר. זיי האָבן מיר אַפילו געוויזן די צייכנס פון זיינע טריט. און איצט — גענוג אויסצודרייען זיך, הייליקער מאַן, אויב דו גיבסט אים מיר ניט — וואו איז דאָס יינגל?!

— אָ, גוטער הער? אפשר מיינסטו דעם אָפּגעריסענעם קיניגלאַכן וואַנדערער, וואָס האָט זיך דאָ אויפגעהאַלטן די נאַכט. אויב דאָס איז ער, וועגן וועמען דו באַגערסט אַזוי צו געוואָר ווערן, — זיי וויסן, אַז איך האָב אים געשיקט אין אַ שליחות און ער וועט באַלד צוריקקומען.

— ווען וועט ער קומען? ווי גיך? פאַרליר ניט קיין צייט

קען איך אים ניט איבערנעמען אויפן וועג? ווען וועט ער זיין צוריק?

— באַמי זיך ניט, מיין הערר, ער וועט באַלד צוריק קומען.

— זאָל זיין אַזוי. כ׳וועל פּרובן וואַרטן. וואַרט נאָר! דו האָסט אים געשיקט אַ גאַנג? — דו! אויף מיין וואָרט דאָס איז אַ ליגן! ער וואָלט ניט געגאַנגען. ער וואָלט דיר פאַר אַזאַ חוצפה דיין גרויע באָרד אויסגעריסן. דו זאָגסט ליגן, מיין פריינד — דו זאָגסט זיכער ליגן! ער וואָלט ניט געגאַנגען קיין שליחות ניט פאַר דיר, ניט פאַר אַן אַנדער מענטש.

פאַר אַן אַנדער מ ע נ ט ש ן ניט. איך בין אָבער קיין מענטש ניט.

— ו אָ ס! וואָס-זשע, אין גאָטס נאָמען, ביסטו?

— ס׳איז אַסוד. — געדענק-זשע דער׳צייל קיינעם ניט: איך בין אַ שר פון מלאָכים!

אַ שרעקלאַך און ניט איבעריק הייליק וואָרט האָט זיך אַרויסגעריסן פון מיילס הענדאָנס מויל. באַלד נאָכדעם האָט ער צוגעגעבן.

— נו, אויב אַזוי פאַרשטיי איך זיין נאָכגעביקייט, פאַר אַ בשר ודם וואָלט ער מיט אַ האַנט אָדער מיט אַ פוס ניט גערירט, אָבער אַ מלאך מוז דאָך אַפילו אַ קסר אויך פאָלגן. וואָס איז דאָ פאַראַן וואָס צו ריידן... וואַרט נאָר, ששש! וואָס הערט זיך עפעס דאָרטן פאַר אַ טומל?

דער קליינער קיניג איז די גאַנצע צייט געלעגן און געטרייסלט זיך פון שרעק און האָפנונג. ער האָט מיט אַלע כוחות גע. מאַטערט זיך צו קרעכצן, האָפנדיק, אַז זיי וועלן דערגרייכן צו הענדאָנען און איז געוועזן פאַרצווייפלט זעענדיק, אַז ס׳איז אַלץ אומזיסט.

די לעצטע ווערטער פון זיין פריינד זיינען דעריבער גע־ ווען פאַר אים ווי דער פרישער ווינטל פון גרינע פעלדער פאַר אַ גוסס. און ער האָט ווידער געקרעכצט, אויף וויפל די כוחות זיי־ נע האָבן געקלעקט.

— אַ טומל? איך הער נאָר דעם ווינט בלאָזן — האָט דער גזיר געזאָגט.

— עס קען זייער זיין, יאָ ס'איז אָן ספק דער ווינט. איך הער עס כמעט די גאַנצע צייט. — ווידער! ניין, ס'איז ניט דער ווינט! וואָס פאַר אַ מאָדנער קלאַנג! קום, לאָמיר אַקאָרשט אויס-געפינען!

דער קיניג איז געשטאַנען אויסער זיך פון פרייד. זיינע מידע לונגען האָבן געסאָפּעט, ווייל זיי האָבן נאָר געקענט, אָבער זיין פאַר-בונדענער מויל און די שעפּסן-פעל איבערן קאָפּ, האָבן פאַרשטיקט זיינע קולות.

גלייך נאָך דעם איז אים ווידער איינגעפאַלן אין האַרצן ווען ער האָט געהערט דעם נזיר זאָגנדיק:

— אָ, דאָס הערט זיך פון דרויסן. איך רעכן אַז פון אָט יענע בוימלאַך. קום איך וועל דיר פירן.

ער קיניג האָט געהערט ווי זיי זיינען ביידע אַרויסגעגאַנגען, ער האָט געהערט זייערע טריט דערווייטערן זיך, און ער איז פאַרבליבן אַליין מיט דער שרעקנדיקער אימאַדיקער שטילקייט.

אים האָט זיך געדוכט, אַז עס זיינען אַוועק ווער ווייס ווי פיל צייט זינט זיי זיינען אַוועק, ווען ער האָט ווידער דערהערט שטימען, דאָס מאָל אַ צוגאָב: די קלאַפּעריי פון פערדישע פאָד-קעוועס. נאָכהער האָט ער געהערט ווי הענדאָן זאָגט:

— איך וועל מערניט וואַרטן. איך קען מערניט וואַרטן. ער האָט געוויס פאַרבלאָנדזשעט אין דעמדאָזיקן געדיכטן וואַלד אין וועלכער זייט איז ער געגאַנגען? גיך—ווייז מיר אָן!

— ער... וואַרט, איך וועל גיין מיט דיר.

— גוט, גוט. באמנות, דו ביסט בעסער, ווי דו זעסט אויס אויף מיין וואָרט, איך גלויב ניט, אַז ס'זאָל זיין ערגעץ נאָך אַ מלאך מיט אַזאַ גוט האַרץ ווי דיינס. ווילסטו רייטן? ווילסטו פאָרן אויף דאָס קליין רוּאיק אייזעלע, וואָס איך האָב אָנגעגרייט פאַר מיין יינגל אָדער ווילסטו באַווייליגן צו פאַרשפּרייטן דיינע הייליקע פיס איבער דעם נאַרישן מויל-אייזל, וואָס איך האָב גע-קויפט פאַר זיך אַליין? —און האָב זיך אָפּגענאַרט איך, ווען אפילו כ'וואָלט פאַר אים באַצאָלט אַ צעבראָכענעם קופּער-גראָשן.

— ניין, רייט אויף דיין מויל-אייזל און פיר דיין אייזעלע

פאַרן צוים. איך פיל זיך זיכערער אויף מיינע אייגענע פיס און וועל בעסער גיין צופוס.

— זיי-זשע מוחל האַלט צו דאָס קליין אייזעלע ביז איך וועל איינשטעלן מיין לעבן און אַרויפזעצן זיך אויף מיינעם.

ס'האָט זיך געהערט ווי דער מויל-אייזל שפּאַרט זיך איין, בריקעט זיך, הירזשעט און שרייט, הענדאָנס מוראדיקע זידלע-ריי און קולות, וואָס האָבן זיך געענדיקט מיט אַ ביטערן פאָרוואורף צום מויל-אייזל. דאָס האָט, קענטיק, געווירקט אויף אים און ער האָט זיך אונטערגעגעבן: דער קאַמף האָט אויפגעהערט.

מיט אומאויסדריקלאַכן יאוש האָט דער געבונדענער קליי-נער קיניג צוגעהערט זיך ווי זייערע טריט דערווייטערן זיך און שטאַרבן אָפּ. יעדע האָפנונג איז פאַרשוואונדן און אַ טעמפּע פאַרצווייפלונג האָט אַרומגעכאַפּט זיין האַרץ. „מיין איינציקן פרייבד האָט מען אָפּגענאַרט און אַרויסגעפּטרט פונדאַנען" — האָט ער גע-טראַכט, — דער נזיר וועט זיך אומקערן און...

עס האָט אים פאַרכאַפּט דער אָטעם און ער האָט ווידער גענומען ראַנגלען זיך מיט אַזאַ פאַרצווייפלונג, אַז די שפּסן-פעל האָט זיך אַראָפּגעגליטשט פון אים.

מיטאַמאָל האָט ער דערהערט ווי די טיר עפנט זיך! — דאָס בלוט איז פאַרגליווערט געוואָרן אין זיינע אָדערן. אים האָט זיך געדוכט, אַז ער פילט שוין דאָס מעסער אויף זיין האַלז... פון גרויס שרעק האָט ער צוגעמאַכט די אויגן, פון שרעק האָט ער זיי ווי-דער געעפנט און — פאַר אים זיינען געשטאַנען דזשאָן קענטי און היוגאָ.

וואָלט זיין מויל ניט געווען פאַרבונדן, וואָלט ער געזאָגט: „אַ דאַנק גאָט!"

אין אַ מינוט אַרום איז ער געווען פריי פון זיינע שרעק, די צוויי באַנדיטן האָבן אים אונטערגעכאַפּט אונטער די הענט און פאַרשוואונדן מיט אים אין דער טיפקייט פון וואַלד.

# צוויי-און-צוואַנציקסטער קאַפּיטל.

## אַ קרבן פון פאַרראַט.

ווידער אַמאָל האָט „פּו-פּו דער ערשטער" געוואַנדערט מיט דער באַנדע באַנדיטן און שלעפּערס, בינענדיק אַלס ציל פאַר זייערע פוילע וויצן און גראָבע, נאַרישע שפּאַסן. צייטנווייז, ווען דער „סקאַנדאַליסט" האָט ניט געזען, פלעגן אויך [illegible] און היוגאַ טאָן צו להכעיס און נוקם זיין זיך אָן אים. חוץ קענטין און היוגאָן האָט אים קיינער ניט פיינט געהאַט. דאָס רוב פון דער חברה האָט אים גאָר ליב געהאַט און אַלע זיינען אַנטציקט געווען פון זיין דרייסטקייט און שכל. די ערשטע צוויי-דריי טעג, האָט היוגאָ, אונטער וועמעס השגחה דער קיניג האָט זיך געפונען, געטאָן היינטן אַרום אַלץ, וואָס ער האָט נאָר געקענט, צו רייצן אים. ביינאַכט, בעת די באַנדע פלעגט געוויינלאַך שיכּורן און הוליען, פלעגט היוגאָ אַמוזירן דעם עולם דערמיט, וואָס ער פלעגט פלומרשט ניט ווילנדיק פאַרטשעפּען דעם קיניג. צוויי מאָל האָט ער אים אָנגעטראָטן אויף די פיס, אָבער דער קיניג האָט, ווי עס פּאַסט זיך פאַר זיין קיניגלאַכער ווערדע, פאַראַכטלאַך ניט ווייסנדיק געמאַכט זיך, ווען אָבער היוגאָ האָט אַ דריטן מאָל געטאָן דיזעלביקע „חכמה", האָט אים דער קיניג מיט איין זעץ פון אַ דובינע אַ לייג געטאָן צו דער ערד, צום גרויס פאַרגעניגן פון דער חברה. היוגאָ האָט, ברענענדיק פון חרפּה און כּעס, געכאַפּט אַ שפּיז האָלץ און האָט זיך מיט רציחה אַ וואָרף געטאָן אויף זיין קליינעם קעגנער.

אין אַ מינוט איז אַרום די צוויי שלעגערס געמאַכט געוואָרן אַ ראָד, ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ געוועט, ווער וועט וועמען מנצח

זיין און יעדערער האָט אונטערגעטראָגן די שלעגערס היץ. אָבער דער שלימזלדיקער היוגאָ האָט גאָרנישט געקענט אויפטאָן:

זיינע ווילדע און אומגעשיקטע אַטאַקעס האָבן ניט געקענט באַשטיין קעגן אַ האַנט, וואָס איז געלערנט געווען די קונסט פון שטעקן-שלאַכט, דוביגע-קאַמף און אַלערליי קונצן פון פעכטעריי ביי די בעסטע פעכט-מייסטערס פון אייראָפּע. דער קליינער קיניג איז געשטאַנען וואַכזאַם, אָבער רואיק און געלאַסן און מיט אַזאַ גראַציעזער לייכטקייט אָפּגעווענדט דעם האָגל קלעפּ, וואָס האָבן זיך אויף אים געשאָטן, אַז ער האָט אַרויסגערופן די ווילדע התפעלות פון דער גאַנצער מיאוסער באַנדע. פון צייט צו צייט, ווען זיין געניט אויג האָט באַמערקט די קלענסטע נאַכלעסיקייט פון זיין געגנער, פלעגט ער פלינק, ווי אַ בליץ, דערלאַנגען אים אויך מיט זיין שטעקן [illegible] האולייט פון א שטורים אַפּלאָדיסמענטן און געלעכטער — אַ שרעק צו הערן. אין אַ פערטל שעה אַרום האָט היוגאָ, אַ צעשלאָגענער, אַ צעביילטער, אַן אויסגעלאַכטער פון דער חברה, פאַרלאָזן דאָס שלאַכט-פעלד, און דער אומבאַשעדיקטער העלד פון דעם קאַמף איז אונטערגעכאַפּט געוואָרן אויף די הענט און מיט גרויס פּאַראַד אַוועקגעטראָגן געוואָרן אויף די אַקסלען פון דער צעהוליעטער חברה צום ערן-פּלאַץ לעבן דעם סאַמע אַטאַמאַן, וואו ער איז געקרוינט געוואָרן מיט דעם טיטל: „קיניג פון די שלאָג-הענער". צו דערזעלביקער צייט איז זיין פריערדיקער קלענערער טיטל בטל געוואָרן און אַ דעקרעט איז אַרויסגעגעבן געוואָרן, אַז יעדערער, ווער ס'וועט אים אָנרופן ביי זיין פריערדיקן נאָמען, וועט פאַרטריבן ווערן פון דער חברה.

וויפל מען האָט זיך ניט געמאַטערט צו צווינגען דעם קיניג נוציק זיין דער באַנדע, — איז אַלץ געווען אומזיסט. ער האָט מיט דער גרעסטער עקשנות אָפּגעזאָגט זיך צו טאָן עפּעס. דעם ערשטן טאָג פון זיין צוריקקומען האָט מען אים אַריינגעשטויסן אין אַ קיך, וואו די בעל-הביתטע האָט איבערגעלאָזן אַליין, אָבער ער האָט ניט נאָר קיינזאַך ניט געגנבעט, נאָר ער האָט געפּרובירט מאַכן אַ גוואַלד די דינסטן זאָלן זיך אויפלויפן. מען האָט אים

אַרויסגעשיקט מיטן קופּערשמיד, ער זאָל אים העלפן אין דער אַרבעט, האָט ער ניט געוואָלט אַרבעטן. נאָך מער, ער האָט זיך געוואָרפן אויפן קופּערשמיד מיט זיין אייגענעם שמעלץ־אייזן. דער סוף איז געווען, אַז דער קופּערשמיד און היוגאָ זיינען נאָר געווען פאַרנומען מיט אַכטונג געבן, ער זאָל ניט אַנטלויפן. ער האָט אויסגעלאָזן גאָר זיין קיניגלאַכן כּעס צו יעדערן, ווער עס האָט אים געוואָלט צווינגען צו אַרבעטן אָדער ווער עס האָט באַרירט זיינע פרייהייטן. מען האָט אים אַרויסגעשיקט אונטער היוגאָס השגחה, מיט אַן אָפּגעריסענער פרוי און אַ קראַנק קינד בעטן נדבות, אָבער ער האָט זיך אָפּגעזאָגט צו בעטן „אויף אַ רפואה" און איבערהויפּט צו זיין אַ מחותּן מיט זיי.

אזוי האָט געדויערט עטלאַכע טעג. די שוועריקייטן, די שמוציקייט, די פוילקייט, די גראָבקייט און געמיינהייט פון דעם וואַנדער־לעבן זיינען דעם קיניג געוואָרן אזוי צו לאַסט, אַז ער האָט אָנגעהויבן צו באַטראַכטן זיין רעטונג פון דעם נזירס מעסער אַלס אַ צייטווייליקע נדחה פון זיין טויט.

אָבער ביינאַכט, אין זיינע חלומות, זיינען די אַלע אומגליקן און צרות פאַרגעסן געוואָרן, און ער איז ווידער געווען אויף זיין טראָן און איז ווידער געווען הערשער. דאָס, פאַרשטייט זיך, האָט נאָך טרויעריקער געמאַכט דאָס אויפוואַכן צו דער ווירקלאַכקייט. און אַזוי איז זיין לעבן, זינט מען האָט אים צוריקגעכאַפּט, געוואָרן וואָס ווייטער אַלץ ביטערער און ביטערער, און אַלץ שווערער צו פאַרטראָגן.

אויף מאָרגן נאָכן געשלעג, איז היוגאָ אויפגעשטאַנען מיט אַ האַרץ פול נקמה. ער האָט אויסגעאַרבעט צוויי פּלענער, ווי אזוי נוקם צו זיין זיך אָן דעם קיניג: דער ערשטער פּלאַן איז געווען אָפּצוטאָן אים עפּעס אזוינס, וואָס זאָל שטאַרק דערנידערן זיין „קיניגלאַכע" ווערדע, און, אויב דאָס וועט אים ניט געראָטן, וועט ער אויף אים מאַכן עפּעס אַ בילבול און איבערגעבן אים אין די אייזערנע צוואַנגען פון געזעץ.

אויסצופירן דעם ערשטן פּלאַן, האָט ער גערעכנט אַרויפצולייגן „אַ שטעמפּל" אויפן קיניגס פוס, פאַרשטייענדיק גאַנץ גוט,

ווי ווייט ער וועט זיך דערפון פילן באַליידיקט, און, ווען דער „שטעמפל" וועט אָנהייבן ווירקן,—צווינגען אים אויסצושטעלן זיין פוס פאַר לייטן און בעטן נדבות.

„אַ שטעמפל" — איז אויף גנבישן לשון געווען דער נאָמען פאַר אַ וואונד, וואָס איז בכיוון געמאַכט געוואָרן. כדי אַרויסצורופן די וואונד, האָט מען געמאַכט אַ פלאַסטער אָדער אַ קאָמפּרעס פון ניט געלאָשענער וואַפּנע, זייף און אייזן-ראָסט, אָנגעשמירט עס אויף אַ שטיקל לעדער און פעסט פאַרבונדן אַרום פוס. דאָס האָט באַלד אָפּגעפּרעסן די הויט און שרעקלאַך אויפגערייצט דאָס פלייש. דערנאָך האָט מען פונאַנדערגעשמירט דאָס בלוט פון וואונד און געלאָזן עס פאַרטריקנט ווערן, און די וואונד האָט באַקומען אַ שרעקלאַכן אָפּשטויסיקן אויסזען. דאַן איז די וואונד בכיוון נאָכ-לעסיק פאַרבונדן געוואָרן מיט שמאַטעס אַזוי, אַז זי זאָל זיך גוט אַרויסזען און אַרויסרופן רחמנות ביי די פאַרבייגייער.

היוגאָ האָט זיך באַוואָרנט מיט דער הילף פון קופּער-שמיד, וואָס איז איינמאָל אַטאַקירט געוואָרן פון קיניג מיטן שמעלץ-אייזן; זיי האָבן מיטגענומען דאָס ייִנגל פלומרשט אויף אַרבעט, און ווי נאָר זיי זיינען געווען ווייט פון זייער לאַ-גער, האָט אים דער קופּערשמיד אַ וואָרף געטאָן צו דער ערד און היוגאָ האָט פעסט פאַרבונדן דעם פלאַסטער אַרום זיין פוס.

דער קיניג האָט געשטורימט און געדונערט, סטראַשענדיק ביידן אויפצוהענגען, ווי נאָר ער וועט צוריק קומען אויף זיין טראָן, אָבער זיי האָבן אים געהאַלטן פעסט אין די הענט, געוויילט זיך איבער זיין ראַנגלען זיך און אָנגעקוואָלן פון זיינע טרערן. דאָס האָט אַזוי אָנגעהאַלטן ביז דער פלאַסטער האָט אָנגעהויבן צו ווירקן. עס וואָלט לאַנג ניט געדויערט און די שרעקלאַכע וואונד וואָלט אַרויסגערופן געוואָרן, ווען עס בייט גראָד ניט אָן דער „קנעכט", וואָס האָט געהאַלטן די רעדע וועגן ענגלישע געזעצן און מאַכט ניט אַ סוף צו די ליידן.

דער קיניג האָט געוואָלט נעמען זיין ערלייזערס שטעקן און דאָ, גלייך אויפן אָרט, גוט צעברעכן די צוויי חברה-לייט די ביינער, אָבער דער „קנעכט" האָט אים אָפּגע-

האלטן, מחמת עס לוינט ניט צו מאַכן אַ טומל און פרעמדע לייט זאָלן זיך אויפלויפן. זאָל ער דאָס בעסער אָפּלייגן ביז נאַכט, ווען די גאַנצע קאָמפּאַניע וועט זיך אויפקלייבן און קיין זייטיקע מענטשן וועלן דערביי ניט זיין.

ער האָט גלייך אָפּגעפּירט אַלע דריי אין לאַגער און דער־ציילט דעם „סקאַנדאַליסט" די גאַנצע מעשה. דער אַטאַמאַן האָט אַ ווײַלע געטראַכט און באַשלאָסן ניט צו צווינגען מער דעם קיניג בעטלען, ווייל ס'איז קלאָר ווי דער טאָג, אַז ער טויג אויף עפּעס בעסערס.

און ער האָט אים גלייך אויפן אָרט דערהויבן פון זיין איצטיקער נידעריקער מדרגה צו דער הויכער מדרגה פון אַ גנבֿ!

היוגאָ איז געווען אויסער זיך פון שמחה. ער האָט שוין ניט איין מאָל געפּרובט צווינגען דעם קיניג צו גנבֿענען און ס'האָט זיך אים ניט איינגעגעבן, אָבער איצט איז אַן אַנדער מעשה: איצט וועט אים אַפילו ניט איינפאַלן ניט צו פאָלגן אַ באַפעל, וואָס איז אָפּגעגעבן געוואָרן פונם סאַמע אַטאַמאַן!

ער האָט שוין געפּלאַנעוועט אַ גנבֿה אויף היינט נאָכמיטאָג, ווען ער וועט אים איבערגעבן אין די הענט פון געזעץ. ס'פאַר־שטייט זיך, אַז אָפּגעטאָן מוז עס ווערן אַזוי גלאַט, אַז עס זאָל אויסזען ווי אַן אומגליקלעכער צופאַל, וואָרים דער „קיניג פון די שלאָג-הענער" איז באַליבט ביי דער באַנדע, און זיי וועלן זיך ניט צו צאַרט באַגיין מיט איינעם פון דער חבֿרה, וואָס האָט אים איבערגעגעבן צום אַלגעמיינעם פיינד — צום געזעץ.

זייער גוט! אין דער ריכטיקער צייט האָט היוגאָ מיט זיין קרבן זיך אַוועקגעלאָזן צום דערבייאיקן דערפל. זיי זיינען פּאַוואָלינקע אומגעגאַנגען הין און צוריק איבערן גאַס, איינער, אויסקוקנדיק אַ זיכערע געלעגנהייט ווי אַזוי אָפּצוטאָן זיין געמיינע שטיקל אַרבעט, און דער צווייטער — ווי אַזוי צו מאַכן פיס און אויף שטענדיק באַפרייט צו ווערן פון זיין שונא.

ביידע האָבן דורכגעלאָזן גאָר נישקשהדיקע געלעגנהייטן, ווייל ביידע האָבן פעסט באַשלאָסן אין האַרצן דאָס מאָל אָפּצו־טאָן נאָר אַ זיכערע שטיקל אַרבעט.

דער ערשטער האָט געהאַט אַגעלעגנהייט היוגאָ: ער האָט דערזען אַפּרוי מיט אַדיקן פּעקל און אַקערבל. היוגאָס אויגן האָבן אַבליץ געטאָן מיט פאַרגעניגן, ווען ער האָט גע־טראַכט: „ווי דו זעסט מיך אַלעבעדיקן, אַז ווען איך קען אויף אים אַרויפוואַרפן דאָס פּעקל, איז ער אויך פאַרזאָרגט מיט קעסט און דירה, אָט דער קיניג פון די שלאָג־הענער!"

ער האָט געוואַרט און אויסגעקוקט—אויסערלאַך געדולדיק, אָבער ברענענדיק אינערלאַך פון אומגעדולד — ביז די פּרוי איז פאַרבייגעגאַנגען, און האָט געזאָגט:

— וואַרט דאָ, ביז איך וועל צוריקקומען.

און האָט זיך גענומען גנבענען הינטער דער פּרוי.

דעם קיניגס האַרץ האָט געקלאַפּט פון פרייד: זאָל נאָר היוגאָ אָפּגיין אַביסל ווייטער, וועט ער קענען אַנטלויפן.

ס'איז אים אָבער ניט באַשערט געווען אַזאַ גליק. היוגאָ האָט זיך אונטערגעגנבעט צו דער פּרוי, אַכאַפּ ארויסגעגעבן דאָס פּעקל און געלאָזט זיך לויפן, איינוויקלענדיק עס אין אַשטיק אַלטע קאָלדרע, וואָס ער האָט געהאַט מיט זיך. דער־פילנדיק, אַז דאָס קערבל איז איר מיטאַמאָל גרינג געוואָרן, האָט די פּרוי אויפגעהויבן אַגעשריי מיט אַגוואַלד, אַז די גאַנצע גאַס איז אויף געווען.

היוגאָ האָט אַריינגעוואָרפן דאָס פּעקל דעם קיניג אין די הענט אַריין און געזאָגט:

— לויף נאָך מיר, ווי גיך דו קענסט און שריי: „כאַפּט דעם גנב!" אָבער געדענק, פאַרפיר זיי אין אַן אַנדער זייט!

און גלייך נאָכדעם האָט זיך היוגאָ פאַרקערעוועט הינ־טער אַווינקל און געלאָזן זיך לויפן איבער אַגעדרייטע געסל, נאָך אין אַפּאָר מינוט ארום, האָט ער זיך באַוויזן מיט־אַזאַ אומשולדיקן און גלייכגילטיקן פּנים, ווי ניט אים מיינט מען. ער האָט זיך געשטעלט הינטער אַסלופּ צו זען, וואָס וועט דאָ זיין.

דער באַליידיקטער קיניג האָט אַוואָרף געטאָן דאָס פּעקל אָן דער ערד, און די קאָלדרע האָט זיך פונאַנדערגעוויקלט פּונקט

אין דעם מאָמענט, ווען די באַגנבעטע פרוי, באַגלייט פון אַ גרויסן המון, איז צוגעלאָפן צו אים. זי האָט אַ כאַפּ געטאָן דאָס פּעקל מיט איין האַנט און דעם קיניג מיט דער צווייטער האַנט און גענומען׳שיטן אויף אים אַ האָגל זידלעריי און קולות, אין דער צייט, וואָס ער האָט זיך אומזיסט געמאַטערט צו באַפרייען זיך פון איר.

היוגאָ האָט גענוג געזען: זיין שונא האָט מען געכאַפּט און דאָס געזעץ וועט זיך שוין מיט אים אָפּרעכענען ווי עס געהערט צו זיין.

אָנקווועלנדיק און לאַכנדיק אין הויפן, האָט ער זיך געלאָזן צום לאַגער צו, אויסקלערנדיק עפּעס אַ גוטן תּירוץ פאַר דער באַנדע און פאַרן אַטאַמאַן.

דער קיניג האָט ניט אויפגעהערט צו רייסן זיך פון דער פרוי, שרייענדיק מיט פאַרדראָס:

— לאָז מיך אָפּ, דו נאַרישע פרוי! ניט איך האָב ביי דיר געגנבעט דיינע קלאָגעדיקע זאַכן!

דער המון האָט אַרומגערינגלט דעם קיניג, געסטראַשעט אים און געזידלט. אַ פאַרקאָפּטשעטער שמיד אין אַ לעדערנעם פאַרטוך און מיט די אַרבל פאַרשאַרצט איבער די עלנבויגנס האָט שוין געוואָלט אָננעמען דאָס יינגל און „ווייזן אים ווי ווייטער צו גנבענען“, — ווען אַ לאַנגער שווערד האָט אַ בליץ געטאָן אין דער לופטן און מיט כּוח אַ פאַל געטאָן מיט דער פלאַכער זייט אויף דעם שמידס האַנט, און דער אייגנטימער פון דעם שווערד האָט געלאַסן געזאָגט:

— שאַ, ניט געקאָכט זיך, גוטע מענטשן, מיר קענען דאָס אַלץ מאַכן מיט גוטן, צו וואָס־זשע טויג אונז מאַכן זיך בייז בלוט און זידלען זיך. דאָס איז אַן עסק פאַרן געזעץ, אָבער ניט פאַר זייטיקע מענטשן. לאָז אָפּ דאָס יינגל, גוטע פרוי.

דער שמיד האָט ווי אויסגעמאָסטן מיט די אויגן דעם סאָלדאַטס הויכע פיגור, און איז אָוועקגעגאַנגען, וואָרטשענדיק אונטערן נאָז און רייבנדיק די האַנט. די פרוי האָט אומגערן אָפּגע-

לאָזן דעם יינגל. דער עולם האָט ברוגז געקוקט אויפן סאָלדאַט, אָבער, פון פאָרזיכטיקייטס וועגן, געשוויגן.

דער קיניג איז מיט פלאַמענדיקע באַקן און ברענענדיקע אויגן צוגעשפרונגען צו הענדלער און אויסגעשריען:

— דו האָסט שטאַרק געלאַנגוואַמט, אָבער ביסט נאָך געקומען צו דער צייט, סער מיילס. צערייב מיר די באַנדע אויף מיטס!

---

# דריי־און־צוואַנציקסטער קאַפּיטל.

## דער פּרינץ—אַרעסטירט.

הענדאָן האָט פאַרשטיקט דעם שמייכל אויף זיינע ליפּן און, אָנבויגנדיק זיך צום פּרינצס אויער איינגערוימט:

— שטילער, שטילער, מיין פּרינץ. טו פאַרזיכטיק באַוועגן מיט דיין צונג—נאָך בעסער דו זאָלסט אים גאָרניט באַוועגן. פאַרלאָז זיך אויף מיר, און אַלץ וועט זיך גוט ענדיקן.

דאַן האָט ער צו זיך אַליין צוגעגעבן:

סער מיילס! גאָט מיינער, און איך האָב גאָר געהאַט פאַרגעסן אָן מיין טיטל! מערקווירדיק, ווי דידאָזיקע איינריידעניש האַלט זיך פעסט אין זיין זכרון!.. אָבער ווי נאַריש און פּוסט מיין טיטל זאָל ניט זיין, איז עס אַלץ עפּעס ווערט צו האָבן. איך רעכן, אַז ס'איז מער ערע צו זיין געטיטלט אין דער קיניגרייך פון חלומות און שאָטנס, איידער צו ערנידעריקן זיך און זיין אַ גראַף פון אייניקע אמתע מלוכות.

דער עולם האָט געמאַכט וועג פאַר אַ פּאָליציי־מאַן, וואָס איז צוגעגאַנגען און שוין געוואָלט אַרויפלייגן זיין האַנט אויפן קיניגס אַקסל, ווען הענדאָן האָט געזאָגט:

— שאַ, מיין פריינד, רואיקער. נעם צו דיין האַנט, ער וועט אַזוי אויך גיין, איך בין דיר דערפאַר ערב, גיי דו פאָראויס און מיר וועלן דיר נאָכגיין.

דער פּאָליציי־מאַן און די פרוי מיט איר פּעקל זיינען געגאַנגען פאָראויס און הענדאָן מיטן קיניג, באַגלייט פון המון, זיינען זיי נאָכגעגאַנגען. דער קיניג איז שוין גרייט געווען אנטקעגן צו שטעלן זיך, אָבער הענדאָן האָט אים שטיל געזאָגט:

— באַרעכנט זיך, מיין האַר, אייערע געזעצן זיינען דער געזונטער גייסט פון אייער אייגענער קיניגלאַכער מאַיעסטעט. אויב דער שטאַם גופא וועט זיך זיי אַנטקעגנשטעלן, ווי קען ער ערוואַרטן, אַז די צווייגן זאָלן זיי אַכטן? איינער פון די געזעצן איז, קענטיק, געשטערט געוואָרן. ווען דער קיניג וועט צוריק זיין אויפן טראָן, וועט אים דען ניט זיין אָנגענעם צו דערמאָנען, אַז בעת מען האָט געדאַרפט, האָט דער בירגער גובר געווען אין אים דעם קיניג און ער האָט זיך אונטערגעוואָרפן דעם געזעץ?

— דו האָסט רעכט, רייד ניט מער. דו וועסט זען, אַז אויב דער קיניג פון ענגלאַנד פאָדערט פון זיינע אונטערטאַנער, זיי זאָלן זיך אונטערגעבן דעם געזעץ, פאָלגט ער אַליין אויך דאָס געזעץ, ווען ער איז אין דער לאַגע פון אַ פשוטן בירגער.

ווען מען האָט אַרויסגערופן די פרוי צו געבן אירע עדות פאַרן פרידנס־ריכטער, האָט זי געשוואָרן, אַז דאָס יינגל וואָס שטייט פאַרן געריכט, האָט באַגאַנגען די גנבה, און אַזוי ווי עס איז ניט געווען קיינער, וואָס זאָל באַווייזן דאָס קעגנזייטיקע, איז דער קיניג אָנערקענט געוואָרן פאַר שולדיק. מען האָט פונאַנדערגעוויקלט דאָס פעקל און דאָרטן האָט זיך אַרויסגעוויזן אַ פעטער געברויטערטער חזירל. דער ריכטער האָט אויסגעזען באַאומרואיקט און ה ע נ ד אָ ן איז בלאַס געוואָרן און זיין גאַנצער קערפּער האָט אַ ציטער געטאָן פון פאַרצווייפלונג ווי פון אַן עלעקטרישן פונק. נאָר דער קיניג, ניט ווייסנדיק, וואָס אים שטייט פאָר, איז געבליבן רואיק.

דער ריכטער האָט אַ ווײַלע געטראַכט, דאַן האָט ער, ברעכנדיק די אָנגעשטרענגטע שטילקייט, געפרעגט:

— אין וואָס פאַר אַ סומע שאַצסטו דיין געגנבעט אייגנטום?

די פרוי האָט זיך פאַרנייגט און געענטפערט:

— דריי שילינג און אַכט פעניס, אייער גנאָד. איך קען דערפון קיין איין פעני ניט אַראָפּלאָזן, דאָס איז דער מקח.

דער ריכטער האָט געוואָרפן אַן אומרואיקן בליק אויפן עולם און ווענדנדיק זיך צום פּאָליציי־מאַן געזאָגט:

— אָפּרייניקן דאָס געריכט־זאַל פון זייטיקע מענטשן און פאַרשליסן די טירן!

דער באַפעל איז ערפילט געוואָרן. אין זאַל זיינען נאָר פאַר־בליבן די געריכטס־באַאַמטע, דער באַשולדיקטער, די באַשולדי־קערין, דער פּאָליציי־מאַן און מײלס הענדאָן.

הענדאָן איז געשטאַנען ווי אַ פאַרגליווערטער, בלייך ווי קאַלך און קאַלטע טראָפּנס שווייס זיינען אַרויסגעטראָטן אויף זיין שטערן.

דער ריכטער האָט זיך געווענדט צו דער פרוי און רחמנות־דיק געזאָגט:

— דאָס איז אַן אָרימער, אומוויסנדער יינגל, וואָס איז אפשר געטריבן געוואָרן צו גנבה דורך הונגער, — וואָרים שווערע צייטן זיינען איצט אָנגעשטאַנען פאַר די אָרימע. — גיב אַ קוק, ער האָט ניט קיין פּנים פון אַ פאַרברעכער — און ווען דער הונגער טרייבט... גוטע פרוי! ווייסטו, אַז ווען איינער גנבעט אַ זאַך, וואָס איז ווערט מער ווי דרייצן פּעניס, קומט אים דערפאַר הענגען?

דער קליינער קיניג האָט אַ ציטער געטאָן און אויפגעריסן די אויגן, אָבער ער האָט זיך גענומען אין האַנט און געבליבן אויסערלאַך רואיק. די פרוי אָבער איז אויפגעשפּרונגען פון איר אָרט, און ציטערנדיק פון שרעק, אויסגעשריען:

— אָ, גאָט מיינער, וואָס האָב איך עס געטאָן! באַרימהאַר־ציקער גאָט, כ׳וואָלט ניט געוואָלט, מען זאָל הענגען דעם אָרימען יינגל פאַר גאָר דאָס גוטס פון דער וועלט! אָ, באַפרייט מיך דער־פון, אייער גנאָדן! וואָס זאָל איך טאָן, וואָס קען איך טאָן?

ניט ענדערנדיק זיין געריכטלאַכע רואיקייט, האָט דער ריכ־טער פּשוט געזאָגט:

— מען מעג, פאַרשטייט זיך, אָפּשאַצן די זאַך ביליגער, כּל־זמן ס׳איז נאָך ניט פאַרשריבן אין פּראָטאָקאָל.

— אויב אַזוי, ווי גאָט איז אייך ליב, קאָסט דאָס חזירל

נאָר אכט פעניס, און געבענטשט זאָל זיין פון גאָט דער טאָג, וואָס האָט באַפרייט מיין געוויסן פון אזא שרעקלאַכער זינד!

פון גרויס שמחה האָט הענדאָן גאָר פאַרגעסן דעם גאַנצן עטיקעט און, אַרומכאַפנדיק דעם קיניג, האַרציק צעקושט אים, מיט וואָס ער האָט אים פאַרוואונדערט און באַרירט זיין קיניגלאַכע ווערדע.

דאַנקענדיק, האָט די פרוי געגומען איר חזירל און איז אַרויס. דער פּאָליציי-מאַן איז אַרויס נאָך איר אין שמאָלן קאָרידאָר.

הענדאָן, וואָס איז שטע געווען אויף דער וואַך, האָט אַ טראַכט געטאָן, אַז עס שאַדט ניט צו וויסן, נאָך וואָס איז דער פּאָליציי-מאַן אַרויס. אַרויסגייענדיק אין טונקעלן קאָרידאָר, האָט ער דערהערט אַזאַ מין שמועס:

— ס'איז אַ פעטער חזירל און דאַרף זיין ניט קיין שלעכטער ביסן. איך קויף אים ביי דיר, נאַ דיר דיינע אַכט פעניס.

— אכט פעניס, טאַקע! עס רעדט זיך אַזוי. דאָס קאָסט מיר דריי שילינג און אַכט פעניס, גוטע רייניקע מטבעות, וואָס דער געשטאָרבענער העגרי האָט נאָך ניט באַרירט אפילו. מען לאַכט פון דיינע אַכט פעניס!

— ביסטו ביים זינען? האָסט, הייסט עס, געשוואָרן פאַלש, ווען דו האָסט געזאָגט, אַז דער חזירל קאָסט נאָר אַכט פעניס. קום-זשע צוריק פאַרן ריכטער און ענטפער פאַר דיין פאַרברעכן! — דאָס יינגל וועט מען אויפהענגען — דאָס איז זיך באַזונדער.

— שאַ, שאַ, טייערינקער מיינער, זאָג נאָר קיינעם ניט אויס. איך בין צופרידן, גיב מיר די אַכט פעניס, אַבי רייד ניט מער.

די פרוי איז אַוועק וויינענדיק.

הענדאָן איז שטילינקערהייט אַריין אין געריכטס-זאַל און אין אַ ווײַלע אַרום איז אַריין דער פּאָליציי-מאַן, באַהאַלטנדיק זיין קניה אין אַ זייטיק אָרט.

דער ריכטער האָט אויפגעשריבן דעם פּראָטאָקאָל, נאָכהער האָט ער גוט אויסגעמוסרט דעם קיניג און האָט אים פאַרמשפּט

צו זיצן אַ קורצע צייט אין געפענגעניש און נאָכהער געשמיסן צו ווערן אין דער עפנטלאַכקייט.

דער איבערראַשטער קיניג האָט שוין געוואָלט עפּענען דאָס מויל און הייסן קעפּן דעם ריכטער דאָ אויפן אָרט, אָבער ער האָט געכאַפּט אַ וואָרענונגס-צייכן פון הענדאָנען און איז אַנט-שוויגן געוואָרן.

הענדאָן האָט אים אָנגענומען פאַרן האַנט און, אונטער דער שמירה פון דעם פּאָליציי-מאַן, זיינען זיי אַרויס און געלאָזן זיך צום געפענגעניש. ווי נאָר זיי זיינען צוגעגאַנגען צו דער גאַס, וואו די תפיסה האָט זיך געפונען, האָט דער קיניג אַן אָנגע-צונדענער אַ ריס געגעבן זיין האַנט און אויסגעשריען:

— אידיאָט דו איינער! שטעלסטו זיך פאָר, אַז מיין פוס וועט איבערטרעטן דעם שוועל פון אַ געוויינלאַכער געפענגעניש לעבעדיקערהייט!!

הענדאָן האָט זיך אָנגעבויגן און אַ ביסל שאַרפלאַך גע-זאָגט:

— ווילסט איר זיך פאַרלאָזן אויף מיר? רואיק! מאַכט ניט ערגער אונזער לאַגע דורך אומפאָרזיכטיקע רייד. וואָס גאָט וועט ווערן, דאָס וועט געשען. מיר קענען עס ניט צואיילן און מיר קענען עס ניט ענדערן. דעריבער איז בעסער וואַרטן און זיין געדולדיק. עס וועט זיין צייט גענוג צו פרייען זיך אָדער קלאָגן, ווען דאָס, וואָס עס דאַרף געשען, וועט געשען.

## פיר־און־צוואַנציקסטער קאַפּיטל.

### דאָס אנטלויפן.

דער קורצער ווינטער־טאָג האָט זיך באַלד געענדיקט. די גאַסן זיינען געוואָרן ליידיק. דאָ און דאָרט נאָר האָט מען באַגעגנט איינצעלנע דורכגייער, וואָס האָבן געאיילט וואָס גיכער צו ענדיקן זייערע געשעפטן און באַהאַלטן זיך אין זייערע היימלאַכע, וואַרימע הייזער פון דער אָנקומענדיקער פינסטערניש און פון דעם ווינט, וואָס האָט זיך וואָס ווייטער, אַלץ מער געשטאַרקט. די דורכגייער האָבן זיך ניט אַרומגעקוקט ניט רעכטס, ניט לינקס, נאָר זיינען געלאָפן גלייך זייער וועג, ניט שענקענדיק קיין שום אויפמערקזאַמקייט אונזער קאָמפּאַניע. זיי האָבן זי אַפילו ניט באַמערקט. עדואַרד דער זעקסטער האָט געקלערט וועגן דעם, צי האָט די סצענע, ווי מען פירט אַ קיניג אין געפענגעניש, ווען עס איז באַגעגנט אַזאַ גלייכגילטיקייט ווי איצט.

זיי זיינען צוגעקומען צו אַ גרויסן מאַרק־פּלאַץ און גענומען דורכשניידן אים. ווען הענדאָן האָט אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף דעם פּאָליציימאַנס אַקסעל און שטיל געזאָגט:

— וואַרט אַ ווייל, גוטער ברודער. דאָ וועט אונז קיינער ניט הערן איך וואָלט דיר געוואָלט זאָגן אַ פּאָר ווערטער.

— איך טאָר עס ניט טאָן, איך בעט דיך, פאַרהאַלט מיר ניט. די נאַכט קומט אָן.

— ס׳מאַכט ניט אויס, שטיי. וואָרים דער ענין איז דיר שטאַרק נוגע. קער זיך אום און מאַך זיך ניט זעענדיק: לאָז דעמדאָזיקן אָרימען ייִנגל אַנטלויפן.

— דו דערוואגסט זיך עס מיר צו זאָגן! איך אַרעסטיר דיך אין...

— נו, נו, ניט האַסטיק. זע, זיי פאָרזיכטיק און טו ניט קיין נאַרישקייט.

און, אָנבויגנדיק זיך צו זיין אויער, האָט ער אים אריינגע־רוימט:

— דאָס חזירל, וואָס דו האָסט געקויפט פאַר אכט פעניס, קען דיר קאָסטן דיין קאָפּ.

פון אומגעריכטקייט האָט דער פּאָליציסט לכתחילה פאַר־לאָרן דאָס לשון, נאַכהער איז ער געקומען צו זיך און גענומען זידלען זיך און סטראַשען, אָבער הענדאָן איז געשטאַנען רואיק און געוואַרט ביז ער האָט אויסגעשאָסן גאָר זיין פולווער און דאַן געזאָגט:

— וו געפעלסט מיר, פריינד, און איך וואָלט ניט געוואָלט דיר זאָל געשען שלעכטס. דאַרפסט וויסן, אַז איך האָב אַלץ גע־הערט,—יעדעס וואָרט. כ'קען דיר איבערצייגן.

און, איבערחזרנדיק, וואָרט אין וואָרט, דעם גאַנצן שמועס צווישן פּאָליציסט און דער פרוי, האָט ער צוגעגעבן.

— נו, וואָס זאָגסטו? האָב איך ריכטיק איבערגעגעבן? ווי מיינסטו, וואָלט איך ניט געקענט נאָכאַמאָל איבערגעבן די זאַך ריכטיק פאַרן ריכטער, ווען ס'וועט זיך פאָדערן?

דער פּאָליציסט איז אַ ווײַלע געשטאַנען שטום פון שרעק און פאַרצווייפלונג, נאַכהער האָט ער זיך אַ כאַפּ געטאָן און כלומרשט קאַלטבלוטיק געזאָגט:

— דו קענסט, אויף מיין וואָרט, מאַכן פון אַ וויץ ווער ווייס וואָס. כ'האָב פשוט אָנגעשראָקן די פרוי פון שפּאַס וועגן.

— און דאָס חזירל האָסטו אויך גענומען פון שפּאַס וועגן?

— ניט אַנדערש, מיין הער, — איך זאָג דיר ס'איז געווען אַ שפּאַס.

— כ'הייב דיר אָן צו גלויבן — האָט הענדאָן האַלב־ערנסט, האַלב־שפּאַסיש געזאָגט, — אָבער וואַרט דאָ אַ ווײַלינקע, ביז איך וועל אַריבערלויפן צום ריכטער און פרעגן. ער איז געוויס גענים אין געזעצן, אין שפּאַסן און...

ער האָט זיך געלאָזן גיין, אלץ ריידנדיק. דער פּאָליציסט האָט געקווענקלט, אַ פּאָר מאָל אויסגעשפּיגן, נאָכהער אויסגעשריען

— שטיי, שטיי, מיין גוטער הער! איך בעט דיך, וואַרט אַ ווײַלע. צום ריכטער! וואָס רעדסטו, מענטש איינער, יענער פאַרשטייט אַ וויץ ניט מער פון אַ טויטן! — קום נאָר אהער, וועלן מיר זיך דורכריידן. אָט אַ געלעכטער! איך בין, דאַכט זיך, אַרײַנגעקראָכן אין מיאוסער מעשה. און אלץ איבער אַן אומשולדיקן, ניט באַטראַכטן שפּאַס! איך בין אַ פּאַמיליען-מענטש, אַ טאַטע פון קליינע קינדער. באַרעכן אליין, אייער גנאָד, וואָס פאַרלאַנגסטו פון מיר!

— ניט מער, ווי דו זאָלסט זיין בלינד און טויב און פּאַראַליזירט ביז מען קען אָפּציילן הונדערט טויזנט — און לאַנגזאַם ציילן — האָט הענדאָן געזאָגט מיט אַ מינע פון אַ מענטשן, וואָס פאַרלאַנגט אַ קלייניקייט.

— דאָס וועט דאָך זיין מיין סוף! — האָט דער פּאָליציסט פאַרצווייפלט אויסגעשריען, — אָ, זייט מיט יושר, גוטער הער. באַטראַכט נאָר די זאַך פון אַלע זייטן און זעט, אַז ס'איז געווען ניט מער ווי אַ שפּאַס — ס'איז דאָך קלאָר, ווי דער טאָג. און לאָמיר אַפּילו זאָגן, אַז ס'איז געווען ניט קיין שפּאַס, איז די גרעסטע שטראָף, וואָס איך קען דערפאַר כאַפּן — אַן אויסרייד זון אַ וואָרענונג פון דעם ריכטער.

הענדאָן האָט געענטפערט מיט אַן ערנסט, וואָס האָט געקענט פאַרגליווערן די לופט אַרום אים:

— דיין שפּאַס האָט אין געזעץ-בוך אַ נאָמען — ווייסטו וואָסערן?

— איך ווייס ניט! אפשר האָב איך טאַקע געטאָן אַ נאַרישקייט. מיר האָט זיך אַפּילו ניט געחלומט, אַז מען טאָר עס ניט. אָ, גאָט מיינער, כ'האָב געמיינט, ס'איז אַ חכמה!

— יאָ, דאָס האָט אַ נאָמען. דאָס געזעץ רופט אַן אַזאַ פאַרברעכן: „נאָן קאָמפּאָס מענטיס לעקס טאַלעאָניס סיק טראַנסיט גלאָריאַ מונדי *).

*) לאַטייניש: הערטער אָן אַ זינן און אינהאַלט.

— אָ, גאָט מיינער!
— און קומען קומט דערפאַר טויט־שטראָף!
— אָ, באַרימהאַרציקער גאָט, האָב רחמנות אויף מיר, דעם זינדיקן!

— אויסגוצנדיק אַ טעות, וואָס אימיצער, וועלכער איז געווען אונטער דיין שוץ, האָט געמאַכט אין אַ מאָמענט פון געפאַר האָסטו ביי אים אוועקגענומען אַ זאַך, וואָס האָט די ווערט פון מעהר ווי דרייצן און אַ האַלבע פעני, באַצאָלנדיק דערפאַר אַ קלייניקייט. פאַרן געזעץ איז עס געפּלאַנטער שווינדל, אָפּגענאַרטער צוטרוי, אַ פליכטס־פאַרבּרעכן און „אַד האָמינעם עקספּורגאַטיס אין סטאַטוס קוואָ" — האָט הענדאָן ווייטער אַ שאָט געטאָן מיט זינלאָזע לאַטייניש ווערטער — און דערפאַר קומט הענגען אָן געלט־אויסקויף, אָן שטראָף־פאַרלייכטערונג און אָן ודוי פאַרן גלח.

— אָ, האַלט מיך צו, מיין גוטער הערר! די פיס ברעכן זיך מיר אונטער! האָב רחמנות, איך וועל זיך אומקערן צו אייך מיטן רוקן און וויל ניט זען און ניט הערן וואָס עס וועט געשען.
— גוט, איצט רעדסטו קלוג און צו דער זאַך. און דאָס חזירל וועסטו צוריק אָפּגעבן?

— איך וועל אָפּגעבן, כ'וועל אָפּגעבן, כ'וועל אָפּגעבן. און איך וועל זיך שוין קיינמאָל אין לעבן ניט צו־רירן צו אַ חזיר, ווען אפילו גאָט אליין זאָל מיר אים שיקן דורך אַ מלך... גיי, זע קיין זאַך ניט. איך וועל זאָגן, אַז דו האָסט זיך אַריינגעריסן אין אַ שטראָק און באַפּרייט אים. די טיר איז אַן אַלטע און אַ פוילע — איך וועל זי אַליין צעברעכן אַרום האַלבע נאַכט.

— אזוי זאָלסטו טאָן, מיין גוטע נשמה, ס'וועט חלילה, קיינעם ניט שאַטן. דער ריכטער האָט אַליין רחמנות אויפן אָרימען ייִנגל און ער וועט זיך ניט זעצן וויינען און וועט קיין איין שומר ניט צעברעכן די ביינער דערפאַר, וואָס דער אומשולדיקער ייִנגל איז אַנטלאָפן.

---

## פינף־און־צוואַנציגסטער קאַפּיטל.

### הענדראָן־שלאָס.

ווי נאָר הענדראָן און דער קיניג זיינען אָפּגעגאַנגען ווייט פון פּאָליציסט, האָט הענדראָן געזאָגט זיין מאַיעסטעט, ער זאָל אויף אים וואַרטן אין אַ געוויסן אָרט אונטערן שטעטל, ביז ער וועט גיין אויף דער אַכסניה און אָפּרעכענען זיך.

אין אַ האַלבע שעה אַרום האָבן די צוויי פריינט געריטן אויף הענדראָנס קאַליקע קליאַטשעס. דער קיניג האָט אַראָפּגע־וואָרפן פון זיך די טראַנטעס און האָט אָנגעטאָן דעם געניצטן אָנצוג, וואָס הענדראָן האָט פאַר אים געקויפט אויפן לאָנדאָן־בריק, און ער האָט זיך איצט געפילט וואַרים און באַקוועם.

הענדראָן האָט ניט געוואָלט צו פיל אָנשטרענגען דאָס יינגל. ער האָט באַרעכנט, אַז שווערע נסיעות, ניט רעגלמעסיגעס עסן און ווייניג שלאָף וועט שלעכט ווירקן אויף זיין געשטערטן פאַרשטאַנד, אין דער צייט וואָס רו, רעגלמעסיקייט און לייכטע באַוועגונג וועט אים היילן. און ער האָט אַזוי געוואָלט די קראַנקע פאַנטאַזיעס זאָלן פאַרשווינדן פון זיין ליבן קעפּל, און ער זאָל זיין געזונט! ער האָט דעריבער באַשלאָסן צו מאַכן די רייזע אַהיים, פונוואַנען ער איז אַזוי לאַנג געווען אָפּגעריסן, ניט גע־איילט, ביסלאַכווייז, ניט קוקנדיק דערויף, וואָס ער וואָלט גע־וואָלט פאָרן טאָג און נאַכט, אַבי קומען וואָס גיכער.

ווען זיי זיינען אָפּגעפאָרן אַ מייל צען, זיינען זיי אָנגעקו־מען אין אַ היפּשן דאָרף און אָפּגעשטעלט זיך האַלטן נאַכט אין אַ גוטער קרעטשמע. די באַציאונגען צווישן זיי איז געווען די פריערדיקע: הענדראָן איז געשטאַנען הינטער דעם קיניגס שטול און האָט אים באַדינט בעת ער האָט געגעסן, ער האָט אים

אויסבעטאָן פארן שלאָף און אליין איינגעוויקלט זיך אין אַ קאָלדרע און געלייגט זיך אויפן דיל ביים טיר.

אויף מאָרגן און איבערמאָרגן האָבן זיי זיך ווייטער פאַרוואָלינקע באוועגט, שמועסנדיק וועגן די פאסירונגען, וואָס ס'האָט מיט זיי פאסירט, זינט זיי האָבן זיך צושיידט. העַנדאָן האָט דערציילט וועגן זיינע וואנדערונגען, ווי אַזוי ער האָט ארומגעזוכט דעם קיניג און באשריבן, ווי אַזוי דער „שר של מלאָכים" האָט אים געמאכט צום נאַר און ארומגעפירט אים איבערן וואלד, ווי אַזוי, זעענדיק, אַז ער קען פון אים ניט פטור ווערן, האָט ער אים צוריק געבראַכט צום שטיבל. דערנאָך — האָט הענדאָן דערציילט, — איז דער אַלטער אריין אין שטיבל און איז אַרויס צוריק אַ צובראָכענער און געזאָגט, אַז ער האָט געהאָפט צו געפינען דאָרט דאָס יינגל, אָבער לײדער איז ער ניט צוריקגעקומען. הענדאָן האָט געוואַרט אַ גאַנצן טאָג און, פארלירנדיק די האָפענונג אויף דעם קיניגס צוריקקומען, האָט ער זיך ווייטער אַוועקגעלאָזט זוכן אים.

— און דער אַלטער קדשי קדשים האָט באמת צער געהאַט וואָס אײַער הויכלויט איז ניט צוריקגעקומען — האָט הענדאָן געזאָגט, — כ'האָב עס באַמערקט נאָך זיין פּנים.

— אָ, דאָס איז ביי מיר קיין שום ספק ניט! האָט דער קיניג געזאָגט, און דערציילט זיין גאַנצע געשיכטע, נאָך וועלכער הענדאָנען האָט שוין פאַרדראָסן, למאי ער האָט פון דעם „מלאָך" קיין סוף ניט געמאַכט.

דעם לעצטן טאָג פון דער נסיעה האָט זיך הענדאָנס שטימונג גוואלטיק געהויבן. זיין צונג האָט קיין איין מינוט ניט גערוט. ער האָט גערעדט וועגן זיין פאָטער, וועגן זיין ברודער אַרטור, און דערציילט אַ סך מעשיות, וואָס האָבן געדאַרפט באַווייזן זייער פיינקייט און גוטסקייט. ער האָט מיט אַ ליבע-פייער גערעדט וועגן זיין עדיט און איז געווען אַזוי גליקלאַך, אַז ער האָט געפונען צולאכע גוטע ווערטער אפילו פאַר זיין ברודער גיו. ער האָט אַ סך גערעדט וועגן דער קומענדיקער באַגעגעניש אין הענדאָן-שלאָס, וואָס פאַר אַן איבעררעשונג זיין אָנ-

קומען וועט פאַר יעדערן זיין, און ווי יעדערער וועט זיך דאָס פרייען אַביסל און דאַנקען גאָט.

זיי זיינען געפאָרן איבער אַ שיינע גאַנגס, דאָ און דאָרט באַשפּרינקלט מיט הייזלאַך און סעדער. דער וועג האָט זיך געצויגן צווישן ברייטע באַרג-און-טאָליקע פּאַשע-פעלדער, וואָס האָבן דערמאָנט אָן די צאַפּלדיקע ים-כוואַליעס. פון גאָכמיטאָג אָן האָט דער צוריקקומענדיקער „בן סורר" אַלע ווײַלע אָפּגעקערט פון וועג און געפּרובירט זיך, צו קען מען ניט פון וואַסער עס איז בערגל כאַפּן אַ קוק אויף זיין היים. צום סוף האָט עס זיך אים איינגעגעבן, און ער האָט צוקאָכט אויסגעשריען: — אָן איז דער דאָרף, מיין פּרינץ, און אָט איז האַרט ביי אים דער שלאָס! איר קענט פון דאַנען זען די טורימס. און אָט יענער וואַלד — דאָס איז מיין פּאָטערס פּאַרק. אָ, איצט וועסטו וויסן וואָס הייסט גדלות און עשירות! אַ הויז מיט זיבעציק חדרים — באַרעכן נאָר! און זיבן-און-צוואַנציק דינער! ניט קיין שלעכטע דירה פאַר אַזעלכע ווי איך און דו, האַ? נו, לאָמיר זיך צואיילן, איך קען שוין ניט אויסהאַלטן פון אומגעדולד.

זיי זיינען געפאָרן אַזוי גיך ווי נאָר מעגלאַך, דאָך איז שוין געווען נאָך דריי דער זייגער, ווען זיי זיינען אָנגעקומען אין דאָרף. די רייזנדער זיינען אים האַסטיק דורכגעפלויגן, און הענדאָנס צונג האָט ניט אויפגעהערט צו מאָלן:

— אָט איז דער קלויסטער — באַוואָקסן מיט דיזעלביקע ווילדע וויינטרויבן וואָס פריער. קיין איין צווייגעלע ניט מער און ניט ווייניקער... אָן איז-די קרעטשמע, דער אַלטער „רויטער לייב", און אָן איז דער מאַרק... אָט איז דער מאַי-סלופּ און אָט איז די פּאָמפּע. — קיין זאַך האָט זיך ניט געענדערט, — קיין זאַך ניט, — אַחוץ די מענטשן, אפשר. אַ מענטש ענדערט זיך אין צען יאָר. איך דערקען אייניקע, אָבער מיך דערקענט קיינער ניט.

אַזוי פּלאַפּלענדיק זיינען זיי געקומען ביזן סוף דאָרף. דאָ האָבן זיי פּאַרקערעוועט אויף אַ געדרייטע שמאָלע וועגל, וואָס האָט זיך געצויגן צווישן צוויי הויכע צוימען, אויף אַן ערך אַ האַלבן

מייל, דערנאָך זיינען זיי דורך אַ גרויסן טויער מיט שטיינערנע זיילן און הערבן, אַריינגעפאָרן אין אַ גרויסן בלומען־גאָרטן און האָבן דערזען פאַר זיך אַ פּראַכטיקע געביידע.

— באַגריסט זאָל זיין דיין אָנקומען אין ה ע נ ד אָ ן־ש ל אָ ס, מיין קיניג! — האָט מיילס אויסגעשריען,—אָ, דאָס איז אַ גרויסער טאָג! מיין פאָטער, און מיין ברודער און ליידי ע ד י ט וועלן משוגע ווערן פון שמחה און וועלן די ערשטע פּאָר מינוט האָבן אויגן און צינגער נאָר פאַר מיר, און דיר וועט זיך אויסדוכטן, אַז מען האָט דיך קאַלט אויפגענומען,—אָבער דאָס איז גאָרנישט! עס וועט באַלד אַנדערש ווערן. איך וועל זיי נאָר זאָגן, אַז דו ביסט אונטער מיין שוץ און ווי ליב איך האָב דיך, וועלן זיי דיך, צוליב מ י י ל ס ה ע נ ד אָ ן צודריקן צו זייער ברוסט און מאַכן זייער הויז און זייערע הערצער פאַר דיין היים פון היינט אָן אויף אייביק!

אין אַ מינוט אַרום איז ה ע נ ד אָ ן אַראָפּגעשפּרונגען פאַר דער גרויסער טיר, געהאָלפן דעם קיניג אַרונטערגיין פון אייזל, אַ כאַפּ געטאָן אים פאַרן האַנט און אַריינגעלאָפן אינעווייניק. עט־לאַכע טריט האָבן אים געבראַכט אין אַ גרויסן צימער. ער האָט אַוועקגעזעצט דעם קיניג מיט מער אַיילעניש, ווי מיט כבוד, איז צוגעלאָפן צו אַ יונגן מאַן, וואָס איז געזעסן ביי אַ שרייב־טיש און אויסגעשריען:

— נעם מיך אַרום, ג י ו, און זאָג, אַז דיך פרייט מיין צוריקקומען! רוף אָהער אונזער פאָטער, וואָרים די היים איז פאַר מיר קיין ־היים ניט, ביז איך וועל ניט באַרירן זיין האַנט, און וועל ניט זען זיין פּנים און ניט הערן, נאָך אַמאָל, זיין שטים!

אָבער ג י ו האָט זיך צוריקגעצויגן, אַרויסווייזנדיק איין מאָל, מענטש איבערראַשונג, — האָט ער נאָכהער אָנגעשטעלט אויף דעם אומגעבעטענעם גאַסט אַ שטרענגן בליק. דער בליק האָט אָנפאַנגס אויסגעדריקט באַליידיקטן שטאָלץ, נאָר דערנאָך האָט ער קענטיק אונטער דער ווירקונג פון אַ געוויסן באַשלוס, אָנגענומען אַן אויס־דרוק פון פאַרוואונדערטע נייגעריקייט און אמתן אָדער געמאַכטן רחמנות, און ער האָט מיט אַ ווייכער שטים געזאָגט:

— דו ביסט, קענטיק געווירט פון זינען, אָרימער אומבאַ־
קאַנטער. דו האָסט זיך, נעבאַך, געוויס אָנגעליטן הונגער און
עולות אין דיין לעבן. דיין פנים און דיינע קליידער זאָגן עדות
אויף דעם. פאַר וועמען נעמסטו מיך אָן?

— נעם דיך אָן? פאַר וועמען, איך בעט דיך, זאָל איך
דיך אָננעמען, אויב ניט פאַר דעם, ווער דו ביסט? איך נעם דיך
אָן פאַר גיו הענדאָן — האָט מיילס שאַרף געזאָגט:

— און ווער, שטעלסטו זיך פאָר, ביסטו אַליין? — האָט יע־
נער מיט דערזעלביקער ווייכקייט ווייטער געפרעגט.

— פאַרשטעלונגען האָבן דערמיט ניט צו טאָן! דו מאַכסט
זיך, אַז דו דערקענסט ניט דיין ברודער מיילס הענדאָן?

אַן אויסדרוק פון צופרידענער איבערראַשונג האָט דורכגע־
שוועבט איבער גיוס פנים און ער האָט געזאָגט:

— וואָס? דו טרייבסט קיין שפּאַס ניט? קענען טויטע לע־
בעדיק ווערן? אַ דאַנק גאָט, אויב אַזוי! אונזער אָרימער פאַרלאָ־
רענער יינגל קומט נאָך אַזויפיל שרעקלאַכע יאָרן צוריק צו אונז!
אָ, עס זעט אויס צו זיין צו גוט, דאָס זאָל זיין אמת, עס איז
צו גוט! איך בעט דיך, האָב רחמנות, טרייב מיט מיר קיין
שפּאַס ניט! גיך קום צו דער שיין און לאָז מיר גוט באַ־
טראַכטן דיך!

ער האָט אַ כאַפּ געטאָן מיילסן פאַרן האַנט, צוגעשלעפּט
צום פענסטער און גענומען פאָרשן אים מיט די אויגן, געדרייט
אים אַהין און אַהער, אַרומגעלאָפן אַרום אים און באַטראַכט אים
פון אַלע זייטן, אין דער צייט וואָס דער צוריקגעקומענער האָט
געבלאַנקט פון צופרידנקייט, געשמייכלט, געלאַכט און שאָקלענ־
דיק מיטן קאָפּ, געזאָגט:

— נאָך, נאָך, ברודער, האָב קיין מורא ניט. יעדער מינע
וועט אויסהאַלטן די פּראָבע. אונטערזוך און פאָרש מיך אויס וויפל
דיין האַרץ געלוסט, מיין גוטער גיו איך בין דיין מיילס, —
דערזעלביקער פאַרלאָרענער ברודער דיינער מיילס, ניט אַזוי?
אָ, ס׳איז אַ גרויסער טאָג, איך זאָג דיר — אַ גרויסער טאָג! גיב־

זשע מיר דיין האַנט, גיב מיר דיין באַק — אָ, גאָט, איך וועל, דוכט זיך, שטאַרבן פון פרייד!

ער האָט זיך שוין געוואָלט וואַרפן דעם ברודער אויפן האַלז, אָבער ג י ו האָט אים באַזייטיקט מיטן האַנט און, אַראָפּ-לאָזנדיק דעם קאָפּ טרויעריק אויפן ברוסט געריררט געזאָגט:

— אַך, זאָל מיר דער באַרמהאַרציקער גאָט געבן כוחות איבערצוטראָגן דיזאָזיקע שרעקלאַכע אַנטוישונג!

מ י י ל ס איז אַזוי צעמישט געוואָרן, אַז ער האָט אַ וואָרט ניט געקענט אויסריידן. נאָכהער איז ער צו זיך געקומען און אויס-געשריען:

— וואָ ס ע ר אַנטוישונג? בין איך דען ניט דיין ברודער?

— איך בעט גאָט עס זאָל טאַקע זיין אַזוי ווי דו זאָגסט, און אַז אַנדערע אויגן זאָלן געפינען די ענלאַכקייט, וואָס איז פאַרבאָרגן פון מיינע אויגן. אַך, איך האָב מורא, אַז אין בריוו איז געווען דער אמת!

— וואָסער בריוו?

— דער בריוו, וואָס איז געקומען פון יענעם זייט ים מיט זעקס-זיבן יאָר צוריק. אין אים איז געשטאַנען, אַז מיין ברודער איז געהרגעט געוואָרן אין אַ שלאַכט.

— ס'איז געווען אַ ליגן! רוף אַריין דיין פאָטער — ער וועט מיך יאָ דערקענען.

— קיין מתים קען מען ניט אַריינרופן.

— מתים? מיין פאָטער איז געשטאָרבן! — האָט מ י י ל ס מיט אַ ציטעריק קול אויסגעשריען. אָ, וואָס פאַר אַ טרויעריקע ידיעה! מיין פרייד איז האַלב פאַרשטערט. איך בעט דיך, לאָז מיר כאָטש אָנקוקן מיין ברודער אַ ר ט ו ר. ער וועט מיך דערקענען, — דער-קענען און טרייסטן.

— ער איז אויך געשטאָרבן.

— אָ, גאָט, דערבאַרים זיך איבער מיר, דעם געשטראָפטן! געשטאָרבן,ביידע געשטאָרבן — די ווירדיקע ווערן אוועקגענומען און די אומווירדיקע, ווי איך, בלייבן דאָ! אַך, איך בעט דיך, האָב רחמנות, זאָג ניט, אַז די ליידי ע ד י ט...

— איז געשטאָרבן? ניין, זי לעבט.

— גאָט צו דאַנקען! איך בין ווידער גליקלאַך! אייל זיך ברודער און ברענג זי אהער! און אויב זי וועט זאָגן, אַז איך בין ניט איך — אָבער ניין, זי וועט עס ניט זאָגן, ניין, ניין זי וועט מיך שוין דערקענען, איך בין געווען אַ נאַר וואָס איך האָב גאָר געצווייפלט אין דעם. ברענג זי, ברענג, די אַלטע דינער, זיי וועלן מיך אויך דערקענען.

— אַלע צעשטאָרבן אַחוץ פינף: פעטער, העלסי, דייוויד, בערנאַרד און מאַרגאַריט.

אָפּגעזאָגט און איז אַרויס פון צימער. מיילס איז געשטאַנען אַ ווײַלע און געטראַכט. נאָכהער האָט ער גענומען שפּרייזן הין און צוריק מורמלענדיק:

— די פינף גרעסטע אויסוואורפן האָבן איבערגעלעבט צוויי-און-צוואַנציק ערלאַכע און געטרייע — אַ מאָדנע זאַך.

ער האָט אַלץ געשפּרייזט הין-און-צוריק און גערעדט צו זיך אַליין, אינגאַנצן פאַרגעסנדיק אָן דעם קיניג. דער קיניג האָט אויף אים געקוקט און צום סוף ערנסט און מיט אמתן רחמנות — כאָטש די ווערטער האָבן געקלונגען איראָניש — געזאָגט:

— נעם זיך ניט צום האַרצן, מיין טייערער: פאַראַן אויף דער וועלט נאָך מענטשן, וואָס ווערן ניט אָנערקענט און זייערע רעכט ווערן אָפּגעלייקנט. דו האָסט אַ חבר צו דיין אומגליק.

— אָ, מיין קיניג — האָט הענדאָן אויסגעשריען, רויט ווערנדיק אַ ביסל, — פאַראורטייל מיר ניט. וואַרט און דו וועסט זען. איך בין ניט קיין באַטריגער — זי וועט עס באַשטעטיקן. דו וועסט עס הערן פון די פּראַכטיקסטע ליפּן אין ענגלאַנד. איך — אַ באַטריגער? וואָס רעדסטו? איך האָב געקענט דעמדאָזיקן אַלטן שלאָס, אָט די אַלע בילדער פון מיינע אור-עלטערן, אָט די אַלע זאַכן, וואָס זיינען אַרום אונז, ווי אַ קינד קען זיין קינדער-צימער. דאָ בין איך געבאָרן געוואָרן און דאָ בין איך אויסגעהאָדעוועט געוואָרן, מיין האַר. איך זאָג דיר דעם ריינעם אמת. איך וואָלט דיך ניט גענאַרט. און זאָל מיר קיינער ניט גלויבן, — בעט איך

דיך, ד ו ־ זאָלסט אין מיר ניט צווייפלען—דאָס וואָלט איך ניט אי־בערגעטראָגן.

— איך צווייפל ניט אין דיר—האָט דער קיניג מיט אַ קינ־דערשער איינפאַכקייט און צוטרוי געזאָגט.

— איך דאַנק דיר פון גאַנצן האַרצן! — האָט ה ע נ ד אָ ן אויסגערופן מיט אַ היץ, וואָס האָט באַוויזן ווי גערירט ער איז.

דער קיניג האָט מיט דערזעלביקער איינפאַכקייט ווייטער געזאָגט:

— האָסטו אין מ י ר געצווייפלט?

ה ע נ ד אָ ן האָט זיך דערפילט ווי שולדיק, און ער איז גע־ווען צופרידן, וואָס ג י ו איז אַריין און פאַרשפּאָרט אים צו ענטפערן.

אַ פּראַכטיקע, רייך־געקליידטע דאַמע איז אַריין נאָך אים און הינטער איר זיינען געקומען עטלאַכע דינער אין ליווריי.ען. די דאַמע איז געגאַנגען מיט לאַנגזאַמע טריט, דעם קאָפּ אַראָפּ־געלאָזן און מיט די אויגן צו דער ערד. איר פּנים איז געווען אויסערגעוויינלאַך טרויעריק.

מ י י ל ס ה ע נ ד אָ ן האָט אַ שפּרונג געטאָן פאָראויס און אויסגעשריען:

— אָ, מיין ע ד י ט, מיין טייערע!...

אָבער ג י ו האָט אים אָפּגעשטופּט אָן אַ זייט און געזאָגט דער דאַמע:

— גיב נאָר אַ קוק אויף אים, דו קענסט אים?

דערהערנדיק מ י י ל ס ע ס שטים האָט די דאַמע אַ ציטער געטאָן און אירע באַקן זיינען רויט געוואָרן. זי האָט אינגאַנצן געציטערט.

זי איז איינינקע מינוטן געשטאַנען שטיל, נאָכהער האָט זי לאַנגזאַם אויפגעהויבן דעם קאָפּ און מיט אַ פאַרשטיינערטן, דער־שראָקענעם בליק, אַ קוק געטאָן ה ע נ ד אָ נ ע ן אין די אויגן. די בלוט איז, טראָפּן נאָך טראָפּן, פאַרשוואונדן פון איר פּנים און אין אים איז בלויז פאַרבליבן אַ גרויע טויטע בלאַסקייט. דאַן האָט זי, מיט אַ קול, וואָס איז געווען אַזוי טויט ווי איר פּנים, געזאָגט

— איך קען אים ניט!—און אומקערנדיק זיך האָט זי מיט אַ קרעכץ און אַ פאַרשטיקטן קול פאַרלאָזן דאָס צימער.

מיילס הענדאָן האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אויף אַ שטול און פאַרדעקט דעם פּנים מיט די הענט. אין אַ ווײַלע אַרום האָט זיין ברודער זיך געווענדט צו די דינער:

— איר האָט אים באַטראַכט. קענט איר אים?

זיי האָבן געשאָקלט מיט די קעפּ אויף ניין.

דאַן האָט ער ווידער געזאָגט:

— די דינער קענען אייך ניט, סער, איך האָב מורא, אַז דאָ איז עפּעס אַ טעות, איר האָט דאָך געזען, אַז מיין ווייב קען אייך אויך ניט.

— דיין ווייב?—און אין אַ מאָמענט איז גיו געווען צו־געדריקט צום וואַנט און מיילס האָט אים, ווי מיט אייזערנע צוואַנגען געהאַלטן ביים האַלז,— אָ, דו פוקס־האַרציקער קנעכט, איצט פאַרשטיי איך שוין אַלץ! דאָס האָסטו אַליין געשריבן דעם פאַלשן בריוו, און דער שכר דערפאַר איז מיין געגנבעטע גוטס און מיין כּלה. נו, די מינוט אַרויס פונדאַנען, אַז ניט וועל איך נאָך באַליידיקן מיין ערע פון אַ זעלנער דורך דעם מאָרד פון אַזאַ מיאוסע בריאה, ווי דו ביסט!

גיו, מיט אַ בלוט־פאַרלאָפענעם פּנים און כמעט אַ דערוואָר־גענער איז אַ פאַל געטאָן אין דעם נאָנסטן שטול און באַפוילן די דינער זיי זאָלן כאַפּן און בינדן דעם מערדערישן אומבאַקאַנטן, אָבער די דינער האָבן געקווײנקלט און איינער פון זיי האָט זיך אָפּגערופן:

— ער איז באַוואָפנט, סער גיו, און מיר זיינען מיט ליי־דיקע הענט.

— באַוואָפנט! איז וואָס איז? איר אַלע אויף אים איינעם? נעמט אים, זאָג איך!

אָבער מיילס האָט זיי געוואָרנט, זיי זאָלן זיין פאָרזיכטיק.

— איר קענט מיך פון אַמאָל—האָט ער געזאָגט,—איך האָב זיך ניט געענדערט, קומט אַהער, אויב איר ווילט.

זיין אָנצוהערעניש האָט די דינער ניט צוגעגעבן קיין מוט און זיי זיינען פארבליבן אויף זייערע ערטער.

— סו גייט כאָטש, איר געמיינע פייגלינגס, באַוואָפנט זיך און היט אים ער זאָל ניט אַנטלויפן ביז איך וועל ברענגען די וואך—האָט ג׳יו געזאָגט.

און אומקערנדיק זיך פון שוועל האָט ער צוגעגעבן:

— ס׳וועט זיין גלייכער פאַר אייך, אַז איר וועט זיך ניט פרובירן אומזיסט צו אַנטלויפן.

— אַנטלויפן? אויב דו האָסט קיין אַנדער זאָרג ניט, קענסטו זיין רואיק. מיילס הענדאָן איז באַלעבאָס פון הענדאָן־שלאָס און פון אַלץ, וואָס אין אים געפינט זיך. ער וועט דאָ פאַרבלייבן— קענסט אין דעם זיכער זיין.

---

# זעקס־און־צוואַנציקסטער קאַפּיטל.

## דער אָפּגעלייקנטער.

דער קיניג איז געזעסן אַ ווײַלע פאַרטראַכט, נאָכהער האָט ער אויפגעהויבן דעם קאָפּ און געזאָגט: — מאָדנע, זייער מאָדנע, איך קען דאָס גאָרניט פאַרשטיין.

— ס׳איז גאָרניט מאָדנע, מײַן קיניג. איך קען אים, און זײַן גאַנצע האַנדלונג איז פונקט נאָך זײַן כאַראַקטער. ער איז געווען אַן אויסוואורף פון געבאָרן טאָג אָן.

— אָ, איך רייד ניט וועגן אים, סער מיילס.

— ניט וועגן אים? פון וועמען־זשע? וואָס־זשע דען איז מאָדנע?

— וואָס מען כאַפּט זיך ניט, אַז דער קיניג איז פאַרשוואונדן?

— וואָס? ווי אַזוי? וועלכער? איך פאַרשטיי ניט.

— טאַקע? קומט עס בײַ דיר ניט אויס מאָדנע, וואָס די גאַנצע לאַנד — איז ניט פאַרפּלייצט מיט שלוחים, וואָס זאָלן מיך ארומזוכן און מיט אויפרופן, וואָס זאָלן באַשרייבן מײַן פּערזאָן? איז די פאַרשווינדונג פון דעם עלטעסטן אין דער מלוכה ניט גענוג אויפצורודערן די גאַנצע לאַנד? איז מײַן פאַרשווינדונג אַזאַ קלייניקייט, אַז קיינער זאָל עס גאָרניט באַמערקן? —

— אמת, מײַן קיניג, כ׳האָב גאָר פאַרגעסן — האָט הענדאָן געזאָגט, און, אָפּזיפצנדיק אַ קלער געטאָן: „אָ אָרימער משוגענער! ער איז נאָך אַלץ פאַרנומען מיט זײַן רירנדן טרוים״.

— אָבער איך האָב אַ פּלאַן, וואָס וועט אונז ביידן אויפריכטן — האָט דער קיניג ווײַטער געזאָגט — איך וועל אָנשרײַבן

א פּאַפּיר אין דריי לשונות — לאַטײַן, גריכיש און ענגליש — און דו וועסט עס מאָרגן פרי אײַלנדיק אָפּפירן קיין לאָנדאָן. גיב עס קײנעם ניט איבער, אַחוץ אין די אײגענע הענט פון מײַן פעטער, דעם לאָרד הערטפּאָרד. ווען ער וועט עס זען, וועט ער וויסן, אַז איך האָב עס געשריבן, און ער וועט גלײַך שיקן נאָך מיר.

— וואָלט ניט געווען גלײַכער, מײַן פּרינץ, מיר זאָלן בעסער וואַרטן דאָ ביז איך וועל פעסטשטעלן מײַנע רעכט? איך וואָלט דאַמאָלסט אַ סך בעסער געקענט...

דער קיניג האָט אים באַפעליק איבערגעריסן:

— געננוג! וואָס פאַר אַ ווערדע האָבן דײַנע אומבאַדײַטנדע געשעפטן, אין פאַרגלײַך מיט דאָס וואוילזײַן פון אַ גאַנץ פאָלק און שטאַנדהאַפטיקײַט פון אַ טראָן!?

און ווי אים וואָלט באַנג געטאָן זײַן שטרענגקײַט, האָט ער ווייך צוגעגעבן:

— געהאָרך מיך און האָב קיין פורכט. איך וועל דיך אויפֿריכטן. איך וועל דיר אומקערן אַלץ, וואָס געהערט צו דיר און נאָך מער. איך וועל געדיינקען דײַן געטרײַקײַט און וועל דיך באַלוינען.

רײדנדיק אַזוי, האָט ער גענומען די פּען און געזעצט זיך שרײַבן. הענדאָן האָט אים באַטראַכט מיט ליבע און געקלערט: „ווען ס'וואָלט געווען פינסטער, וואָלט איך געמיינט, אַז עס רעדט מיט מיר באמת אַ קיניג. ווען עס כאַפּט אים אָן, בליצט ער און דונערט ווי אַן אמתער קיניג. אָבער וואו האָט ער זיך דאָס אויסגעלערנט דעם קונץ? קוקט נאָר אָן ווי ער שמירט עס אַביסל זײַנע דרײדלעך, פאַרשטעלנדיק זיך, אַז דאָס זײַנען גריכישע און לאַטײַנישע ווערטער! סײדן איך וועל עפּעס אויסקלערן אַ גוטן תּירוץ אָפּצונאַרן אים, אַז ניט וועל איך מוזן פאָרן מאָרגן קיין לאָנדאָן אין דער ווילדער שליחות, וואָס ער האָט אויסגעטראַכט פאַר מיר".

דערנאָך האָט זיך סער מיילס ווידער פאַרטראַכט וועגן זײַן אייגענעם צופאַל. ער איז אַזוי געווען פאַרטיפט אין זײַנע

געדאַנקען, אַז ווען דער קיניג האָט אים אײַנגיכן דערלאַנגט דעם אָנגעשריבענעם פּאַפּיר, האָט ער אַליין ניט באַמערקט, ווי ער האָט עס צוגענומען, און אַרײַנגעלייגט אין בוזים-קעשענע.

— ווי מאָדנע רעטועלהאַפּט זי האָט געהאַנדלט — האָט ער געערדט צו זיך אַליין, — איך רעכן, אַז זי האָט מיך יאָ דער־קענט. און איך רעכן, אַז זי האָט מיך ניט דערקענט. איך ווייס, אַז איינס איז סותר דאָס אַנדערע, אָבער איך קען ניט מאַכן, אַז איינס זאָל אַרויסשטויסן דאָס צווייטע, אָדער איבערוועגן איינס דאָס אַנדערע. די מעשה איז, אַ פּנים, אַזוי: זי האָט יאָ געמוזט דערקענען מײַן פּנים, מײַן פיגור, מײַן קול — וואָרום ווי קען דען אַנדערש זײַן? דאָך האָט זי געזאָגט, אַז זי קען מיך ניט, און דאָס איז דער ריינער אמת, וואָרום זי קען קיין ליגן ניט זאָגן. אָבער וואַרט נאָר! איך רעכן, אַז איך הויב אָן צו פאַרשטיין. אפשר האָט ער אויף איר געווירקט, באַפוילן איר, געצוואונגען איר צו זאָגן אַ ליגן? יאָ, אַזוי איז עס! די רעטעניש איז געלייזט. זי האָט אויסגעזען טויט פון שרעק. זי איז גע־ווען אונטער זײַן צוואַנג. איך וועל זי זוכן, איך וועל זי געפי־נען, און איצט, ווען ער איז דערבײַ ניטאָ, וועט זי זאָגן איר אייגענעם מיינונג, דעם אמת. זי וועט זיך דערמאָנען אָן די אַלטע צײַטן, ווען מיר האָבן צוזאַמען געשפּילט, דאָס וועט דערווייכן איר האַרץ, און זי וועט מיך מער ניט פאַרראַטן, זי וועט מיך אָנערקענען. זי האָט ניט קיין פאַררעטעריש בלוט אין זיך. זי האָט דאָך מיך אַמאָל ליב געהאַט — און דאָס איז מײַן באַוואָר־נונג, וואָרום וועמען מען האָט ליב, יענעם באַטריגט מען ניט.

ער האָט ענערגיש אַ שפּרײַז געטאָן צום טיר, אָבער אין דעם מאָמענט האָט זיך די טיר געעפנט, און עדיט איז אַרײַן. זי איז געווען זייער בלאַס, אָבער זי איז געגאַנגען מיט אַ פעסטן טראָט, און האָט זיך געהאַלטן גראַציעז און פול מיט מילדער זעלבסטווירדע. איר פּנים איז געווען טרויעריק, ווי פריער:

מײַלס האָט זיך צוטרוילאַך אַ וואָרף געטאָן איר אַנט־קעגן, אָבער זי האָט אים באַזייטיקט מיט אַ קוים באַמערקבאַרער האַנט-באַוועגונג. זי האָט זיך אַוועקגעזעצט און געבעטן אים זיצן.

אזוי איינפאַך האָט זי אים געגעבן צו פילן, אַז זיי זיינען ניט מער קיין אַלטע פריינט, און געמאַכט אים פאַר אַן אומבאַקאַנטן און אַ גאַסט. די איבעראַשונג און אומגעריכטקייט פון אַזאַ האַנדלונג, האָט אים אַזוי צומישט, אַז ער האָט איין מינוט אָנגעהויבן צו צווייפלען, צו איז ער טאַקע דערזעלביקער, פאַר וועלכן ער גיט זיך אַרויס.

— סער — האָט ליידי עדיט געזאָגט, — איך בין געקומען וואָרנען אייך. מען קען אפשר ניט צווינגען משוגעאים אָפּצוזאָגן זיך פון זייער משוגעת, אָבער מען קען פּיליכט איבעררעדן זיי, זיי זאָלן זיך פאַרהיטן פון געפאַר. איך רעכן, אַז איר האַלט אייער איינגערעדטע פאַנטאַזיע פאַרן ריינעם אמת און דעריבער איז עס ניט קיין פאַרברעכן, — אָבער טראָגט זיך מיט אים ניט אַרום דאָ, ווייל דאָ איז עס אַ סכנה.

זי האָט זיך אַ ווײַלע גוט איינגעקוקט אין מיילס פּנים און צוגעגעבן:

— די געפאַר איז נאָך דערמיט גרעסער, וואָס איר זייט באמת ענלאַך צו אונזער יינגל, ווען ער וואָלט דערלעבט צו אייערע יאָרן.

— גאָט אין הימל, מאַדאַם איך בין דאָך טאַקע ער!

איך גלויב באמת, אַז איר מיינט אַזוי, סער, — איך צווייפל ניט אין אייער ערליכקייט, אָבער איך וואָרן אייך — דאָס איז גאָר. מיין מאַן איז הערשער אין גאַנצן געגנט, זיין מאַכט האָט קיין גרעניץ ניט; מענטשן ווערן גליקלאַך אָדער הונגערן נאָך זיין ווילן. וואָלט איר ניט געווען ענלאַך צו דעם מענטשן, פאַר וועלכן איר גיט זיך אַרויס, וואָלט, אפשר, מיין מאַן אייך ערלויבט דאָס פאַרגעניגן אומצוטראָגן זיך מיט אייער פאַנטאַזיע, אָבער, איצט גלויבט מיר, איך קען אים גוט. איך ווייס וואָס ער וועט טאָן: ער וועט אַלעמען זאָגן, אַז איר זייט אַ משוגענער באַטריגער און אַלע וועלן אים נאָכזאָגן.

זי האָט זיך ווידער אָנגעבויגן צו הענדאָנען מיט דעמזעלביקן פאַרשיקן בליק און צוגעגעבן:

— אויב איר וואָלט טאַקע געווען מיילס הענדאָן

און ער וואָלט עס געוואוסט, און די גאַנצע געגנט וואָלט עס געוואוסט — באַטראַכט וואָס איך זאָג אייך און איבערלייגט זיך, — וואָלט איר אויך געווען אין דערוועלביקער סכּנה און אייער אונטערגאַנג וואָלט אַלץ געווען אומפאַרמיידלאַך. ער וואָלט אייך ניט אָנערקענט, ער וואָלט אייך אָפּגעלייקנט, ער וואָלט אייך פאַרראַטן, און קיינער וואָלט ניט געוואַגט אָנצונעמען זיך אייער קריוודע.

— איך גלויב פאָלשטענדיק — האָט מיילס פאַרביטערט געזאָגט, — די קראַפּס, וואָס קען צווינגען איין לעבנס־לענגלאַכן פריינד צו פאַרראַטן און אָפּלייקענען דעם צווייטן, — קען געוויס צווינגען געהאָרכזאַם צו זיין דאָרטן, וואו ברויט און לעבן איז אויפן וואָגשאָל, בּפרט, אַז קיין פאַרבאַנד פון געטרייקייט און פריינדשאַפט איז צווישן ניטאָ.

אַלייכטע פאַרב האָט באַגאָסן עדיטס פּנים און זי האָט אַראָפּגעלאָזן די אויגן צו דער ערד, אָבער איר שטים איז געווען רואיק, ווען זי האָט ווייטער געזאָגט:

— איך האָב אייך געוואָרנט און מוז אייך ווייטער וואָרענען, איר זאָלט אַנטלויפן פון דאַנען, אַז ניט וועט אייך דער מענטש פאַרניכטן. ער איז אַ טיראַן, וואָס ווייס ניט פון קיין רחמנות. איך, זיין געשמיטע שקלאַפין, ווייס עס גאַנץ גוט. דער אָרימער אַרטור און מיילס און מיין טייערער באַשיצער סער ריטשאַרד זיינען שוין אין זייער אייביקער רו און באַפרייט פון אים — הלוואי וואָלט איר אויך געווען מיט זיי, איידער פאַרבלייבן דאָ און אַריינפאַלן אין די צוואַנגען פון דעמדאָזיקן מערדער. אייערע פאָדערונגען זיינען אַ שטערונג צו זיין טיטל און פאַרמעגן; איר זייט אויף אים אָנגעפאַלן אין זיין אייגענער הויז — איר זייט פאַרלאָרן, אויב איר בלייבט דאָ לענגער. אַנטלויפט — ניט געקלערט, אויב אייך פעלט געלט, נעמט מיין בייטל, איך בעט אייך, קויפט אונטער די דינערשאַפט זיי זאָלן אייך דורכלאָזן. אָ, זייט געוואָרנט, אומגליקלאַכער, און אַנטלויפט, כּל־זמן עס איז ניט צו שפּעט.

מיילס האָט מיט אַ באַוועגונג אָפּגעווענדט דאָס בייטל און געשטעלט זיך פאַר איר.

— דערפילט מיין איינציקע בקשה — האָט ער געזאָגט, — קוקט מיר גלייך אין די אויגן און איך וועל זען, צי חעט איר אויסהאַלטן מיין בליק. אָט אזוי. איצט ענטפערט מיר: בין איך מיילס הענדאָן?

— ניין, איך קען אייך ניט.

— שווערט.

שטיל, אָבער דייטלאַך האָט זי געענטפערט:

— איך שווער.

— אָ, דאָס איז מער וויפל איך קען גלויבן!

— אַנטלויפט! פאַרלירט ניט די טייערע ציים! אַנטלויפט און ראַטעוועט זיך!

אין דעם מאָמענט איז אַריין פּאָליציי, און אַ ווילדע ראַנגלעניש האָט זיך אָנגעהויבן. אָבער זיי האָבן גיך באַזיגט הענדאָנען, און ער מיטן קיניג זיינען אָפּגעפירט געוואָרן אין תפיסה.

---

# זיבן־און־צוואַנציקסטער קאַפּיטל.

## אין געפענגעניש.

די קאַמערן זיינען אלע געווען איבערפולט, האָט מען די צוויי פריינד צוגעשמידט מיט אַ קייט אין אַ גרויסער קאַמער, וואו עס האָבן זיך אויפגעהאַלטן קליינע פאַרברעכערס. זיי זיינען אריינגעפאַלן אין אַן עקלהאַפטער און כומלדיקער קאַמפּאַניע פון יאָסערע צוואַנציק מענער און פרויען. אלע אין האנט־און כיס־קייטן.

דער קיניג האָט זיך ביטער באַקלאָגט אויף דער גוואַלדי־קער ערנידערונג, וואָס איז באַגאַנגען געוואָרן קעגן זיין קיניגלאַ־כער פערזאָן, אָבער הענדאָן איז געווען פינסטער און שוויגנ־דיק. ער איז גאָר צעטומלט געווען.

ער איז צוריק געקומען אַהיים, ערוואַרטנדיק, אַז יעדערער וועט אים באַגעגענען מיט אָפענע אָרימס און מיט שמחה, אָבער אַנשטאָט דעם, האָט ער באַגעגנט אַ קאַלטן אויפנאַם און אַ געפענ־געניש. די ערוואַרטונג און די ווירקלאַכקייט זיינען געווען אַזוי פאַרשיידן, אַז ער איז ווי פאַרשטיינערט געוואָרן. ער האָט ניט געקענט באַשליסן, וואָס איז דאָ מער: טראַגישעס אָדער קאָמישעס. ער האָט זיך געפילט ווי אַ מענטש, וואָס איז אַרויסגעשפרונגען אָנצוקוקן אַ רעגנבויגן און איז געטראָפן געוואָרן פון אַ דונער.

אָבער ביסלאַכווייז זיינען זיינע צעמישטע געדאַנקען געקו־מען אין אָרדענונג און האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף עדיטן.

ער האָט באַטראַכט און ארומגעקלערט איר אויפפירונג פון אלע זייטן, אָבער ער האָט ניט געקענט אויסגעפינען, צי האָט זי

אים דערקענט אָדער ניט. דאָס איז געווען אַ שווערע רעטעניש, אָבער געענדיקט האָט ער דערמיט, וואָס ער האָט באַשלאָסן, אַז זי האָט אים יאָ דערקענט, נאָר זי האָט זיך פון אים אָפּגעזאָגט צוליב עגאָאיסטישע טעמים. ער האָט געוואָלט פאַרשילטן איר נאָמען, אָבער דערדאָזיקער נאָמען איז אַזוי לאַנג געווען הייליק פאַר אים, אַז זיין צונג האָט זיך ניט באַוועגט צו לעסטערן אים.

פאַרוויקלט אין צעריסענע און פאַרשמאָלצענע טורמע־קאָלדרעס, האָבן דער קיניג און ה ע נ ד אָ ן פאַרבראַכט אַן אומרואיקע נאַכט. דער אונטערגעקויפטער וועכטער האָט פאַר אייניקע אַרעסטאַנטן געבראַכט בראָנפן. די אָנגעשיכּורטע חברה האָט דערנאָך אַ לאַנגע צייט געזונגען אומפאַרשעמטע לידער, געשלאָגן זיך, געשריען און געלאַכט. נאָך האַלבע נאַכט, איז איינער פון די אַרעסטאַנטן באַפאַלן אַן אַרעסטאַנטקע און ער וואָלט זי דערהרגעט צום טויט, שלאָגנדיק איר מיט זיינע קייטן איבערן קאָפּ, ווען דער וועכטער וואָלט באַצייטנס ניט אַריינגעפאַלן און ניט באַרואיקט אים מיט עטלאַכע גוטע קלעפּ איבערן קאָפּ. נאָכדעם איז געוואָרן רואיק און יעדערער, וועמען ס'האָבן ניט געקימערט דאָס קרעכצען און זיפצן פון די צווייי צעשלאָגענע, האָבן געהאַט די מעגלאַכקייט איינצושלאָפן.

אין פאַרלויף פון דער קומענדיקער וואָך זיינען די טעג און נעכט פאַרבייגעגאַנגען מיט דערזעלביקער איינאַרטיקייט וואָס דער ערשטער מעת־לעת. בייטאָג זיינען געקומען מענטשן, וואָס ה ע נ ד אָ ן האָט זיי, מער אָדער ווייניקער, געדענקט און, אָנקוקנדיק דעם „באַטריגער", געשימפּט און געזידלט אים. ביינאַכט האָבן זיך רעגלמעסיק איבערגעחזרט די שיכּורע סקאַנדאַלן צום סוף איז דאָך פאָרגעקומען עפּעס אַ נייס: דער וועכטער האָט אַריינגעפירט אַן אַלטן מאַן און געזאָגט:

— דער לומפּ איז דאָ אין קאַמער. וואַרף נאָר אַרום מיט דיינע אַלטע אויגן און זע, צי קענסטו אים ניט דערקענען.

דאָס ערשטע פאַר דער גאַנצער צייט פון זיין געפאַנגענשאַפט האָט ה ע נ ד אָ ן דערפילט אַן אָנגענעם געפיל.

„דאָס איז דאָך ב ל ע ק א נ ד ר י ו ס — אַ דינער, וואָס האָט

זיין גאַנצן לעבן געדינט אין מיין פאָטערס פאַמיליע — אַ געטרייער ערלאַכער מאַן מיט אַן ערלאַך האַרץ אין זיין ברוסט — ווייניקסטנס, אַזוי איז ער פריער געווען. איצט זיינען אַלע פאַלש. אָט וועט איר זען, אַז ער וועט מיך דערקענען; אָבער ער וועט זיך מאַכן, אַז ער קען מיך ניט, ווי די איבריקע.

דער אַלטער מאַן האָט זיך אַרומגעקוקט, באַטראַכט יעדער פּנים באַזונדער, און צום סוף געזאָגט:

— איך זע דאָ קיינעם ניט, אחוץ קליינע גנבים און גאַסן-שלעפּער. וועלכער איז דאָ דער באַטריגער?

דער ווּעכטער האָט זיך צעלאַכט:

— באַטראַכט נאָר אָט די חיה און זאָג מיר דיין מיינונג.

דער אַלטער איז צוגעגאַנגען, באַטראַכט ה ע נ ד אָ נ ע ן פון קאָפּ ביז די פיס און געזאָגט:

— ניין, ד אָ ס איז נ י ט ה ע נ ד אָ ן — און איז קיינמאָל ניט געווען ה ע נ ד אָ ן.

— ריכטיק! — האָט דער ווּעכטער צוגעשטימט, — דיינע אַלטע אויגן זעען נאָך גענוג גוט. ווען איך וואָלט געווען סער ג י ו, וואָלט איך גענומען אָט דעם שמוציקן נפש און וואָלט...

און, אויפהויבנדיק זיך אויף די שפּיץ פינגער און, כלומרשט, פאַרציִענדיק אַ שטריק אַרום האַלז, האָט ער כאָרכ-לענדיק און כראָפּענדיק באַוויזן, ווי אַזוי ער וואָלט ה ע נ ד אָ נ ע ן אויפגעהאַנגען.

— זאָל ער דאַנקען גאָט, וואָס ער'ט ניט כאַפּן אַן ער-גערן פּסק — האָט דער אַלטער מיט רציחה געזאָגט, — ווען עס ווענדט זיך אָן מיר, וואָלט איך אים געלאָזט אָפּבראָטן לעבעדי-קערהייט, ווי דו זעסט מיך אַ מענטשן!

דער ווּעכטער האָט זיך צעלאַכט מיט אַ ווילדן געלעכטער און געזאָגט:

— נעם אים אַ ביסל לעבער, אַלטער. אַלע טוען עס. דאָס וועט דיך פאַרוויילן.

ווי נאָר דער ווּעכטער איז אַרויס, אַזוי האָט דער אַלטער אַ פאַל געטאָן אויף די קני און גענומען שעפּטשען:

— אדאנק דעם אויבערשטן, וואָס דו ביסט צוריקגע־קומען, מיין טייערער באַלעבאָס! איך האָב געגלויבט, אַז דו ביסט שוין זיבן יאָר טויט, און — אָ, אדאַנק גאָט, איך זע דיך לעבעדיק! איך האָב דיך דערקענט די ערשטע מינוט, און ווי־שווער ס'איז מיר געווען צו מאַכן אַ שטיינערנעם פּנים און זאָגן, אַז איך זע דאָ מער ניט ווי קליינע גנבימלאַך און גאַסן־יונגען! איך בין אַלט און אָרים, סער מיילס, אָבער זאָג נאָר אַ וואָרט און איך וועל גיין און אויפווייזן דעם אמת, מען זאָל מיך אַפילו דערווערגן דערפאַר.

— ניין — האָט הענדאָן געזאָגט, — דו וועסט ניט גיין. דאָס וואָלט נאָר דיך אומגעבראַכט, און אונז וואָלט דערפון קיין טובה ניט אַרויסגעקומען. אָבער איך דאַנק דיר סיי־ווי־סיי דערפאַר, וואָס דו האָסט מיר אומגעקערט מיין גלויבן אין מענטשן.

דער אַלטער דינער איז שטאַרק צו ניץ געקומען הענ־דאָנען און דעם קיניג. ער פלעגט זיך אַריינכאַפּן עטלאַכע מאָל אין טאָג צו שפּאָטן פון דעם „פאַרברעכער" און, שטילער־הייט, ברענגען יעדעס מאָל עפּעס אַ נאַשעריי צו פאַרבעסערן די טורמע־מאכלים. צו דערזעלביקער צייט פלעגט ער איבערגעבן אַלע נייעס. די נאַשערייען פלעגט הענדאָן איבערלאָזן פאַרן קיניג, ווייל זיין מאַיעסטעט, וואָס האָט ניט געקאָנט פאַרטראָגן די פוילע און שלעכטע שפּייזן פון טורמע, וואָלט אונטערגע־גאַנגען אָן די אַריינגעבראַכטע גוטע זאַכן.

אַנדריוס פלעגט זיך אויפהאַלטן אַ קורצע ווייַלע, כּדי ניט אַרויסצורופן קיין חשד, אָבער אים איז געלונגען יעדעס מאָל איבערצוגעבן געניג ידיעות. די ידיעות פלעגט ער איבער־געבן אין דער שטיל, און אויפן קול פלעגט ער זידלען הענ־דאָנען מיט די לעצטע ווערטער, צום גרויס פאַרגעניגן פון די צוהערער.

ביסלאַכווייז האָט הענדאָן פון אים דערוואוסט אַלץ, וואָס ס'האָט פּאַסירט אין זיין פאַמיליע. אַרטור איז געשטאָרבן מיט זעקס יאָר צוריק. זיין טויט און דאָס וואָס פון מיילסן

איז קיין שום ידיעה ניט געווען, האָבן אונטערגעבראָכן דעם פּאַטערס געזונט. ער האָט געפילט, אַז ער וועט אין קורצן שטאַרבן און זיין וואונטש איז געווען צו זען גיו און עדיט פאַרהייראַט איידער ער וועט אַוועקגיין פון דער וועלט. עדיט האָט זיך שטאַרק געבעטן, מען זאָל אָפּלייגן די חתונה, אָלץ האָפנדיק, אַז מיילס וועט זיך אומקערן. דאַן איז אָנגעקומען דער בריוו מיט דער ידיעה וועגן זיין טויט. דאָס האָט אינגאַנצן אַוועקגעלייגט דעם אַלטן סער ריטשאַרד. ער האָט געגלויבט, אַז זיינע טעג זיינען געציילט, און ער און גיו האָבן דורכאויס געפאָדערט עס זאָל זיין חתונה. עדיט האָט זיך קוים איינגעבעטן, מען זאָל עס אָפּלייגן אויף אַ חודש צייט, דערנאָך האָט זי אויסגעבעטן אַ צווייטן חודש און אַ דריטן. די חופה איז פאָרגעקומען ביי סער ריטשאַרדס טויטן-בעט. דער שידוך איז ניט געווען קיין גליקלאַכער. מען האָט געשמועסט אומעטום, אַז איינגיכן נאָך דער חתונה האָט עדיט געפונען צווישן איר מאַנס פּאַפּירן עטלאַכע ניט געענדיקטע עקזעמפּלאַרן פון „מיילס" בריוו און האָט אים באַשולדיקט אין אַ געמיינער פעלשונג, וואָס האָט דערגעענטערט די חתונה און סער ריטשאַרדס טויט. מען דערציילט, אַז ער באַגייט זיך זייער שלעכט מיט זיין ווייב און מיט דער דינערשאַפט. איבערהויפּט, זינט דער פאָטער איז געשטאָרבן, געפינט ער ניט פאַר נייטיק צו פאַרשטעלן זיך און באַהאַנדלט אָן רחמנות יעדערן, וואָס קומט מיט אים אין באַרירונג אָדער וואָס איז אָפּהענגיק פון אים.

איין טייל פון אַנדריוס פּלוידעריי האָט דער קיניג צוגעהערט מיטן גרעסטן אינטערעס.

— מען זאָגט, אַז דער קיניג איז משוגע—האָט דער אַלטער איינגערוימט,—אָבער נאָט זאָל אייך היטן צו זאָגן, אַז איר האָט עס געהערט פון מיר, וואָרים זיי זאָגן, אַז עס קומט דערפאַר טויט-שטראָף.

זיין מאַיעסטעט האָט אַ בליק געטאָן אויף דעם אַלטן מיט די אויגן און געזאָגט:

— דער קיניג איז ניט משוגע, מיין גוטער אַלטער, און

ס'וועט זיין גלייכער פאַר דיר, דו זאָלסט זיך פאַרנעמען מיט איי־גענע געשעפטן, איידער מיט אַזעלכע נאַרישע פּלוידעריי.

— וואָס מיינט דער יינגל? — האָט דער אַלטער געפרעגט, ניט ערוואַרטנדיק פון דערדאָזיקער זייט קיין אָנפאַל. אָבער הענ־דאָן האָט אים אַ וואונק געטאָן און ער האָט ווייטער דערציילט:

— דער פאַרשטאָרבענער קיניג וועט ווערן געבראַכט צו קבורה אין אַ טאָג אָדער אין צוויי טעג אַרום — דעם זעכצנטן פון היינטיקן חודש, און דער נייער קיניג וועט געקרוינט ווערן אין וועסטמינסטער דעם צוואַנציקסטן.

— איך רעכן, אַז זיי דאַרפן אים פריער אויסגעפינען — האָט זיין מאַיעסטעט אַ מורמל געטאָן, און האָט צוטרויליך צוגע־געבן: נאָר מ׳ין הסתם וועלן זיי שוין דערפאַר זאָרגן — און איך אויך.

— אין נאָמען פון...

אָבער הענדאָן האָט אים ווידער אַ וואונק געטאָן און ער איז שטיל געבליבן. דערנאָך האָט ער זיך ווייטער אומגעקערט צו זיין שמועס:

— סער גיו פאָרט צו דער קרוינונג, און מיט גרויסע האָפענונגען. ער האָפט צו קומען צוריק אַפער, ווייל ער איז אין גרויס פריינדשאַפט מיט דעם לאָרד־רעגענט.

— וואָסער לאָרד־רעגענט? — האָט זיין מאַיעסטעט גע־פרעגט.

— זיין גנאָד דער הערצאָג פון סאָמערעסט.

— וואָסער הערצאָג פון סאָמערעסט?

— אַך, גאָט מיינער, ס'איז מער ניטאָ ווי איין הערצאָג פון סאָמערעסט — סיימאָר, גראַף הערטפאָרד.

— זינט ווען איז ער געוואָרן אַ הערצאָג און אַ לאָרד־רע־געגט? — האָט דער קיניג שאַרף געפרעגט.

— זינט דעם לעצטן טאָג פון יאַנואַר.

— און ווער, איך בעט דיך, האָט אים געמאַכט פאַר אַזאַ איינעם?

— ער אליין און דער הויף־ראט מיט דער הילף פון קיניג.
זיין מאַיעסטעט האָט אויפגעציטערט.

— דער קיניג! — האָט ער אויסגעשריען. — וואָס ער קיניג?

— וואָסער קיניג, אין דער אמתן! (באַרמהאַרציקער גאָט, וואָס פּעלד דעם ייִנגל). אַזוי ווי מיר האָבן נים מער ווי איין קיניג, איז ניט שווער צו ענטפערן: זיין העכסט הייליקע מאַיעס־טעט קיניג עדוואַרד דער זעקסטער — גאָט באַשיץ אים! יאָ, יאָ, און ער איז אַ וואויל קינד אויך. און צי איז ער משוגע אָדער נים — זיי זאָגן, אַז ער ווערט מיט יעדן טאָג בעסער — אָבער יעדע־רער לויבט אים. יעדערער בענטשט אים און אַלע בעטן גאָט, ער זאָל לאַנג קיניגן אין ענגלאַנד. וואָרים ער האָט אָנגעהויבן זיין קיניגטום מיט רחמנות, שענקענדיק דעם הערצאָג פון נאָרפאָלק דאָס לעבן, און איצט קלייבט ער זיך אָפּצושאַפן אַלע שווערע און שטרענגע געזעצן, וואָס דריקן דאָס אָרימע פאָלק.

די נייס האָט געטראָפן דעם קיניג ווי אַ דונער. ער האָט זיך אַזוי פאַרטיפט אין זיינע טרויעריקע געדאַנקען, אַז ער האָט מער־נים געהערט דעם אַלטנס פּלוידעריי. ער האָט זיך געבראָכן דעם מוח, ווער קען עס זיין „דאָס וואויל קינד". צי איז עס ניט יענער בעטלערל, וואָס ער האָט איבערגעלאָזן אין פּאַלאַץ, איבערגעטאָן אין זיינע קליידער? אָבער דאָס קען ניט זיין: זיין שפּראַך און זיינע מאַנערן וואָלטן אים אַרויסגעגעבן. מען וואָלט אים גלייך דורכגעטריבן און גענומען זוכן דעם אמתן פּרינץ. קען עס זיין, אַז דער הויף האָט אוועקגעזעצט אויפן טראָן וועמען עס איז פון דער אַריסטאָקראַטיע? ניין, זיין פאָטער וואָלט עס נים צולאָזן — ער איז געווען מעכטיק און ער וואָלט אָן רחמנות אונטערדריקט אַזאַ באַוועגונג, ווען זי וואָלט אויסגעבראָכן.

דעם ייִנגלס קלערן האָבן אים נים געהאָלפן. וואָס מער ער האָט זיך געמאַטערט צו דערגיין די רעטעניש, אַלץ מער איז ער אין איר פאַרפּלאָנטערט געוואָרן, אַלץ מער האָט אים דער קאָפּ ווייי געטאָן און אַלץ ערגער האָט ער געשלאָפן ביינאַכט. זיין אומגעדולד צו קומען קיין לאָנדאָן איז געוואַקסן מיט יעדער שעה

און וואָס ווייטער איז אים געוואָרן אַלץ שווערער איבערצוטראָגן די געפאַנגענשאַפט.

העגדאָנס מי צו טרייסטן און בארואיקן אים, האָט ניט געהאָלפן. דאָס איז געלונגען צוויי פרויען, וואָס זיינען געווען צו־געשמידט ניט ווייט פון אים. זייער צערטלאַכע באַהאַנדלונג האָט אים אַ ביסל באַרואיקט און געלערנט אים געדולד. ער איז זיי זייער דאַנקבאַר געווען און האָט זייער ליב געקראָגן זייער באַ־רואיקנדיקע און צאַרטלאַכע געזעלשאַפט. ער האָט זיי געפרעגט, פאַרוואָס זיי זיצן אין געפענגעניש, און ווען זיי האָבן געענטפערט, אַז זיי זיינען באַפּטיסטן, האָט ער אַ שמייכל געטאָן און געזאָגט:

— איז עס דען אַזאַ פאַרברעכן מען זאָל דערפאַר פאַר־שפאַרט ווערן אין געפענגעניש? עס טוט מיר זייער באַנג, וואָס איך וועל פאַרלירן אייער געזעלשאַפט; אָבער זיי וועלן אייך דאָך געוויס ניט האַלטן לאַנג פאַר אַזאַ קלייניקייט.

די פרויען האָבן ניט געענטפערט, אָבער דער אויסדרוק פון זייערע פנימער האָבן אים געמאַכט אומרואיק און ער האָט געזאָגט:

— איר ענטפערט ניט. זעט, איך בעט אייך, זייט גוט צו מיר און זאָגט מיר: וועלן זיי אויף אייך קיין אַנדער שטראָף ניט אַרויפלייגן? זאָגט, איך בעט אייך, איר האָט ניט וואָס מורא צו האָבן.

זיי האָבן געפרובירט אָפּצווענדן דעם שמועס אויף עפּעס אַנדערש, אָבער זיין אומרואיקייט האָט אים ניט אָפּגעלאָזן און ער האָט ווייטער געפרעגט:

— וועלן זיי אייך באַשטראָפן מיט ריטער? ניין, ניין, זיי וועלן ניט זיין אַזוי גרויזאַם! זאָגט אַז ניט. זאָגט־זשע אַז ניט, אמת?

זייערע פנימער האָבן אַרויסגעוויזן אומרואיקייט און פאַר־צווייפלונג און, וועענדיק, אַז זיי וועלן קיין ענטפער ניט אויסמיידן, האָט איינע פון זיי געזאָגט:

— אָ, דו ברעכסט אונזערע הערצער, דו איידל קינד! גאָט וועט אונז געבן כּוחות איבערצוטראָגן אונזער..

— אָ, איר האָט זיך מודה געווען! וועלן זיי אייך יאָ באַשטראָפן, אָט די שטיינהאַרציקע חיות! אָבער, אָ, ווייגט ניט, איך קען עס ניט פאַרטראָגן. פאַרלירט ניט דעם מוט, איך וועל נאָך באַצייטנס צוריקקומען צו מיין מאַכט, איך זאָל אייך קענען פאַרהיטן פון דער ביטערער שטראָף, און איך וועל אייך פאַרהיטן!

ווען דער קיניג האָט זיך אינדערפרי אויפגעכאַפט, זיינען שוין די פרויען ניט געווען.

— זיי זיינען געראַטעוועט! — האָט ער פריילאַך אויסגעשריען, און נאָכהער טרויעריק צוגעגעבן: — אָבער ווי איז מיר! זיי זיינען דאָך געווען מיינע איינציקע טרייסטערינס.

יעדערער פון זיי האָט צוגעשפּילעט אַ שטיקל שניירל צו זיינע קליידער אַלס אָנדענקונג. ער האָט געזאָגט, אַז ער וועט אייביק האַלטן דאָס אָנדענקונג און, אַז איינגיכן וועט ער אויפזוכן זיינע טייערע פריינד און נעמען זיי אונטער זיין שוץ.

גראָד אין דער ווײַלע איז אַריינגעקומען דער תּפיסה־פאַרוואַלטער מיט עטלאַכע געהילפן און באַפוילן, אַז אַלע אַרעסטאַנטן זאָלן אַרויסגיין אויפן הויף. דער קיניג האָט געטאַנצט פון שמחה: ס'וועט זיין אַ גליק ווידעראַמאָל צו זען דעם בלויען הימל און אָטעמען די פרישע לופט. ער האָט זיך געכעסט און געבייזערט אויף די וועכטערס, דערפאַר וואָס זיי זיינען אַזוי לאַנגזאַם, אָבער צום סוף — זיינען זיי צו אים אויך צוגעקומען, אָפּגעשמידט אים פון קייט און געהייסן, ער מיט ה ע נ ד אָ נ ע ן זאָלן גיין נאָך די איבעריקע געפאַנגענע.

דער פירקאַנטיקער תּפיסה־הויף איז געווען געפּלאַסטערט מיט פלאַכע שטיינער און איבערן קאָפּ האָט זיך געזען דער הימל.

די געפאַנגענע זיינען אַריינגעפירט געוואָרן דורך אַ דיקן שטיינערנעם טויער און אויסגעשטעלט געוואָרן אין איין שורה מיט די רוקנס צום וואַנט. פון פאָרנט איז פאַרצויגן געוואָרן אַ שטריק און עס האָבן זיך אויסגעשטעלט די וועכטער. ס'איז געווען אַ קאַלטער, גרויער פרימאָרגן, דער שניי, וואָס איז אַ גאַנצע נאַכט געפאַלן, האָט צוגעדעקט דעם גרויסן ליידיקן פּלאַץ און

האָט נאָך טרויעריקער געמאַכט דאָס בילד. פון צייט צו צייט האָט אַ קאַלטער ווינט אויפגעהויבן הויפנס שניי און געשליידערט זיי הין און צוריק.

אינמיטן הויף זיינען געשטאַנען צוויי פרויען, צוגעשמידט צו סלופּעס. איין בליק האָט איבערצייגט דעם קיניג, אַז דאָס זיינען זיינע צוויי פריינד. ער האָט אויפגעציטערט און געקלערט: „אָך, זיי זיינען ניט באַפרייט געוואָרן, ווי איך האָב געמיינט. מען זאָל נאָר אַ קלער טאָן, אַז אַזעלכע טייערע, ווי זיי, זאָלן פאַרזוכן דעם בייטש! און וואו — אין ענגלאַנד! יאָ, דידאָזיקע שאַנד איז ניט ערגעץ אין אַ געצנדינעריש לאַנד, נאָר אין קריסט-לאַכן ענגלאַנד! זיי וועלן געשמיסן ווערן מיט בייטשן און איך, וואָס איז פון זיי געטרייסט און געהיילט געוואָרן, מוז צוקוקן דאָס גרויסע אומרעכט און שווייגן. מאָדנע, זייער מאָדנע, אַז איך, דער הויפּט-קוואַל פון מאַכט אין דער מלוכה, בין מאַכטלאָז צו באַשיצן זיי! אָבער זאָלן די אויסוואורפן זיין פאָרזיכטיק: אַ טאָג וועט אָנשטיין, ווען איך וועל פון זיי פאָדערן דין-וחשבון פאַר אַלע זייערע מעשים, און פאַר יעדער קלאַפּ, וואָס זיי גיבן איצט אַנדערע, וועלן זיי דערפילן הונדערט קלעפּ אויף זיך".

עס האָט זיך געעפנט אַ גרויסער טויער און ס'האָט זיך אַריינגעשאָטן אַ מחנה בירגער. זיי אַרומגערינגלט די צוויי פרויען און פאַרשטעלט זיי פון דעם קיניגס אויגן. אַ גייסטלאַכער איז אַריין, האָט זיך דורכגעשפּאַרט צווישן עולם און איז אויך פאַר-שוואונדן. דער קיניג האָט געהערט עפּעס פראַגן און ענטפערס, אָבער ער האָט ניט געקענט פאַרשטיין וואָס מען רעדט. דערנאָך האָבן זיך אָנגעהויבן הכנות, באַאַמטע זיינען געקומען און אַוועק-געגאַנגען און ווייטער געקומען, און נאָכהער איז רואיק געוואָרן און אַ טיפע שטילקייט איז אַריינגעטראָטן צווישן די פאַרזאַמלטע.

עס איז אָפּגעגעבן געוואָרן אַ באַפעל, און דער עולם האָט זיך צעטיילט און אָפּגעטראָטן אין ביידע זייטן. דער קיניג האָט דערזען אַ בילד, וואָס האָט פאַרגליווערט דאָס מאַרך פון זיינע ביינער: אַרום די צוויי פרויען זיינען געלעגן אָנגעלייגט בערגלאַך

רוקענע צווייגן און עפּעס אַ מענטש האָט, שטייענדיק אויף די ני, אונטערגעצונדן זיי.

די פרויען זיינען געשטאַנען מיט אַראָפּגעלאָזענע קעפּ און פאַרדעקט די פּנימער מיט די הענט.

די געלבע פלאַמען האָבן אָנגעהויבן צו קלעטערן איבער די קאַרטשענדיקע און טרעשטשענדיקע צווייגן; בלויע זיילן רויך זיינען אונטערגעכאַפּט געוואָרן און אַוועקגעטראָגן געוואָרן פון ווינט. דער גייסטלאַכער האָט אויפגעהויבן די הענט און אָנגעהויבן תפילה צו טאָן. אין דער מינוט האָבן זיך דורך דעם אָפּענעם טויער אַריינגעריסן צוויי יונגע מיידלאַך און, שרייענדיק מיט שרעקלאַכע קולות, אַ וואָרף געטאָן זיך צו די פרויען אויפן שייטערהויפן. די באַאַמטע האָבן זיי גלייך אָפּגעריסן, איינע פון זיי האָט מען פעסט געהאַלטן, אָבער די צווייטע האָט זיך אַרויסגעריסן, שרייענדיק, אַז זי וויל שטאַרבן צוזאַמען מיט איר מוטער. און, איידער מען האָט נאָך צייט געהאַט אומצוקוקן זיך, האָט זי אַרומגעכאַפּט איר מוטער ביים האַלדז. מען האָט זי ווידער אָפּגעריסן. מען האָט פון איר אַראָפּגעריסן איר ברענענדיק קלייד און געהאַלטן זי מיט אַלע כוחות, זי אָבער האָט ניט אויפגעהערט צו ראַנגלען זיך און שרייען, אַז זי בלייבט עלנט אויף דער וועלט און געבעטן זיך, מען זאָל איר לאָזן שטאַרבן צוזאַמען מיט איר מוטער. ביידע מיידלאַך האָבן קיין איין מינוט ניט אויפגעהערט יאָמערלאַך צו קלאָגן און שרייען. מיטאַמאָל איז זייער געוויין און דער טומל איבערגעריסן געוואָרן דורך שרעקלאַכע, האַרצרייסיקע גסיסה-געשרייען. — דער קיניג האָט אַ קוק געטאָן אויפן שייטערהויפן, האָט אויף גיך אָפּגעקערט זיך, צוגעדריקט זיין אַש-בלייכן פּנים צום וואַנט און מער ניט געקוקט.

„דאָס, וואָס איך האָב איצט אין דער איין מינוט געזען — האָט ער געטראַכט — וועט שטיין פאַר מיינע אויגן גאָר מיינע טעג און וועט זיך מיר חלומען אַלע מיינע נעכט. עס וועט פאַרבלייבן אין מיין זכרון אַזוי לאַנג, ווי איך וועל לעבן. הלוואי וואָלט מיך בעסער גאָט בלינד געמאַכט, איידער איך זאָל עס זען!“

הענדאָן האָט אכטונג געגעבן אויף דעם קיניג און צעפרידן געקלערט: „זיין משוגעת איז פאַריבער. אויב ער וואָלט זיך געהאַלטן ביי זיין פאַנטאַזיע, וואָלט ער געשטורעמט אויף די תּלינים, ער וואָלט געשריען, אַז ער איז דער קיניג און וואָלט באַפוילן צו באַפרייען די פרויען. איבעריקן ווערט זיך זיין איינרייִדעניש פעלן און ער וועט אינגאַנצן געזונט זיין, זאָל גאָט געבן וואָס גיכער!"

דעמזעלבן טאָג האָט מען אין טורמע געבראַכט איבערצוגעבליבענע עטלעכע געפאַנגענע, וואָס זיינען געפירט געוואָרן אין פאַרשיידענע שטעט, וואו זיי האָבן געדאַרפט באַשטראָפט ווערן פאַר באַגאַנגענע פאַרברעכנס. דער קיניג, וואָס האָט ביי זיך אָפּגעמאַכט אויסצופרעגן געפאַנגענע, כּדי ער זאָל דערנאָך בעסער וויסן ווי צו רעגירן, — האָט זיך מיט זיי פונאַנדערגערעדט, און די געשיכטע פון זייערע ליידן האָט צעבראָכן זיין האַרץ.

איינע פון זיי איז געווען אַ האַלב-משוגענע פרוי, וואָס האָט געגנבעט ביי אַ וועבער אַן אַרשין אָדער צוויי אַרשין געוואַנט, און איז דערפאַר פאַרמשפּט געוואָרן צום הענגען. אַ צווייטער איז געווען, וואָס איז באַשולדיקט געוואָרן אין גנבענען אַ פערד, די באַשולדיקונג האָט ניט געקענט באַווייזן ווערן און ער האָט שוין געמיינט, אַז ער איז פריי פון דער תּליה, אָבער ניין—מען האָט אים נאָך ניט באַוויזן צו באַפרייען, ווי ער איז באַשולדיקט געוואָרן אין שיסן אַ הירש אין קיניגלאַכן וואַלד; דאָס איז יאָ דערוויזן געוואָרן, און איצט איז ער געווען אויפן וועג צום עשאַפאָט.

עס איז געווען צווישן די געפאַנגענע אַן אָנגעשטעלטער אין אַ געוועלב, וואָס האָט מער ווי אַנדערע צעריסן דעם קיניגס האַרץ: דערדאָזיקער יינגל האָט דערציילט, אַז ער האָט געפונען אַ פאַלק-פויגל, וואָס איז אַנטלאָפן פון זיין אייגנטימער, און האָט עס צוגענומען, מיינענדיק, אַז ער האָט רעכט דערצו, אָבער דאָס געריכט האָט אים געמשפּט פאַר גנבה און פאַראורטיילט צום טויט.

דער קיניג איז געווען אויסער זיך פון אַזעלכע מערדע-

רייען און ער האָט געפאָדערט פון הענדאָנען, ער זאָל איינברעכן די טורמע און זיי זאָלן אַנטלויפן קיין לאָנדאָן, וואו ער וועט אַרויפשטייגן אויפן טראָן און אויסשטרעקן אַ האַנט פון רחמנות איבער דידאָזיקע אומגליקלאַכע צו ראַטעווען זייער לעבן.

„אָרים קינד — האָט הענדאָן אָפּגעזיפצט — אָט די אַלע שרעקלאַכע מעשיות האָבן ווידער געווירט זיין פאַרשטאַנד. אַך, ווען ניט דאָס, וואָלט ער שוין גאָר אין קורצן געווען געזונט".

צווישן די געפאַנגענע איז געווען אַן אַלטער אַדוואָקאַט *)— אַ מענטש מיט אַ שטרענג און ערנסט פּנים. מיט דריי יאָר צוריק האָט ער אָנגעשריבן אַ פּאַמפּלעט קעגן דעם לאָרד־קאַנצלער, באַשולדיקנדיק אים אין אומגערעכטיקייט. דערפאַר האָט מען אים אָפּגעשניטן ביידע אויערן, צוגעבונדן צום שאַנד־סלופּ, אויסגעשלאָסן פון אַדוואָקאַטן־שטאַנד און פאַרמשפּט צו דריי טויזנט פונט שטערלינג געלט־שטראָף. לעצטנס האָט ער ווידער געשריבן אַ פּאַמפּלעט און איז פאַרמשפּט געוואָרן צו פאַרלירן דאָס, וואָס ס'איז אים נאָך פאַרבליבן פון זיינע אויערן, באַצאָלן פינף טויזנט פונט שטערלינג שטראָף, אָפּגעשטעמפּלט ווערן מיט אַ גליענדיקן שטעמפּל אויף ביידע באַקן און צו אייביקע געפענגעניש.

— אָט זיינען מיינע ערן־צייכנס! — האָט ער געזאָגט, אָפּשאַרנדיק די גרויע האָר און ווייזנדיק די ערטער, וואו עס זיינען אַמאָל געווען אויערן.

דעם קיניגס אויגן האָבן געברענט מיט צאָרן.

— קיינער גלויבט אין מיר ניט און דו וועסט אויך ניט גלויבן — האָט ער געזאָגט, — אָבער עס מאַכט ניט אויס. אין פאַר־

---

*) די געשיכטע, וואָס ווערט דערציילט אין דעם קאַפּיטל 27 מיט דעם אַדוואָקאַט, איז אַן אמתע און האָט פּאַסירט מיט אַ געוויסן אַדוואָקאַט וויליאַם פריין, וואָס איז פאַרמשפּט געוואָרן צו די אַלע שטראָפן, וואָס ווערן דאָ אויסגערעכנט. פּאַסירט האָט עס אַ יאָר שפּעטער נאָך דער הערשאַפט פון עדוואַרד דעם 6־טן. ד״ר האַמבאַנד: „בלויע געזעצן" ז. 12.

לויף פון א חודש וועסטו זיין פריי, און נאָך מער — די געזעצן, וואָס האָבן דיך גערויבט פון דיין ערד און פארשעמט דעם נאָמען פון ענגלאנד, — וועלן אָפּגעמעקט ווערן פון געזעץ־בוך. די וועלט איז שלעכט איינגעאָר־נט: מלכים האָבן אָפּט געדארפט אויף זיך אליין פילן די געזעצן, וואָס זיי גיבן ארויס, דאן וואָלטן זיי געוואוסט צו זיין בארימהארציק *).

---

*) נאָך די ענגלישע געזעצן פון 16־טן יאָרהונדערט האָט פאר גנבענען א פערד, א פאלק־פויגל, וואָל־סטאָף פון וועבער, פאר הרגענען א הירש אין קיניגס וועלדער און פאר ארויסטיקן שעפסן אין אנדערע לענדער, געקומט הענגען. ד״ר האמסאנד: „בלוטיגע געזעצן״, זייט 13.

# אַכט־און־צוואַנציקסטער קאַפּיטל.

## דער קרבן.

העגדאָן איז דערווייל געוואָרן אַלץ אומגעדולדיקער און מידער פון זיצן אין געפענגעניש און גאָרניט טאָן. צו זיין גרויס צופרידנקייט איז דער טאָג פון זיין משפט אָנגעקומען, און ער איז גרייט געווען איבערצוטראָגן יעדן אורטייל, אַבי ניט צוריק־גיין אין געפענגעניש. אָבער ער האָט אַ טענה געהאַט: ער איז ארויס פון די כלים, ווען ער האָט דערהערט, אַז ער איז אָנער־קענט געוואָרן פאַר אַ „פאַרהאַרטעוועטן ארומשלעפּער" און איז פאַרמשפּט געוואָרן צו זיין צוויי שעה צוגעשמידט צום שאַנד־סלופּ פאַר באַפאַלן דעם אייגנטימער פון העגדאָן־שלאָס אין זיין אייגענער הויז.

זיינע מעלדונגען, אַז ער איז דעם אָנקלאָגערס אַ ברודער און דער אמתער יורש פון דעם טיטל און גיטער, — זיינען מיט פאַראַכטונג אָפּגעוואָרפן געוואָרן, ווי ווערטער, וואָס עס לוינט אפילו ניט צו הערן.

אויפן וועג צום שטראָף־פּלאַץ האָט ער געקאָכט און גע־סטראַשעט, אָבער דאָס האָט אים ניט געהאָלפן. די באַאַמטע האָבן אים גראָב געשטויסן און, פון צייט צו צייט, מכבד געווען מיט אַ קלאַפּ פאַר זיין אומרואיקער אויפפירונג.

דער קיניג האָט ניט געקאָנט דורכשלאָגן זיך דורך דעם המון, וואָס איז נאָכגעלאָפן פון הינטן, האָט ער געמוזט נאָכגיין צום סוף, ווייט פון זיין פריינד און דינער. ער אַליין איז נאָך אַ האָר פאַרמשפּט געוואָרן צו דערזעלביקער שטראָף, פאַר זיין חברשאַפט מיט העגדאָנען, אָבער אדאַנק זיין יונגקייט, איז

ער אָפּגעקומען מיט מוסר אויסהערן און מיט אַ וואָרנונג אויף להבא. ווען דער המון האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָט דער קיניג זיך געוואָרפן פון איין אָרט אויפן צווייטן, זוכנדיק אַ שפּעלטל וואו דורכצושפּאַרן זיך. נאָך גרויס מי איז עס אים געלונגען. דאָ איז געשטאַנען זיין נאָבעלער ריטער, אין די שאַנד-קלעצ-לאַך — אַ ציל פּאַרן שפּאָט און געלעכטער פון שמוציקן המון — ער, דער לייב-וועכטער פון דעם ענגלישן קיניג!

עדואַרד האָט פריער געהערט דעם אורטייל, אָבער ער האָט קוים פאַרשטאַנען וואָס דאָס באַדייט, און זיין כעס איז גע-וואַקסן מיט יעדער מינוט, וואָס ער האָט באַגריפן זיין באַדייטונג, און האָט דערגרייכט די העכסטע מדרגה, ווען אַן איי איז דורכ-געפלויגן דורך דער לופטן און געטראָפן הענדאָנען אין באַק, וואָס ס'האָט אַרויסגערופן אַ ווילדן געלעכטער פון דעם המון.

ער האָט אַ שפּרונג געטאָן אויף דעם פרייען ראָד, איז צוגעלאָפן צום עלטסטן באַאַמטן, אויסשרייענדיק:

— שעמט זיך! דאָס איז מיין דינער! — לאָזט אים פריי! איך בין דער...

— אָ, שווייג! — האָט הענדאָן אַ פאַרציטערטער אויס-געשריען, — דו וועסט זיך אומגליקלאַך מאַכן! קוקט זיך אויף אים ניט אום, באַאַמטער, ער איז אַ משוגענער.

— האָב קיין מורא ניט, מיין טייערינקער — האָט דער באַאַמטער ביט איראָניע געזאָגט, — איך האָב ניט בדעה אומצו-קוקן זיך אויף אים, אָבער לערנען אים אַביסל דרך-ארץ קען ניט שאַטן.

און ווענדנדיק זיך צו איינעם פון זיינע אונטערטעניקע, האָט ער געזאָגט:

— גיב דעם קליינעם שוטה איין מאָל אָדער צוויי מאָל מיטן קאַנטשיק, ער זאָל ווייטער וויסן ווי אויפצופירן זיך.

— אַ האַלבע טוץ וועט אויף אים בעסער ווירקן — האָט געזאָגט סער גיו, וואָס איז געקומען צורייטן אויף זיין פערד אַ קוק טאָן וואָס הערט זיך.

ווען מען האָט דעם קיניג אַ כאַפּ געטאָן, האָט ער זיך אַפילו ניט געראַנגלט — אַזוי פּאַראַליזירט איז ער געווען פון דעם איין געדאַנק, אַז עס וועט געלייגט ווערן אַ האַנט אויף זיין הייליקע פּערזאָן. אין דער געשיכטע איז שוין פאַראַן איין באַשרייבונג, ווי אַן ענגלישער קיניג איז געשמיסן געוואָרן מיט בייטשן — און ווי אומערטערגלאַך איז דער געדאַנק, אַז ער דאַרף זיין דער צווייטער אָנצופילן נאָך אַזאַ בלעטל אין דער געשיכטע. ער איז אין דער קלעם, און ס׳איז ניטאָ פאַר אים קיין רעטונג: ער מוז ענטוועדער קריגן שמיץ אָדער בעטן רחמנות. זייער שווערע באַדינגונגען. ער וועט אָבער בעסער צונעמען די שמיץ — דאָס מעג אַ קיניג טאָן, — אָבער בעטן זיך — דאָס טאָר אַ קיניג ניט.

מיילס הענדאָן האָט אים אָבער אויסגעלייזט פון דער שווערער לאַגע.

— לאָזט דאָס קינד פריי, — האָט ער געזאָגט, — זעט איר ניט, איר האַרצלאָזע הינט, ווי יונג און שוואַך ער איז? לאָזט אים אָפּ — איך וועל פאַר אים צונעמען די שמיץ.

— אָ, דאָס איז אַ גוטער איינפאַל — אַדאַנק דיר דערפאַר — האָט סער גיו געזאָגט, און זיין פּנים איז באַלויכטן געוואָרן מיט בייזוויליקער פרייד, — לאָזט דעם קליינעם שלעפּערל לויפן, און גיט דעם יונג אַ כוץ קאַנטשיקעס, אַ רעכטע טוץ, און אָרנטלאַך דערלאַנגט.

דער קיניג האָט שוין געוואָלט אַרויסטרעטן מיט אַ פייערדיקן פּראָטעסט, אָבער סער גיו האָט אים אָפּגעשטעלט מיט אַ ווּכטיקע באַמערקונג.

— רייד, רייד, און מאַך דיר גרינגער דיין האַרץ, אָבער, זיי וויסן, אַז פאַר יעדעס וואָרט וואָס דו וועסט אויסריידן, וועט ער באַקומען זעקס שמיץ מער.

מען האָט הענדאָנען אַרויסגענומען פון די קלעצלאַך און אָפּגעדעקט דעם רוקן. ווען מען האָט אים גענומען שמייסן, האָט זיך דער אָרימער קליינער קיניג אָפּגעקערט אָן אַ זייט, און ניט

קיניגלאַכע טרערן האָבן גערונען איבער זיינע באַקן אָן אויפהער.

„אַך מוטיק, גוט האַרץ — האָט ער געקלערט, — דערדאָ־זיקער נאָבעלער טהאַט וועט קיינמאָל ניט אָפּגעמעקט ווערן פון מיין געדעכעניש. איך וועל עס קיינמאָל ניט פאַרגעסן, דאָס גלייכן וועלן זיי עס ניט פאַרגעסן!" — האָט ער צוגעגעבן מיט היץ.

און וואָס מער ער האָט באַטראַכט הענדאַנס גרויס־מוטיקן טהאַט, אַלץ גרעסער איז ער אויסגעוואַקסן אין זיינע אויגן, און אַלץ דאַנקבאַרער איז ער אים געוואָרן.

„ווער עס פאַרהיט זיין הערשער פון וואונדן און פון מעג־לאַכן טויט — און דאָס האָט ער געטאָן פאַר מיר — טוט שוין אַ גרויסע זאַך. אָבער דאָס איז אַ קלייניקייט — ס'איז גאָרניט, אָ, מער ווי גאָרניט, אין פאַרגלייך מיט פאַרהיטן דעם קיניג פון שאַנדו!

הענדאָן האָט קיין פּיפּס ניט געטאָן אונטער די קאַנ־טשיקעס. ער האָט איבערגעטראָגן די שמיץ מיט די אויסגע־האַלטנקייט פון אַ זעלנער, דאָס, צוזאַמען מיט זיין באַפרייען דאָס יינגל פון שמיץ, נעמענדיק זיי אויף זיך, — האָט אַרויסגערופן אַ געוויסן רעספּעקט אַפילו ביי דעם נידריקן און ווילדן המון, וואָס האָט זיך דאָ פאַרזאַמלט. די גלייכווערטלאַך און שפּאָטעריי האָבן אויפגעהערט, און ס'האָט זיך ניט מער געהערט ווי דאָס שווישץ פון די בייטש. די שטילקייט, וואָס האָט געהערשט ווען מען האָט הענדאָנען צוריק אַוועקגעשטעלט אין זיינע שאַנד־קלעצלאַך, איז געווען פונקט דער היפך פון דעם שפּאָטיקן טומל און גוואַלד, מיט יועלכן ער איז פריער באַגעגנט געוואָרן.

דער קיניג האָט זיך שטיל צוגעשלייכט צו זיין זייט און איינגערוימט אים אין אויער: — קיסרים קענען דיך ניט נאָבע־לער מאַכן, דו גרויסע זעל, ווייל דאָס האָט שוין געטאָן דער, וואָס איז העכער פון אַלע מלכים, אָבער דער קיניג קען באַ־שטעטיקן דיין גרויסמוטיקייט פאַר דער וועלט.

עַר האָט זיך אָנגעבויגן צו דער ערד, אויפגעהויבן די בייטש און, אָנרירנדיק מיט איר הענדאָנס צובלוטיקטן רוקן, איינגערוימט:

— עדוארד, קיניג פון ענגלאַנד, באַערט דיך מיט דעם טיטל גראף!

הענדאָן איז געווען גערירט. זיינע אויגן זיינען פול געוואָרן מיט טרערן. אָבער צו דערזעלבער צייט איז די קאָמישע זייט פון דער זאַך אַזוי דייטלאַך אַרויסגעטראָטן פאַר אים, אַז ער האָט זיך קוים אַיינגעהאַלטן ניט אַרויסצוגעבן עס מיט אַ שמייכל.

מיט איין מאָל דערהויבן ווערן — אַן אויסגעלאַכטער, אַ באַקעטער און אַ געשמיסענער — פון די שאַנד־קלעצלאַך צו דער אלפן־הויכער מדרגה פון אַ גראַף, — האָט אים אויסגעזען מער ווי קאָמיש — „איצט בין איך אויף אַן אמת באַפליטערט! — האָט ער געקלערט, — דער גייסטן־ריטער פון חלומות־און שאָטנס־קיניגרייך איז געוואָרן אַ גייסטן־גראַף! אַ קאָפּ־שווינדלדיקער פלי פאַר אַ ניט־באַפעדערטן פליגל! אויב דאָס זאָל אַזוי ווייטער אָנגיין, וועל איך אינגיכן זיין באַהאַנגען ווי אַ שטעקן מיט פאַנטאַסטישע ערע־צייכנס און כלומרשדיקע טיטלען. אָבער ווי ווערטלאָז זיי זאָלן ניט זיין, וועל איך זיי דאָך שאַצן, ווייל זיי קומען פון ליבע. בעסער באַקומען דידאָזיקע כלומרשדיקע אָרימע ערע־צייכנס, וואָס קומען אומגעבעטן פון אַ ריין האַנד און אַ גוט האַרץ, איידער אמתע טיטלען, וואָס ווערן געקויפט דורך חניפה און קנעכטשאַפט פון אויסגערעכנטע און ענג־האַרציקע הערצער.

דער גרויזאַמער סער גיו האָט אויסגעקערעוועט זיין פערד און איז אַוועקגעריטן צווישן די צוויי לעבעדיקע ווענט, וואָס האָבן שטיל געמאַכט וועג פאַר אים, און שטיל צוריק געשלאָסן זיך. קיינער איז ניט געגאַנגען אַזוי ווייט צו דערוועגן זיך זאָגן אַ גוט וואָרט פאַרן געפאַנגענעם, אָדער אויסדריקן אים מיטגעפיל, אָבער דאָס, וואָס מען האָט אים ניט אויסגע־

שפּאָט, איז שוין געווען אַ גענוגנדיקער סימן פון רעספּעקט פאַר אים.

ווען אייבער וואָס איז שפּעטער אָנגעקומען און האָט ניט געוואוסט וואָס דאָ איז געשען, האָט געפּרובט חוזק מאַכן פון דעם „באַטריגער" און געוואָלט אַ וואָרף טאָן אויף אים אַ געפּגר־טע קאַץ, — האָט מען אים אָן ווערטער אַרויסגעוואָרפן פון צווישן עולם, און ס׳איז ווידער שטיל געוואָרן.

---

# ניין־און־צוואַנציקסטער קאַפּיטל.

## קיין לאָנדאָן.

ווען העַנדאָן איז אָבגעקומען זיין שטראָף ביים שאַנד־סלופּ, איז ער באַפריים געוואָרן און אים איז פאַראָרדנט געוואָרן צו פאַרלאָזן דעם געגנד און קיינמאָל צוריק ניט צו קומען. מען האָט אים אומגעקערט זיין שווערד, זיין אייזל און זיין מויל־אייזל. ער מיטן קיניג האָבן זיך ארויפגעזעצט און אַוועקגעריטן צווישן דעם עולם, וואָס האָט מיט שטילן רעספּעקט געמאַכט אַוועג פאַר זיי און פאַרנאַנדערגעגאַנגען זיך, ווי נאָר זיי זיינען אַוועקגעפאָרן.

העַנדאָן האָט זיך איינגיכן פאַרטיפט אין זיינע געדאַנקען. ער האָט געמוזט פאַרענטפערן איינינע וויכטיקע פראַגן: וואָס זאָל ער טאָן? און וואוהין זאָל ער גיין? ער מוז געפינען גרויסע פּראָטעקציע, הילף פון אַ שטאַרקע האַנט, אז ניט וועט ער זיך מוזן אָבזאָגן פון זיין ירושה און נאָך בלייבן מיט אַ נאָמען פון אַ באַטריגער אַלס צוגאָב. וואו קען ער האָפן צו געפינען דיזאָזיקע הילף? אין דער אמתן, וואו? ס'איז געווען אַ פאַרפלאָנטערטע פראַגע. מיט אַמאָל איז אים איינגעפאַלן אַ געדאַנק, וואָס האָט אים אָנגעוויזן אַ מעגלאַכקייט,—אמת, די וויטעסטע פון די וויטעסטע מעגליכקייטן, דאָך איז כדי אַ קלער צוטאָן וועגן דעם, ווען ס'איז סיי ווי סיי קיין אַנדער אויסוועג ניטאָ: ער האָט זיך דערמאָנט וואָס דער אַלטער אַנדריוס האָט געזאָגט וועגן דעם יונגן קיניגס גוטסקייט און זיין באַשיצונג פון אָרימע און געקריוודעטע.

פאַרוואָס ניט פּרובירן דערשלאָגן זיך צו אים און בעטן גערעכטיקייט? אָ, י , אָבער קען אזא אָבגעריסענער בעטלער זיך דערשלאָגן צו אם ...רך? נאָר ס'מאַכט ניט אויס, מען דאַרף דאָס

לאָזן דער נאַטור. ס'איז אַ בריק, וואָס מען דאַרף אים ניט איבער־
גיין ביז מען קומט ניט צו אים, צו וואָס ברעכן זיך דעם מוח פאַר
דער צייט? ער איז אַן אַלטער זעלנער און איז געוויינט צו אַלער־
ליי צופאַלן, וועט ער אין דעם פאַל אויך געפינען אַן אויסוועג.
יאָ, אַזוי בלייבט עס: ער וועט זיך אַוועקלאָזן אין דער הויפּט־
שטאָט. אפשר וועט זיין פאָטערס אַלטער פריינד, סער העמפרי
מאַרלאָאו באַהילפיק זיין אים — דער גוטער, אַלטער סער
העמפרי, הויפּט־לייטנאַנט פון דעם קיניגס קיך, שטאַלן אָדער
ווייס איך וואָס—מיילס האָט זיך ניט געקענט דערמאָנען וועלכעס.
איצט, אַז ער האָט געהאַט וואוהין און אויף וואָס אָנצוווענדן
יין ענערגיע, אַ געוויסן ציל אויסצופירן, זיינען די וואָלקנס פון
ערנידרונג און דערשלאָגנקייט, וואָס האָבן זיך געוועזן פאַרשפּרייט
אויף אים, פאַרשוואונדן און ער האָט אויפגעהויבן זיין קאָפּ און
אַרומגעקוקט זיך.
ער האָט זיך פאַרוואונדערט ווי ווייט זיי זיינען שוין פאַר־
פאָרן. דער קיניג איז נאָכגעפאָרן נאָך אים מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם
קאָפּ—אויך פאַרטיפט אין זיינע געדאַנקען און פּלענער. איין זאַך
האָט באַאומרואיגט הענדאָנען: וועט דער יינגל וועלן צוריק־
גיין אין דער שטאָט, וואו ער האָט קיין זאַך, אויסער שלעכטע
באַהאַנדלונג און ביטערער נויט קיינמאָל ניט געוואוסט?
דאָס מוז קלאָר געמאַכט ווערן. הענדאָן האָט אָפּגעשטעלט
דעם מויל־אייזל און אויסגערופן:
— איך האָב פאַרגעסן צו פרעגן וואוהין מיר פאָרן. וואָס
איז דיין באַפעל, מיין האַר?
— קיין לאָנדאָן!
הענדאָן איז געוועזן צופרידן און צו דערזעלביקער צייט
איבערראַשט מיט דעם ענטפער.
די גאַנצע נסיעה איז דורכגעגאַנגען אָן וועלכע עס איז
וויכטיקע פּאַסירונגען, נאָר געענדיקט האָט זי זיך יאָ מיט איינער.
צען אַזייגער אין אָוונט, דעם ניינצעטן פעברואַל זיינען זיי אַרויפ־
געפאָרן אויף לאָנדאָן־בריק צווישן אַ טומלדיקן געדראַנג
פון „הוראַ"־שרייענדיקע מענטשן, וועמעס ביר־פריילאַכע פּנימער

האָבן צרויסגעשיינט צווישן די פלאַמען פון די ברענענדיקע פאַקעלן. אין דער וועלביקער מינוט איז פון דער הויך אַראָפּגעפאַלן דער צעפוילטער קאָפּ פון אַ געוועזענעם הערצאָג אָדער, אַן אַנדער גרויסן מענטשן און, אָפּשלאָגנדיק זיך אָן הענדאָנס עלנבויגן האָט ער זיך אַוועקגעקייקלט אונטער די פיס פון המון. אָט אַזוי פאַרבייגייענד און ניט דויערהאַפט זיינען די מעשים פון מענטשן!

דער קיניג איז געשטאָרבן ערשט מיט דריי וואָכן צוריק, איז געלעגן אין קבר ניט מער ווי דריי טעג, און די נאָבעלע באַפּוצונגען, וואָס ער האָט מיט אַזאַ גרויסער מי אויסגעקליבן פאַר זיין גרויסאַרטיקן בריק צווישן די וויכטיקסטע מענטשן פון ענגלאַנד,— האָבן שוין אָנגעהויבן צו פאַלן... אַ בירגער האָט זיך אויסגעגליטשט אָן דעם קאָפּ און איז מיט זיין אייגענעם קאָפּ אַריינגעפאַלן אין אַ פרעמדן רוקן. יענער האָט זיך אומגעקערט און אַ זעץ געטאָן דעם ערשטן, וואָס האָט זיך אים אונטערגערוקט אונטער די הענט, האָט אים דער חבר פון דעם געשלאָגענעם געגעבן אַ רעשט, נו, און אַ צייט פאַר אַ געשלעג איז איצט געווען די סאַמע פּאַסיקע: מאָרגן האָט געדאַרפט פאָרקומען די קרוינונג און אַלע זיינען געווען פאַרשיכּורט מיט ביר און פּאַטריאָטיזם. אין פינף מינוט אַרום האָט זיך דאָס געשלעג פאַרשפּרייט אויף אַ גרויסן שטח, אין צען אָדער צוועלף מינוט אַרום האָט עס שוין פאַרנומען אַן ערך אַ מייל און איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אמתע שלאַכט.

אָט אין דער צייט זיינען הענדאָן און דער קיניג אָפּגעריסן געוואָרן איינער פון דעם צווייטן און זיינען פאַרלאָרן געוואָרן צווישן דעם טומל און געשריי פון דעם רעשדיקן המון.

און דאָ ווען מיר זיי איבערלאָזן.

# דרייסיקסטער קאַפּיטל.

## טאָמס ערפאָלג.

אין דער צייט, וואָס דער אמתער קיניג האָט זיך אַרומגעוואַלגערט איבערן לאַנד אָפּגעריסן, הונגעריק, דאָ געשלאָגן און אויסגעשפּאָט פון שלעפּערס און באַנדיטן, דאָרט געזעסן אין געפענגעניש — מיט גנבים און מערדער און פון יעדערן אָנגענומען פאַר אַ אידיאָט און אַ משוגענעם, — אין דערזעלביקער צייט האָט דער כלומרשטדיקער קיניג טאָם קענטי איבערגעלעבט גאָר עפּעס אַנדערש.

ווען מיר האָבן אים צום לעצטן מאָל געזען, האָט דאָס קיניגן ערשט אָנגעהויבן צו ווייזן אים אַ ליכטיקע זייט. די דאָזיקע ליכטיקע זייט האָט זיך מיט יעדן טאָג אַלץ מער און מער פאַרברייטערט און איז אין אַ קורצער צייט געוואָרן בלויז גלאַנץ און זונענשיין. ער האָט אויפגעהערט צו שרעקן זיך; זיין אומגעשיקטקייט און דער געפיל פון אומבאַקוועמלאַכקייט זיינען פאַרשוואונדן און האָבן אָפּגעטראָטן דעם אָרט פאַר לייכטקייט און זיכערקייט. ער האָט אויסגענוצט דעם שמייס-יינגלס קוואַל ביז צום גרונט.

האָט זיך אים פאַרגלוסט שפּילן אָדער פאַרוויילן זיך, האָט ער איינגעלאַדן די פּרינצעסין עליזאַבעט און דזשעני גריי: האָבן זיי אים דערעסן, האָט ער זיי אָפּגעשיקט מיט דער מינע פון אַ מענטשן, וואָס איז געוואוינט צו אַזעלכע זאַכן, און ער איז שוין מערניט געקומען אין פאַרלעגנהייט, ווען זיי האָבן אים פאַרן אוועקגאַנג געקושט די האַנט.

אים האָט שוין אָנגעהויבן געפעלן צו הערן דער פאַראַד וואָס מען פלעגט מאַכן ביים לייגן אים שלאָפן ביינאַכט, און די

צערעמאָניע פון אָנטאָן אים אינדערפרי. ער האָט אָנגעהויבן צו פילן אַ שטאָלצע באַפרידיקונג פון גיין צו מיטאָג, אַרומגערינגלט מיט אַ גלענצנדער סוויטע, באַגלייט פון אַן ערן-וואַך, — ס'איז אים אויף אַזויפיל געפעלן געוואָרן, אַז ער האָט פאַרדאָפּלט די צאָל פון די ערן-וועכטער ביז אַ הונדערט. ער האָט ליב געהאַט צו הערן די טראָמפּייטן-סיגנאַלן און דעם אויסרוף: „מאַכט וועג פאַרן קיניג!"

אים האָט אַפילו אָנגעהויבן צו געפעלן די פּאַראַדנע רע-גירונגס-זיצונגען, דאָס זיצן בעת מעשה אויפן טראָן און די מעג-לאַכקייט צו באַווייזן, אַז ער איז עפּעס מער ווי אַ פּשוטער אַוו-טאָמאַט, וואָס גיט איבער דעם לאָרד-רעגענטס ווערטער. ער האָט ליב געקראָגן אויפצונעמען אויסלענדישע געזאַנדטע מיט זייערע גלענצנדע סוויטעס און אויסהערן די פריינדלאַכע באַגריי-סונגען אין נאָמען פון זייערע באַרימטע מלכים, וואָס האָבן אים גערופן „ברודער".

אָ, גליקלאַכער טאָם קענטי פון שמוץ-הויף!

ער האָט הנאה געהאַט פון זיינע פּראַכטיקע קליידער און האָט באַשטעלט נאָך. ער האָט געפונען, אַז פיר הונדערט דינער זיינען ניט גענוג פאַר זיין שטאַט און ער האָט זייער צאָל פאַר-דרייפאַכט. די חניפה פון די בוקנדיקע הויף-לייט האָט אָנגעהויבן צו קלינגען אין זיינע אויערן ווי די זיסטע מוזיק. ער איז פאַר-בליבן צאַרט און פריינדלאַך, און אַ פעסטער און אַנטשלאָסענער באַשיצער פון אָרימע און אונטערדריקטע. ער האָט אָנגעפירט אַ ביטערע מלחמה מיט אומגערעכטע געזעצן. דאָך, ווען עמיצער ון די הויף-לייט האָט אים אָנגערירט מיט אַ וואָרט אָדער ווי-דערשפעניקט, פלעגט ער וואַרפן אַזאַ בליק אויף אַ גראַף אָדער אַפילו אויף אַ הערצאָג, אַז יענער פלעגט סאַרציטערט ווערן. איינמאָל, ווען זיין שטרענג-הייליקע „שוועסטער" מערי האָט מיט אים גענומען איינטענהן קעגן זיין פּאָליטיק פון באַפרייען אַזוי-פיל מענטשן, וואָס וואָלטן געדאַרפט פאַרשפאַרט ווערן אין גע-פענגעניש, געהאַנגען אָדער פאַרברענט ווערן, און האָט אים דער-מאָנט אַז אין זייער קיניגלאַכן פאָטערס טורמעס זיינען צייטנ-

ווייז געזעסן ביז זעכציק טויזנט פאַראורטיילטע און, אַז אין פאַר־לויף פון זיין הערלאַכער רעגירונג האָט ער איבערגעגעבן צוויי־און־זיבעציק טויזנט גנבים און רויבער צום תּלין, — איז דאָס יינגל געווען אויסער זיך פון אויפרעגונג און האָט איר באַפוילן צו גיין צו איר אין צימער און בעטן גאָט, ער זאָל איר געבן אַ האַרץ, אַנשטאָט דעם שטיין, וואָס עס ליגט אין איר ברוסט.

האָט זיך טאָם קענטי ניט באַאומרואיקט וועגן דעם אומ־גליקלאַכן אמתן קליינעם פּרינץ, וואָס איז מיט אַזאַ היץ אַרויסגע־לאָפן נוקם זיין זיך מיט דעם וועכטער, וואָס האָט באַליידיקט אים, דעם אָרימען שלעפּער? — יאָ, זיינע ערשטע קיניגלאַכע טעג זיינען געווען געצונג פאַרביטערט מיט דעם געדאַנק וועגן דעם פאַר־שוואונדענעם פּרינץ, מיט אַ וואונטש, ער זאָל זיך אומקערן און גליקלאַך פאַרנעמען דעם אָרט און די רעכט, וואָס אים געהערט, אָבער טעג זיינען פאַרבייגעגאַנגען און דער פּרינץ האָט זיך ניט אומגעקערט, טאָמס געדאַנקען זיינען אַלץ מער און מער פאַר־נומען געוואָרן מיט די נייע באַצויבערישע איבערלעבונגען און אַלץ ווייניקער און ווייניקער מיט דעם פאַרשוואונדענעם פּרינץ. און ווען ער האָט זיך יאָ אַמאָל אָן אים דערמאָנט, איז ער פאַר אים געווען אַן אומגעווינשטער גייסט פון יענער וועלט, מחמת טאָם פלעגט זיך בעת־מעשה פילן ניט גוט און פאַרשעמט.

טאָמס אָרימע מוטער און שוועסטער זיינען אויך פאַרגעסן געוואָרן. צום אָנהויב האָט ער געבענקט נאָך זיי, געגאַרט צו זען זיי; אָבער שפּעטער, האָט דער געדאַנק, אַז זיי קענען ווען עס איז קומען אין זייערע שמוציקע שמאַטעס און אַרויסגעבן אים מיט זייערע קושן און אַראָפּשלעפּן אים פון זיין דערהויבנקייט צוריק צו אָרימקייט, דערנידערונג און שמוציקע חורבות, — געמאַכט אים שוידערן, אָבער ביסלאַכווייז האָבן זיי אינגאַנצן אויפגעהערט צו באַאומרואיקן זיינע געדאַנקען, און ער איז געווען צופרידן, כּמעט גליקלאַך, וואָרים ווען נאָר זייערע טרויעריקע און באַשול־דיקנדיקע פּנימער פלעגן אַרויסטרעטן פאַר זיינע אויגן, פלעגט ער זיך אַליין פאַראַכטן מער ווי דעם וואָרים, וואָס פויזעט אויף דער ערד.

דעם נייַנצעטן פעווראַל אום האַלבע נאַכט, האָט טאָם קענטי איינגעשלאָפן אין פּאַלאַץ אויף זיין רייכער בעט, באַוואַכט פון געטרייע קנעכט און אַרומגערינגלט מיט קיניגלאַכן לוקסוס, פילנדיק זיך אַ גליקלאַך יינגל: מאָרגן האָט ער באַדאַרפט געקרוינט ווערן אַלס קיניג פון ענגלאַנד.

אין דערזעלביקער שעה איז עדוואַרד, דער אמתער קיניג — אַ הונגעריקער און אַ דורשטיקער, פאַרשמירט און פאַרשמוצט, אַן אָפּגעריסענער און אַן אָפּגעפּליקטער — אַ רעזולטאַט פון דעם גרויסן געשלעג — געשטאַנען איינגעקוועטשט צווישן אַ מענגע מענטשן, וואָס האָבן מיט גרויס אינטערעס צוגעקוקט ווי קאָמפּאַניעס אַרבעטער גייען אַריין און אַרויס פון וועסטמינסטער קירך און אַרבעטן פלייסיק, מאַכנדיק די לעצטע פאַרבערייטונגען צו דער קיניגלאַכער קרוינונג.

# איין־און־דרייסיקסטער קאַפּיטל.

## די קרוינונגס־פּראָצעסיע.

ווען סאָם קענטי האָט זיך אינדערפרי אויפגעכאַפּט, האָט אַלץ אַרום אים געלעבט און באַוועגט זיך. דער טומל האָט געקלונגען אין זיינע אויערן ווי מוזיק, ווייל דאָס האָט באַטייט, אַז גאַנץ ענגלאַנד האָט אַרויסגעשאָסן אויפן גאַס צו באַגריסן דעם דאָזיקן גרויסן טאָג.

אין גיכן האָט טאָם ווידער געדאַרפט זיין די הויפּט־פּער־זאָן פון אַ וואונדערפּולער פּראָצעסיע איבער דער טעמז, ווייל נאָכ־דעם אַלטן מנהג האָט די „אָנערקענונגס־פּראָצעסיע“, וואָס קומט פאַר פאַר דער קרוינונג פון אַ קיניג, — געדאַרפט אָנהויבן זיך פון „לאָנדאָן־טאַוער“ (לאָנדאָנער פעסטונג) און דורכגעענדיק די גאַנצע שטאָט, צוריקקומען אַהין.

ווען טאָם איז אַהין אָנגעקומען, האָבן די ווענט פון דער אַלטער פעסטונג ווי געפּלאַצט אין טויזנד ערטער מיט איין מאָל, און פון יעדער שפּאַרונג האָבן אַ שפּאַר געטאָן רויטע צינגער פלאַ־מען און ווייסע זיילן רויך. ס׳האָט זיך דערהערט אַ מוראדיקער אויפרייס פון פייערווערק, וואָס האָט פאַרטויבט די פרייד־אויסגע־שרייען פון המון און געמאַכט ציטערן די ערד. די סנאָפּעס פייערן, די אויפרייסן און די באַגריסונגען האָבן זיך ווידערהאָלט מיט אַ בהאַלדיקער קראַפט און שנעלקייט, אַזוי אַז אין גיכן איז די גאַנ־צע פעסטונג איינגעהילט געווען אין געדיכטן רויך, אַ חוץ דעם „ווייסן טורעם“, וואָס איז אַרויסגעטראָטן מיט זיין שפּיץ און סלאַ־טערדיקע פאָנען אויף אים, ווי דער שפּיץ פון אַ באַרג איבער די וואָלקנס

טאָם קענטי האָט געריטן אויף אַ פּראַכטיקן ריין-בלוטיקן רייט-פערד, ביי וועלכן די רייכע באַפּוצונגען האָבן דערגרייכט כמעט ביז דער ערד. זיין „פעטער”, דער לאָרד-רעגענט סאָמערסעט, אויך אויף אַ זעלטענעם קריגס-פערד, איז אים נאָכגעריטן פון הינטן. פון ביידע זייטן זיינען געריטן צוויי שורות קיניגליכע גווארדיע, באַהאַנגען מיט בלישטשענדיק געווער. נאָך דעם רעגענט האָט זיך אָן אַ סוף געצויגן אַ פּראָצעסיע פון אדעליקע מיט זייערע וואַסאַלען. נאָך זיי איז געפאָרן דער לאָרד-מער מיט די שטאָטישע ראַט-מענער אין סאַמעטענע פּורפּור-מאַנטלען מיט גאָלדענע קייטן אויף זייערע ברוסטן. דערנאָך זיינען געגאַנגען די באַאַמטע און מיטגלידער פון אַלע לאָנדאָנער גילדעס אין רייכע קליידער, טראָגנדיק שניי-ווייסע פאָנען פון אַלערליי קאָרפּאָראַציעס. אין דער פּראָצעסיע איז אויך געגאַנגען אַ באַזונדער ערן-וואַך פון דער „אַלטער און געאַכטער ראָטע אַרטילעריע,” וואָס האָט שוין עקזיסטירט דריי הונדערט יאָר און וואָס איז געווען די איינציקע מיליטער-אָפּטיילונג מיט דער פּריווילעגיע ניט צו זיין אָפּהענגיק פון פּאַרלאַמענט” (און וואָס האָט די פּריווילעגיע ביז היינטיקן טאָג). דאָס איז געווען אַ פּראַכטיק בילד און איז באַגעגנט געוואָרן מיט באַגריסונגען און אויסרופן די גאַנצע צייט וואָס די פּראָצעסיע האָט זיך באַוועגט צווישן דעם געוואַלדיקן געזעמל פון בירגער.

דער כראָניק-שרייבער דערציילט:

„ווען דער קיניג איז אַריינגעפאָרן אין שטאָט, איז ער אויפגענומען געוואָרן פון דער באַפעלקערונג מיט תפילות, מיט ברכות, מיט באַגריסונגס-אויסרופן, מיט צערטלאַכע ווערטער און מיט אַלע צייכנס פון אמתער ליבע פון געטרייע אונטערטאַנער צו זייער קיסר. און דער קיניג, אומקערנדיק זיין צופרידענעם פּנים צו די, וואָס זיינען געווען ווייט פון אים און ווענדנדיק זיך מיט העכסט פריינדלאַכע ווערטער, די, וואָס זיינען געשטאַנען נאָענט פון אים. — האָט ער אַרויסגעוויזן, אַז ער איז ניט ווייניקער גליקלאַך אָנצונעמען דאָס פאָלקס אויסדרוק פון ליבשאַפט, ווי דאָס פאָלק אויסצודריקן עס. אַלע, וואָס האָבן אים געוואונטשן אַלדאָס גוטס, האָט ער האַרציק געדאַנקט און די, וואָס האָבן אים

געבענטשט מיט די ווערטער: „גאָט באַשיץ זיין גנאָד!", — האָט ער צוריק געענטפערט מיט אַ ברכה: גאָט זאָל אייך אַלעמען באַשיצן!" און צוגעגעבן, אַז „ער דאַנקט זיי פון גאַנצן האַרצן". דאָס פאָלק איז געווען אַנטציקט פון זייער קיניגס ליבענס-ווירדיקע ענטפערס און האַנט-באַוועגונגען".

אין פּענטשערטש גאַס איז „אַ שיין קינד אין פּראַכטיקע קליידער" געשטאַנען אויף אַן עסטראַדע און באַגריסט דעם קיניג מיט אַ שיר, וואָס האָט זיך געענדיקט מיט די ווערטער:

„זיי באַגריסט, אָ, קיניג, ווי ווייט אַ האַרץ קען נאָר פילן,<br>
זיי ווידער באַגריסט, ווי ווייט אַ צונג קען נאָר זאָגן.<br>
באַגריסט זיי פון צינגער און הערצער. וואָס ווען קיינמאָל<br>
ניט פעלשן.

מיר בעטן ביי גאָט ער זאָל דיך באַשיצן<br>
און ווינטשן דיר אייביקן גליק"

דאָס פאָלק האָט אויסגעבראָכן אין אַ צופרידענעם דונער-געשריי און האָט איבערגעחזרט דאָס קינדס לעצטע פערז. טאָם קענטי האָט געקוקט אויף דעם ים באַוועגנדיקע און פריידיקע פּנימער און האָט געטראַכט. אַז דאָס איינציקע צוליב וואָס ס'איז כדי לעבן אויף דער וועלט, איז צו זיין אַ קיניג און דער ליבלינג פון אַ פאָלק. מיטאַמאָל האָט ער פונווייטן דערזען צוויי פון זיינע שמוץ-געסל חברים. איינער פון זיי איז געווען לאָרד-אַדמיראַל פון זיין אַמאָליקער פאַנטאַסטישער מלוכה און דער צווייטער איז געווען לאָרד הויפט-קאָמענדירער פון דעם פאַנטאַסטישן „קייזער-לאַכן הויף". — אָ, ווען זיי וואָלטן אים איצט געקענט דערקענען! וואָס פאַר אַן אויסערגעוויינלאַכער גליק דאָס וואָלט געווען, ווען זיי וואָלטן אים געקענט דערקענען און זען, אַז דער אַמאָליקער אויסגעשפּאָטער שפּיל-„קיניג" פון די חורבות און הינטער-געסלאַך איז איצט אַן אמתער קיניג, וואָס ווערט באַדינט פון הערצאָגן און פּרינצן ווי פון געוויינלאַכע קנעכט און ביי וועמען גאַנץ ענגלאַנד ליגט צו די פיס! אָבער ער האָט זיך געמוזט איינהאַלטן און פאַרשטיקן אין זיך דעם פאַרלאַנג, וואָרים די דערקענונג וואָלט אים געקענט קאָסטן מער וויפל דאָס פאַרגעניגן איז ווערט.

ער האָט זיך אָפּגעקערט און געלאָזן די צוויי אָפּגעריסענע יינגלאך ווייטער צערייסן זיך שרייענדיק, ניט חושד זייענדיק וועמען זיי באַגריסן עס אַזוי הייס און פריידיק.

פון צייט צו צייט האָט זיך פון המון געטראָגן אַ געשריי: „אַ מתנה! אַ מתנה!” טאָם האָט יעדעס מאָל אַ שאָט געטאָן אַ הויפן נייאינקע שיינענדיקע מטבעות און דער עולם האָט זיך אַ וואָרף געטאָן כאַפּן.

דער כראָניק-שרייבער דערציילט:

„אין אָנהייב פון גרייסטשערטש-גאַס, פאַרן אָדלער, האָט די שטאָט אויפגעבויט אַ מוראדיק גרויסן טריאומף-טויער, אונטער וועלכן עס האָט זיך איבער די גאַנצע ברייט פון דער גאַס געצויגן אַן עסטראַדע. אויפן טריאומף-טויער איז געווען אַ היסטאָריש בילד פון דער קיניגלאַכער-הויז. דאָ איז געווען פאָרגעשטעלט די פיגור פון דער קיניגין עליזאַבעט פון יאָרק אינמיטן פון אַ גיגאַנטישער רויז, די בלעטלאַך פון וועלכער ס׳האָבן זי אַרומגענומען ווי מיט אַ ראַם. לעבן איר האָט אַרויסגעקוקט פון אַ רויטער רויז הענרי דער זיבעטער. די הענט פון דער קיניגלאַכער פּאָר זייגען געווען פאַראייניקט און אויף זייערע פינגער האָבן זיך געזען די קדושין-פינגערלאַך. פון דער ווייסער און רויטער רויז האָט זיך אויפגעהויבן אַ שטענגל צו אַ צווייטן עטאַזש אויף וועלכן עס האָט פון אַ רויט-ווייסער רויז אַרויסגעקוקט הענרי דער אַכטער מיט דעם נייעם קיניגס מוטער אַננאַ סיימיור, ביי זיין זייט. פון דערדאָזיקער פּאָר האָט אַרויסגעשפּראָצט אַ צווייגל, וואָס האָט דערגרייכט אַ דריטן שטאָק, וואו ס׳איז געווען פאָרגעשטעלט די געשטאַלט פון עדוואַרד דעם זעקסטן אַליין, זיצנדיק אויפן טראָן אין קייזערלאַכן גלאַנץ. דאָס גאַנצע בילד, איז געווען אַרומגענומען מיט אַ ראַם פון רויטע און ווייסע רויזן”.

דערדאָזיקער זעלטענער און פּראַקטיקער בילד האָט אַריינגעבראַכט דעם עולם אין אַזאַ התפעלות, אַז די אויסגעשרייען האָבן אינגאַנצן פאַרטויבט די שטים פון דאָס קינד, וואָס האָט אין שירים דערקלערט די באַדייטונג פון דעם בילד. אָבער טאָם

קענטי האָט דערפון קיין עגמת-נפש ניט געהאַט, ווייל די באַ-גריסונגען און פרייד-אויסגעשרייען פון פאָלק איז געווען אַ זיסע-רע מוזיק פאַר אים ווי די בעסטע פּאָעזיע. ווען טאָם האָט אומ-געקערט זיין יונג גליקלאַך פּנים צום פאָלק, זיינען אַלע איבער-ראַשט געוואָרן פון דער ענלאַכקייט צווישן דעם לעבעדיקן קיניג און זיין גיפּסענעם געשטאַלט, און נייע שטורימדיקע באַ-גריסונגען האָבן זיך געטראָגן פון אַלע זייטן.

די פייערלאַכע פּראָצעסיע האָט זיך באַוועגט ווייטער און ווייטער, פון איין טריאומף-טויער צום צווייטן, פאַרביי צאָללאָזע לעבעדיקע און סימבאָלישע בילדער, וואָס האָבן פאָרגעשטעלט אָדער בערימט דעם קליינעם קיניגס מעלות, טאַלאַנטן אָדער פּאַר-דינסטן. „פון יעדער דאַך און יעדער פענסטער — דערציילט דער כראָניק-שרייבער, — זיינען אַראָפּגעהאַנגען פאָנען און פלאַגן; די רייכסטע טעפּיכער, שטאָפן און גאָלד-געשטריקטע געוועבן האָבן באַפּוצט די הייזער—מוסטערן פון די גרויסע עשירות, וואָס געפינט זיך אינעווייניק. דידאָזיקע פּראַכט איז געווען אויף אַנדערע גאַסן אויך און אויף אייניקע האָט עס נאָך איבערגעשטייגט״.

„און אָט די אַלע וואונדערס און זעלטנהייטן זיינען אַלץ פון מיינטוועגן!״—האָט טאָם קענטי געמורמלט צו זיך אַליין.

דעם כלומרשטיקן קיניגס באַקן האָבן געפלאַקערט פון אויפרעגונג, די אויגן האָבן געפינקלט. און אינגאַנצן איז ער גע-שוואומען ווי אין אַ פאַנטאַסטישן חלום. אין דערדאָזיקער מינוט, ווען ער האָט אויפגעהויבן זיין האַנט און געקליבן זיך אַ שאָט טאָן אַ פרישן הויפן מטבעות אין המון,—האָט זיין אויג באַמערקט אַ בלאַס, איבערראַשט פּנים, וואָס האָט זיך געריסן פון די הינ-טערשטע ציילן פאָראויס מיט די אויגן צוגעשמידט צו אים. ער האָט דערקענט זיין מוטער! און זיין האַנט, מיט דער אינעווי-ניקסטער זייט אַרויס, האָט אַ פלי געטאָן צו זיינע אויגן, — אַן אַלטע, ניט ווילנדיקע באַוועגונג, וואָס איז געקומען פון אַ לאַנג פאַרגעסענעם צופאַל און איז געוואָרן אַן אייביקע געוווינהייט. אין אַ מינוט אַרום, האָט זי זיך דורכגעדרונגען צווישן עולם, פאַר-ביי געלאָפן די וואַך און אַרומכאַפּנדיק זיין פוס, באַדעקט מיט

קושן, שרייענדיק: „אַ מיין קינד, מיין טייערער!", אויפהייענדיק צו אים דעם פּנים, וואָס האָט געלויכטן מיט פרייד און ליבע.

אין דעמזעלביקן מאָמענט האָט אַן אָפיצער פון דער קיניגלאַכער גוואַרדיע אַ כאַפּ געטאָן די פרוי און, מיט אַ ווילדוואַרט אַ שליידער געטאָן זי מיט אַזאַ קראַפט, אַז זי איז אָפּגעפלויגן צו דעם אָרט, פונוואַנען זי איז געקומען. „איך קען דיך ניט, פרוי"—זיינען געווען די ווערטער, וואָס האָבן זי באַגלייט, בעת זי איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן פון אים. אָבער עס האָט אים פאַרדריקט דאָס האַרץ, זעענדיק ווי מען באַהאַנדלט זי. און ווען זי האָט צום לעצטן מאָל, איידער זי איז פאַרשלונגען געוואָרן צווישן געדיכטן המון, געוואָרפן אויף אים אַ בליק,—האָט זי אויסגעזען אַזוי באַליידיקט, אַזוי נידערגעשלאָגן און צעבראָכן, אַז ער האָט ניט געוואוסט, וואו אַהינצוטאָן זיך פון חרפּה. זיין גאַנצער שטאָלץ איז געוואָרן צו אַש און זיין געגנבעטע קיניגלאַכע גרויסקייט איז פאַרוועלקט געוואָרן. דער גאַנצער כבוד האָט פאַרלאָרן זיין ווערט. עס האָט אויסגעזען, ווי אַלץ וואָלט פון אים אַראָפּגעפאַלן ווי איבערגעפוילטע שמאַטעס.

די פּראָצעסיע האָט זיך ווייטער באַוועגט צווישן דער אַלץ פאַרגרעסערטער הערלאַכקייט און וואַקסנדיקע דונערן פון באַגריסונגען, אָבער טאָם קענטי האָט שוין קיינזאַך ניט געהערט און ניט געזען, ווי זיי וואָלטן נאָר אויף דער וועלט ניט געווען. די קיניגלאַכע קרוין האָט פאַר אים פאַרלאָרן איר פּראַכט און גלאַנץ און דער גאַנצער פּאַראַד איז געווען ווי אַ פאָרוואורף פאַר אים. חרטה האָט אויסגעגעסן זיין האַרץ און ער האָט געטראַכט, ווי אין די ערשטע טעג פון זיין געפאַנגענשאַפט: „הלוואי העלפט מיר גאָט צו באַפרייען זיך פון דער תּפיסה".

די פּראַכטיקע פּראָצעסיע האָט זיך ווי אַן ענדלאָזער, גלאַנצנדער שלאַנג געצויגן איבער די געדרייטע גאַסן און געסלאַך פון דער אייגנאַרטיקער אַלטער שטאָט, צווישן דער טומלדיקער באַפעלקערונג. אָבער דער קיניג איז געפאָרן מיט אַן אַראָפּגעבויגענעם קאָפּ און אַראָפּגעלאָזענע אויגן, וואָס האָבן נאָר געזען

זען זיין מוטערס פּנים מיט דעם אויסדרוק פון טיפער באַליידי־קונג אין אים.

— אַ געשאַנק, אַ מתּנה! — האָט געשריען דער המון.

אָבער דער געשריי איז געפאַלן ווי אין אַ וויסטע, — ס׳אָם איז געווען גלייכגילטיק־טויב צו אַלץ.

— לאַנג לעבן זאָל עדוואַרד, קיניג פון ענגלאַנד! האָט אַ דונער געטאָן, ווי די ערד וואָלט געפּלאַצט. אָבער דער קיניג האָט ניט געענטפערט אויף דער באַגריסונג. ער האָט עס געהערט ווי איינער הערט דעם געררויש פון ים־כוואַליעס, ווען זיי קומען פון ערגעץ זייער ווייט, ווייל די קולות זיינען פאַרטויבט געוואָרן מיט אַן אַנדער קול, וואָס איז געקומען פון אַ סך נענטער — פון זיין אייגן געוויסן און וואָס האָט כּסדר ווידערהאָלט: „איך קען דיך ניט, פּרוין!״

דידאָזיקע ווערטער האָבן געקלונגען אין דעם קיניגס אויערן, ווי דער קלאַנג פון אַ לוויה־גלאָק קלינגט אין די אויערן פון איינעם, וואָס ווייס, אַז ער האָט באַגאַנגען אַ גרויסע עוולה קעגן דעם געשטאָרבענעם.

אויף יעדער ווינקל האָבן זיך אַנטפּלעקט נייע פּראַכטן, נייע וואונדער, נייע איבעראַשונגען זיינען אַרויסגעשפּרונגען פאַר די אויגן; אַ שיסעריי פון האַרמאַטן האָט געמאַכט ציטערן די ערד, נייע באַגריסונגען און פרייד־געשרייען האָבן זיך געריסן פון טויזנטער מיילער, אָבער דער קיניג האָט בלויז געהערט איין קול — דעם באַשולדיקונגס־קול פון זיין האַרץ, וואָס האָט ניט גע־קענט געטרייסט ווערן.

ביסלאַכווייז איז ביי דער באַפעלקערונג פאַרשוואונדן די צופרידנקייט פון די פּנימער און האָט זיך פאַרביטן מיט אַן אויס־דרוק פון זאָרג און אומרואיקייט. די באַגריסונגען האָבן אָנגע־הויבן אָפּגעשוואַכט צו ווערן. צייטנווייז האָבן די באַגריסונגען אינגאַנצן אויפגעהערט. דער לאָר־רעגענט האָט עס באַלד באַ־מערקט און ער האָט גלייך פאַרשטאַנען די סיבּה דערפון אויך. ער איז צוגעריטן צום קיניג, נידעריק אָנגעבויגן זיך אין זיין זאָטל און אַראָפּנעמענדיק זיין הוט, געזאָגט:

— מיין קיניג, איצט איז ניט קיין צייט צו פאַנטאַזירן.

דאָס פאָלק באַמערקט דיין אראָפּגעלאָזענעם קאָפּ, דיין פאַרטונקלטן פנים און נעמט עס אָן פאַר אַ שלעכטן סימן. פאָלג מיין ראַט: אַנטפלעק דיין קיניגלאַכע זון און זאָל זי אויפשיינען איבער ד׳ וואָלקנס פון פאַרגעפּיל און צעשטרייען זיי. הייב אויף דיין קאָפּ און שמייכל צום פאָלק.

אזוי ריידנדיק, האָט דער הערצאָג אַ שאָט געטאָן אַ הויפן מטבעות רעכטס און לינקס און איז אָפּגעריטן אויף זיין אָרט. דער כלומרשטיקער קיניג האָט געטאָן ווי מען האָט אים געהייסן. זיין שמייכל האָט אין זיך קיין לעבן ניט געהאַט, אָבער עס זיינען ניט געווען קיין סך אויגן נאָנט גענוג אָדער שאַרף גענוג צו באַמערקן עס. די נייגונגען פון זיין באַפעדערטן קאָפּ, ווען ער האָט געענטפערט זיינע אונטערטאַנער אויף זייערע באַגריסונגען, זיינען פול געווען מיט אַזויפיל גראַציע און גנאָדיקייט, די מתּנות, וואָס ער האָט געוואָרפן אין המון, זיינען געווען אַזוי קיניגלאַך רייך, אַז דאָס פאָלק האָט באַלד פאַרגעסן אָן זיין אומרואיקייט און האָט ווידער אויסגעבראָכן אין מעכטיקע אויסגעשרייען ווי פריער.

דאָך אַ ביסל פריער, איידער די פּראָצעסיע האָט זיך געענדיקט, האָט דער הערצאָג געמוזט נאָך אַמאָל צוריַיטן צום קיניג און דערמאָנען אים:

— אָ, גרויסער קיניג! טרייסלט אָפּ פון זיך דעמדאָזיקן אומגליקלאַכן אומעט! די אויגן פון דער גאַנצער וועלט זיינען געווענדט אויף אייך. דער טייוול האָט בּסמסיגט נעמען די משוגענע בעטלערקע. דאָס האָט זי צעשטערט די שטימונג פון אייער מאַיעסטעט! — האָט ער מיט פאַרדרוס צוגעגעבן.

דער אויסגעפּוצטער „קיניג“ האָט אַ קוק געטאָן אויף דעם הערצאָג מיט אויסגעלאָשענע אויגן און האָט מיט אַ טויטן קול געזאָגט:

— דאָס איז געווען מיין מוטער!

— גאָט מיינער! האָט אויסגעקרעכצט דער רעגענט, אָפּהאַלטנדיק דעם פערד אויף צוריק. — דער סימן איז געווען אַ נביאות: ער איז ווידער משוגע געוואָרן!...

---

# צוויי־און־דרייסיקסטער קאַפּיטל.

## דער קרוינונגס־טאָג.

לאָמיר זיך אומקערן און לאָמיר פאַרנעמען אַן אָרט אין וועסטמינסטער־קירך פיר אַ ווייגער אינדערפרי אין דעם היסטאָרישן קרוינונגס־טאָג. מיר וועלן דאַרפן ניט זיין אַליין: כאָטש ס'איז נאָך שטאָק־פינסטער, פונדעסטוועגן זיינען שוין די פאַקעל־באַלויכטענע גאַלערייען פול מיט מענטשן, וואָס זיינען צופרידן צו זיצן זיבן אָדער אַכט שעה ביז זיי וועלן זען אַ זאַך, וואָס קען זיי ניט אויסקומען צו זען נאָך אַמאָל אין זייער לעבן — די קרוינונג פון אַ קיניג. יאָ, לאָנדאָן און וועסטמינסטער זיינען שוין פון דריי אַ זייגער ביינאַכט אָן אויף די פיס. רייכע מענטשן, וואָס האָבן אָבער ניט געהאַט קיין טיטלען, האָבן פאַר געלט געקויפט זיך פלעצער אין דער גאַלעריי, האָבן זיך אויפגעהויבן מיטן ערשטן האַרמאַטן־שאָס דריי אַ זייגער ביינאַכט און האָבן איצט געאײַלט צו פאַרנעמען זייערע ערטער.

די שעהן האָבן זיך געצויגן גענוג לאַנגזאַם. יעדע באַוועגונג האָט שוין פון אַ געוויסע צייט אויפגעהערט, מחמת די גאַלערייען זיינען שוין לאַנג פול געפּאַקט. מיר קענען איצט זיצן רואיק און צוקוקן, און באַטראַכטן יעדער זאַך גאַנץ געלאַסן. אין דער טונקלקייט פון דער קירך קענען מיר כאַפּן אַ קוק אויף אייניקע טיילן פון די גאַלערייען און באַלקאָנען, וואָס זיינען געפּאַקט מיט מענטשן, אין דער צייט, וואָס אַנדערע טיילן זיינען פון אונז פאַרשטעלט מיט זיילן און ווענטלאַך. מיר זעען פאַר זיך די גאַנצע צפון־זייט פון דער קירך, וואָס שטייט ליידיק און וואַרט אויף די יחסנים און אַריסטאָקראַטיע פון ענגלאַנד. מיר

זעען אויך די גרויסע, מיט טייערע שטאָפן באַדעקטע, עסטראַדע, אינמיטן פון וועלכער עס שטייט דער טראָן, צו וועלכן עס פירן פיר טרעפלאַך. אין געזעס פון טראָן איז איינגעפאַסט אַ פּראָסטער פלאַכער שטיין, אויף וועלכן עס זיינען געקרוינט געוואָרן אַ סך דורות שאָטלענדישע קיסרים, און דער שטיין איז מיט דער צייט געוואָרן געגנוג הייליק, ער זאָל דינען פאַר ענגלישע קיסרים אויך. דער טראָן און דאָס פוס־בענקל זיינען געווען באַדעקט מיט גאָלד־שטאָף.

אין קירך הערשט אַ שטילקייט: די פאַקעלן לייכטן טונקל, די צייט ציט זיך לאַנגזאַם. נאָך צום סוף קומט אָן דער פּאַרי־שפּעטיקטער פּרימאָרגן, די פאַקעלן ווערן אויסגעלאָשן און אַ ווייכע ליכטיקייט צעגיסט זיך איבער דער גרויסער קירך. אַלע שטריכן און קאָנטורן פון דער נאָבעלער געביידע טרעטן איצט אַרויס, אָבער ניט שאַרף, נור ווייך און פאַרחלומט, ווייל די זון איז אַ ביסל פאַרהילט אין וואָלקנס.

זיבן אַ זייגער ווערט צום ערשטן מאָל געבראָכן די לאַנג־ווייליקייט, ווייל ווי נאָר דער זייגער האָט געשלאָגן זיבן, איז אין צפון־טייל פון קירך אריין די ערשטע אדל־פרוי, פאַרפּוצט ווי שלמה המלך אין דער בליענדיקסטער צייט פון זיין הערשאַפט. איין באַאַמטער, אָנגעטאָן אין סאַמעט און אַטלאַס, האָט זי אָפּגעפירט אויף איר אָרט און דער צווייטער האָט אונטערגעטראָגן איר שלעפּע און, ווען זי האָט זיך אַנידערגעזעצט, צורעכטגעמאַכט די שלעפּע אַרום אירע פיס און אַוועקגעשטעלט איר קרוינדל צום האַנט, זי זאָל זי קענען באַקוועם נעמען, ווען ס'וועט קומען די צייט פאַר דער אַריסטאָקראַטיע אָנצוטאָן זייערע קרוינען.

איצט האָט אָנגעהויבן אַריינצושטראָמען אַ גלענצנדער שטראָם פון אדל־פרויען. די סאַמעט־און־אַטלעס בעקליידטע באַאַמטע לויפן אום הין־און־צוריק, צעזעצן זיי אויף די ערטער און מאַכן זיי באַקוועם. דאָס בילד ווערט אָפּגעלעבט. אומעטום איז לעבן, באַ־וועגונג און פאַרבן־וועקסלונג.

אין אַ ווײַלע אַרום ווערט ווידער שטיל. אַלע אַריסטאָקראַ־טישע דאַמען זיינען שוין אויף זייערע ערטער, פאַרשטעלנדיק מיט

זיך אַ לעבעדיקן בלומען גאָרטן פון אַלערליי פאַרבן. זיי זיינען באַשאָטן מיט דימאַנטן ווי דער „מילך־וועג“ אויפן הימל. דאָ זיינען פאָרגעשטעלט פרויען פון יעדן עלטער: פאַראַן דאָ געלב־פנימדיקע, צעקנייטשטע, גרוי־האָריקע אַלטע אַלמנות, וואָס געדענקען נאָך די קרוינונג פון ר י ט ש אַ ר ד ד ע ם ד ר י ט ן און די אומרואיקע טעג פון יענער לאַנג־פאַרגעסענער צייט, פאַראַן דאָ שיינע מיטל־יאָריקע דאַמען, ליבנסווירדיקע, גראַציעזע יונגע פרויען און פראַקטיקע יונגע מיידלאַך מיט שיינענדיקע אויגן און צאַרטע פנימער, וואָס וועלן אפשר מיט פאַרלעגנהייט אָנטאָן זייערע קרוינען, ווען די צייט וועט קומען*), ווייל די זאַך איז פאַר זיי ניי און זייער אויפרעגונג קען זיי שטערן. אָבער גיכער וועט עס ניט פּאַסירן, ווייל די אַלע דאַמען און פרייליַנס האָבן אַזוי פאַרקאַמט די האָר, די קרוין זאָל זיך לייכט אָנטאָן און גוט צופּאַסן, ווען דער סיגנאַל דערצו וועט געגעבן ווערן.

מיר האָבן שוין געזען, אַז די גאַנצע געזעלשאַפט פון די אַריסטאָקראַטישע דאַמען זיינען געדיכט באַשאָטן מיט דימאַנטן און בריליאַנטן און מיר האָבן געזען, וואָס פאַר אַ וואונדערפולע בילד דאָס איז, אָבער איצט וועלן מיר ערשט אויף אַן אמת נתפעל ווערן: אַרום ניין אַ זייגער זיינען די וואָלקנס מיטאַמאָל פאַרשוואונדן און שטראָמען זונען־שיין האָבן זיך אַריינגעריסן אין קירך און באַגאָסן די רייען דאַמען. יעדער ריי דאַמען, וואָס ווערט באַרירט פון די זון־שטראַלן, פלאַמט אויף מיט אַלע קאָליאָרן פון רעגנבויגן, און ווי אַן עלעקטרישער שטראָם גייט דורך איבער אונז, ווען מיר זען די פּראַכט און גלאַנץ פון דעם בילד! אָט איז, צוזאַמען מיט אַנדערע אויסלענדישע געזאַנדטע, דורכגעגאַנגען דורך דער זון־אַלייע אַ געזאַנדטער פון עפּעס אַ ווייטער מזרח־מלוכה. ער איז פון קאָפּ ביז די שפּיץ פינגער באַשאָטן מיט דימאַנטן און שאַץ־שטיינער, וואָס פינקלען און בלישטשען ביי זיין יעדער באַוועגונג, און עס פאַרכאַפּט ביי אונז דער אָטעם פון דעם שפּרינגענדיקן גלאַנץ, וואָס ער צעגיסט אַרום זיך.

---

*) ביי דער קרוינונג פון אַ קיניג האָט יעדער געטיטלטע און אַדעליקע דאַמע אָנגעטאָן איר פאַמיליען־קרוין.

די צייט איז געגאַנגען. ס'איז אוועק אַ שעה, צוויי שעה דריטהאַלבן שעה, דערנאָך האָט די דונערדיקע שיסעריי פון האַרמאַטן אָנגעזאָגט, אַז דער קיניג מיט זיין גלענצנדער סוויטע זיינען אָנגעקומען, און דער פאַרזאַמלטער עולם האָט אָפּגעלעבט. אַלע האָבן געוואוסט, אַז עס וועט נאָך אויסקומען צו וואַרטן, ווייל דער קיניג דאַרף נאָך פּאָרבערייט און אָנגעטאָן ווערן פאַר דער פייערלאַכער צערעמאָניע. אָבער די צייט וועט מען קענען פאַרטרייבן אין באַטראַכטן די אָנגעקומענע פּערען *) אין זייערע פּאַראַד-קליידער.

די פּערען זיינען מיט דעם גאַנצן געהעריקן עטיקעט פונאַנדערגעפירט געוואָרן אויף זייערע ערטער, און לעבן יעדערן איז אַוועקגעלייגט געוואָרן זיין קרוין. אים זאָל זיין באַקוועם צום האַנט. דער עולם אין די גאַלערייען, האָט מיט דער גרעסטער נייגעריקייט באַטראַכט די הערצאָגן, גראַפן און באַראָנען, וועמעס נעמען עס זיינען שוין באַוואוסט געווען אין דער ענגלישער געשיכטע פינף הונדערט יאָר. אַ סך פון די פאַרזאַמלטע אין די גאַלערייען האָבן דאָס ערשטע מאָל אין זייער לעבן געזען גראַפן און הערצאָגן. ווען אַלע האָבן זיך צעזעצט אויף זייערע ערטער, האָט זיך פאַר די, וואָס זיינען געזעסן אין דער גאַלערייע און אויף די באַלקאָנען, געעפנט אַ זעלטן בילד, וואָס איז ווערט געווען אָנצוקוקן און צו געדענקען.

אויף דער עסטראַדע האָבן זיך באַוויזן די פּאָטערס פון דער קירך — בישופס, באַגלייט פון אַ גאַנצער מחנה גלחים אין זייערע גלחישע קליידער און בישאָף-מיצן. נאָך זיי זיינען געקומען דער לאָרד-רעגענט און אַנדערע וויכטיקע שטאַטס-מענער, הינטער וועלכע עס איז געגאַנגען אַן אָפּטיילונג פון דער קיניגלאַכער גוואַרדיע, אין גלאַנציקע שטאָלענע פּאַנצערס.

אין קירך איז שטיל געוואָרן. דער גאַנצער עולם האָט געוואַרט מיט דער גרעסטער שפּאַנונג. דערנאָך האָט זיך דערהערט אַ סיגנאַל, און גלייך נאָכדעם — די קלאַנגען פון פייערלאַכער

*) פּער — די העכסטע פון ענגלישן אדל-שטאַנד. Высшес дворянство.

מוזיק, און טאָם קענטי, אָנגעטאָן אין אַ לאַנגער גאָלד־געַ־וועבטער קיניג־קלייד — איז אַריין פון אַ טיר און איז אַרויף אויפן עסטראַדע. די גאַנצע פאַרזאַמלונג איז אויפגעשטאַנען אויף די פיס, און די קרוינונג האָט זיך אָנגעהויבן.

די באַצויבערנדיקע קלאַנגען פון אַ פסאַלם האָט זיך צעגאָסן איבער דער קירך, און טאָם קענטי, וואָס איז פייערלאַך באַגעגנט געוואָרן, איז צוגעפירט געוואָרן צום טראָן. די פאַר־צייטיקע אַלטע צערעמאָניע איז ווייטער אָנגעגאַנגען מיט דער גאַנצער פייערלאַכקייט און די פאַרזאַמלטע האָבן אָנגעקוקט. וואָס נעענטער די צערעמאָניע איז געקומען צום סוף, אַלץ בלאַ־סער און בלאַסער איז טאָם קענטי געוואָרן. טיפער טרויער און יאוש האָט בעדריקט זיין געמיט און זיין האַרץ, וואָס איז צעריסן געוואָרן פון חרטה.

עס איז אָנגעשטאַנען דער לעצטער אַקט פון דער צערע־מאָניע. דער אַרצבישוף פון קענטערבערי האָט גענומען פון קישן די ענגלישע קרוין און אויפגעהויבן זי איבער דעם ציטערנ־דיקן כלומרשטיקן קיניגס קאָפּ. אין זעלביקן מאָמענט האָט אין דער צפון־אָפּטיילונג פון קירך אַ בליק געטאָן ווי אַ רעגנבויגן, ווייל די אַדל־לייט און אַדל־דאַמען האָבן אַלע ווי איינער אויפ־געהויבן זייערע קרוינען איבער די קעפּ און געבליבן ווארטן אין אזא פּאָזע.

אַ טיפע שטילקייט איז אָנגעשטאַנען אין קירך. אין דעמ־דאָזיקן פייערלאַכן מאָמענט, האָט זיך אויף דער סצענע באַוויזן אַ שרעקנדיק געשטאַלט, — אַ געשטאַלט, וואָס קיינער פון דעם פאַרטיפטן עולם האָט ניט באַמערקט, ביז עס האָט זיך ניט גע־נומען באַוועגן איבער דעם הויפּט־דורכגאַנג. דאָס איז געווען אַ יינגל אָן אַ היטל, אין צעריסענע שיך, אין גראָבע, צעריסענע, אָרימע קליידער, וואָס זיינען צעפאַלן אויף שטיקלאַך. ער האָט אויפגעהויבן זיין האַנט מיט אַ פייערלאַכקייט, וואָס האָט ניט האַרמאָנירט מיט זיין שמוציקן און טרויעריקן אויסזען, און האָט אויסגערופן:

— איך פאַרבאָט אייך אַרויפצולייגן די קרוין פון ענגלאַנד — אויף דעמדאָזיקן פאַררעטערס קאָפּ. איך בין דער קיניג!

עטלאַכע הענט האָבן גלייך אַ כאַפּ געטאָן דאָס יינגל, אָבער אין דערוועלביקער מינוט איז טאָם קענטי אין זיינע קיניגלאַכע קליידער שנעל אַרויסגעטראָטן פאָראויס און מיט אַ קלינגענדיק קול אויסגעשריען:

— לאָזט אים אָפּ און ניט באַרירט אים! ער איז דער קיניג!

אַ מוראַדיקע ערשטוינונג האָט אַרומגעכאַפּט די פּאַרזאַמלטע. אַלע האָבן זיך אויפגעהויבן פון זייערע ערטער און מיט איבער־ראַשונג געקוקט איינער אויפן צווייטן און אויף די הויפּט־פיגורן פון דער סצענע, ווי זיי וואָלטן אַליין ניט געוואוסט, צי זעען זיי דאָס אויפן וואָר אָדער אין חלום. דער לאָרד־רעגענט איז אויך געווען ערשטוינט ווי די איבעריקע, ער איז אָבער גיך צו זיך געקומען און מיט אַ פעסטן טאָן באַפוילן:

— הערט זיך ניט צו צו זיין מאַיעסטעטס רייד. זיין קראַנק־הייט איז אים ווידער באַפאַלן. כאַפּט דעם וואַגאַבונד!

מען האָט אים שוין געוואָלט פּאַלגן, אָבער דער כלומר־שטיקער קיניג האָט אַ טופּע געטאָן מיטן פוס און אויסגעשריען:

— אונטער געפאַר פון אייער טויט־שטראָף! באַרירט אים ניט — ער איז דער קיניג!

די הענט האָבן זיך צוריקגעצויגן און אַלע זיינען ווי פּאַ־ראַליזירט געוואָרן. קיינער האָט זיך ניט באַוועגט און קיינער האָט אַ וואָרט ניט גערעדט. קיינער האָט אַפילו ניט געוואוסט, וואָס צו זאָגן אָדער וואָס צו טאָן — אַזוי מערקווירדיק און אומדערוואַרט איז געווען דער צופאַל. אין דער צייט, ווען אַלע האָבן זיך באַ־מיט צו באַגרייפן וואָס דאָ קומט פאָר, האָט זיך דאָס יינגל אַלץ באַוועגט פאָראויס מיט זיכערע טריט און מיט אַן אויפגעהויבע־נעם קאָפּ, ניט אָפּשטעלנדיק זיך אויף איין מאָמענט. און אין דער צייט, וואָס די צעמישטע מוחות האָבן נאָך אַלץ ניט געקענט צו זיך קומען, איז ער אַרויף אויף דער עסטראַדע, און דער

פלומרשטער קיניג איז אים מיט אַ גליקלאַך פּנים אַנטקעגן גע־לאָפן און, אַ פאַל געבנדיק אויף די קני, געזאָגט:

— אָ, מיין הערשער און קיניג, לאָז דעם אָרימען טאָם קענטי צו זיין דער ערשטער צו שווערן טרייהייט צו דיר און זאָגן: „טו אָן דיין קרוין און פאַרנעם ווידער דעם אָרט, וואָס דיר געהערט!"

דער לאָרד-רעגענט האָט שטרענג אַ קוק געטאָן אויף דעם אָנגעקומענעם, אָבער די שטרענגקייט איז גלייך פאַרשוואונדן און זיין פּנים האָט אויסגעדריקט גרויס איבערראַשונג. דאָס זעלביקע האָט פּאַסירט מיט די איבעריקע הויף-לייט. זיי האָבן זיך איבער־געקוקט צווישן זיך און אָפּגעטראָטן אַהינטער. ביי אַלעמען איז געווען איין געדאַנק: „וואָס פאַר אַ מערקווירדיקע ענלאַכקייט!"

דער לאָרד-רעגענט האָט אַ וויילע געטראַכט ווי אין פאַר־לעגנהייט, נאָכהער ערנסט און מיט גרויס רעספּעקט געזאָגט:

— מיט אייער ערלויבעניש, סער, ערלויבט מיר צו פרעגן אייך עטלאַכע פראַגן, וואָס...

— איך וועל אויף זיי ענטפערן, מיין לאָרד.

דער הערצאָג האָט אים געשטעלט אַ סך פראַגן, וועגן דעם הויף, וועגן דעם געשטאָרבענעם קיניג, וועגן דעם פרינץ און פּרינ־צעסינס—דאָס יינגל האָט אויף אַלץ געענטפערט ריכטיק און ניט געקווענקלט. ער האָט אָפּגעמאָלדן די פּאַראַד-זאַלן פון פּאַלאַץ, די צימערן פון געוועזענעם קיניג און פון פרינץ.

ס'איז געווען מערקווירדיק, ס'איז געווען וואונדערלאַך, עס איז געווען ניט צו פאַרשטיין — אַזוי האָבן געזאָגט אַלע, וואָס האָבן אים געהערט. די מיינונג פון די פאַרזאַמלטע האָט זיך אָנ־געהויבן נייגן אויף דעם צד פון נעקומענעם און טאָמס האָפע־נונגען האָבן זיך שוין געשטאַרקט, ווען דער לאָרד-רעגענט האָט, שאָקלענדיק מיטן קאָפּ געזאָגט:

— אמת, דאָס איז מערקווירדיק, אָבער דאָס איז ניט מער וויפל אונזער קיניג ווייס. דאָס זיינען נאָך ניט קיין ראיות.

דידאָזיקע באַמערקונג ··· דאָס, וואָס מען האָט פון אים

גערעדט ווי פון קיניג, האָט ווידער טרויעריק געמאַכט טאָם קענטי און זיינע האָפענונגען האָבן אָנגעהויבן צו זינקען.

דער שטראָם האָט זיך איצט געענדערט און טאָם האָט געפילט, אַז אָט, אָט ווערט יענער אַרויסגעוואָרפן און ער בלייבט ווידער אויפן טראָן. דער לאָרד-רעגענט האָט דערווייל געשאָקלט מיטן קאָפּ און געשלאָגן זיך מיט דער דעה: „אַזאַ מין רעטעניש איז אַ סכנה פאַר דער מלוכה און פאַר אונז אַלעמען — האָט ער געקלערט, — דאָס קען צעטיילן דאָס פאָלק אין צוויי לאַגערן און אונטערגראָבן דעם טראָן".

— סער טאָמאַס! — האָט ער זיך אַ קער געטאָן צו איינעם פון די הויף-באַאַמטע, — אַרעסטירט אָט דעם... ניין, וואַרט! —

זיין פּנים איז באַלויכטן געוואָרן, און ער האָט זיך געווענדט צום אָפּגעריסענעם קאַנדידאַט אויפן ענגלישן טראָן מיט דיזאָזיקע ווערטער:

— וואו ליגט דער גרויסער מלוכה-שטעמפּל? — ענטפער מיר אויף דערדאָזיקער פראַגע און די רעטעניש איז געלייזט. וואָרים נאָר דער אמתער פרינץ פון וועלס קען ענטפערן אויף דער פראַגע. פון אַזאַ קלייניקייט איז אָפּהענגיק אַ טראָן און אַ דינאַסטיע!

דאָס איז געווען אַ גוטער איינפאַל, אַ גליקלאַכער איינפאַל. אַלע הויפּלייט איז געפעלן דער געדאַנק, — דאָס האָט מען געקענט זען נאָך דעם, ווי זיי האָבן צווישן זיך איבערגעקוקט זיך. יאָ, מער ווי דער פרינץ קען ניט אַנטדעקן די טיפע געהיימעניש פון דעם פאַרשוואונדענעם שטעמפּל. דער אָפּגעריסענער באַטריגער האָט גוט אויסגעלערנט זיין ראָליע, אָבער דאָס האָט אים זיין לערער אויך ניט געקענט לערנען, ווייל ער ווייס אַליין ניט וואו דער שטעמפּל ליגט. אָך, זייער גוט, איצט וועט מען גיך פּטור ווערן פון דעם אומגעריכטן פּלאָנטער!

און זיי האָבן צוגעשאָקלט מיט די קעפּ צופרידן שמייכלענדיק ביי דעם געדאַנק, אַז דער קליינער שווינדלער וועט דאָ באַלד בלייבן צום נאַר. אָבער ווי איבערראַשט זיינען זיי געוואָרן, ווען זיי האָבן געזען, אַז עס הייבט זיך גאָר ניט [illegible] פאַר-

וואונדערט זיי זיינען געווארן, ווען זיי האבן געהערט דאס ייִנגל גלייך ענטפערנדיק זיכער און רואיק:

— דאס איז ניט קיין הארבע רעטעניש.

און, ניט פרעגנדיק קיינעמס ערלויבעניש, האט ער זיך אומגעקערט און, מיט דער לייכטקייט און זיכערקייט פון א מענטשן, וואס איז געווײנט צו באפוילן, האט געזאגט:

— מיין לארד סענט דזשאן, גייט גלייך אין מיין פריוואט־קאבינעט, וואס אין פאלאץ—ווער ווייס נאך אזוי גוט ווי איר, וואו ער געפינט זיך—און דארטן, הארט ביים דיל אין לינקן ווינקל, אין ווייטסטן פון טיר, וואס פירט פון אריינגאנגס־צימער, וועט איר געפינען אין וואלד א מעשן קעפל פון א נאגל. דריקט אויף דאס קעפל און עס וועט זיך עפענען א געהיים שרענקל, וועגן וועלכן אפילו איר ווייסט ניט—איבערהויפט ווייס פון אים קיינער אין דער וועלט ניט, אחוץ מיר אליין און דער מייסטער, וואס האט עס פאר מיר געמאכט. — די ערשטע זאך, וואס איר וועט אין שרענקל דערזען, איז דער גרויסער שטעמפל. גייט און ברענגט עס אהער.

די גאנצע געזעלשאפט האט זיך פארוואונדערט פון דער רעדע, און האט זיך נאך מער געוואונדערט דערפון, וואס דער קליינער שלעפער האט אויסגעקליבן צו שיקן אין דער שליחות דווקא דעמדאזיקן לארד אן שום קווענקלונג אדער מורא פאר א טעות און האט אים אנגערופן ביים נאמען מיט אזא רואיקער זיכערקייט, ווי ער וואלט אים געקענט זיין גאנץ לעבן. דער פער איז פון גרויס איבערראשונג שוין גרייט געווען צו פאלגן, ער האט שוין אפילו געווען געמאכט א באוועגונג, ווי ער וואלט זיך געקליבן צו גיין, אבער ער האט זיך באלד צוריק . . . א כאפ געטאן און אנגענומען די פריערדיקע רואיקע פאזע, און נאר די פארב אין זיין פנים האט עדות געזאגט, אז ער האט זיך אליין פארשעמט פאר דעם טעות, וואס ער האט געווען געמאכט.

טאם קענטי האט זיך א קער געטאן צו אים און געזאגט:

— פארוואס ווילט איר? האט איר דען ניט געהערט דעם קיניגס באפעל? — גייט!

דער לאָרד סענט דזשאָן האָט זיך פאַרנייגט — און אַלע האָבן באַמערקט, אַז ער איז געווען גענוג פאָרזיכטיק ניט צו נייגן זיך ניט דעם, ניט יענעם קיניג, נאָר דעם שטח צווישן ביידע קיסרים—און איז אַרויסגעגאַנגען.

איצט האָט זיך אָנגעהויבן אַ באַוועגונג צווישן די פּאַר־זאַמלטע. די באַוועגונג איז געווען קוים באַמערקבאַר, אָבער אָן אויפהער.

ווי אין אַ קאַלײדעסקאָפּ, וואָס ווערט לאַנגזאַם געדרייט, פאַלן אָפּ טײלכעלאַך פון איין קערפּער און באַהעפטן זיך צום צווייטן קערפּער, — אַזוי זײַנען דאָ לאַנגזאַם אָבער זיכער איינס נאָכן אַנדערן אָפּגעפאַלן די פאַרזאַמלטע אַרום טאָמען און צוגעשטאַנען צום אָפּגעריסענעם יינגל.

טאָם קענטי איז געשטאַנען כמעט אַליין. עס האָט געדויערט נאָך אַ ווײַלע, און אַפילו די עטלאַכע, וואָס האָבן נאָך ביז איצט געהאַט דעם מוט צו בלייבן לעבן טאָמען, זײַנען איצט, איינציקווייז איבערגעגאַנגען צו דער מערהייט, אַזוי אַז טאָם קענטי אין זײַנע קיניגלאַכע קליידער און באַשאָטן מיט דימאַנטן איז געשטאַנען אויסגעשטעלט אויף דער עסטראַדע איי־נער אַליין, און אָפּגעזונדערט פון דער וועלט.

נאָר אָט האָט זיך באַוויזן דער לאָרד סט. דזשאָן. ווען ער איז געגאַנגען איבערן מיטלסטן דורכגאַנג, איז די שפּאַנונג געווען אַזוי גרויס, אַז יעדער שמועס האָט אוי[illegible]נרט, און אין קירך האָט געהערשט אַ טויטע שטילקייט, א[illegible]לכער ס'האָבן זיך נאָר געהערט זײַנע דייטלאַכע טריט. [illegible] זײַנען געווען געווענדט אויף אים. ער איז אַרויף אויפן עס[illegible]זע, געוואַרט אַ מאָמענט, נאָכהער איז ער צוגעגאַנגען צו טאָם קענטי און טיף פאַרנייגנדיק זיך געזאָגט:

— גנעדיקער קיניג, דער שטעמפּל איז דאָרטן ניטאָ!

אַ המון אַנטלויפט ניט אַזוי האַסטיק פון אַ כאָלערע־קראַנקן, ווי די קופּקע בלאַס־געוואָרענע און אויף טויט־דערשראָקענע הויף־לייט זײַנען זיך צעלאָפן פון דעם אָפּגעריסענעם טראָן־קאַנ־דידאַט. אין איין מאָמענט איז ער געבליבן שטיין איינער אַליין

אָן אַ פרײַנד און אָן אַ גואל, אַ ציל פֿאַר צאָרנדיקע און פֿאַר־אַכטנדיקע בליקן.

דער לאָרד־רעגענט האָט מיט כּעס אויסגעשריען:

— וואַרפֿט אַרויס דעם שלעפּער אויפֿן גאַס און יאָגט אים דורך פֿון שטאָט מיט בײַטשן. דער געמײנער אויסוואורף פֿאַרדינט ניט, מען זאָל מער טראַכטן וועגן אים!

אײניקע גוואַרדיע־אָפֿיצירן זײַנען שוין צוגעשפּרונגען אויס־צופֿירן דעם באַפֿעל, אָבער טאָם קענטי האָט זײ אָפּגעשטעלט מיט אַ זײַט און אַ געשרײ געטאָן.

— צוריק! ווער עס וועט אים באַרירן, וועט באַצאָלן מיט זײַן לעבן.

דער לאָרד־רעגענט איז געווען צעטומלט אויף דער העכס־טער מדרגה, און ווענדנדיק זיך צום לאָרד ס ט. דזשאָן, האָט ער געפֿרעגט:

— האָט איר גוט געזוכט? — אָבער עס לוינט גאָרניט צו פֿרעגן. קלײניקײטן קענען אַמאָל פֿאַרפֿאַלן ווערן, אָבער אַזאַ גרויסער חפֿץ, ווי דער מלוכה־שטעמפּל פֿון ענגלאַנד, קען ניט פֿאַרפֿאַלן ווערן, אַז קײן לעבעדיקער מענטש זאָל ניט וויסן, וואו עס איז אַהינגעקומען. דאָס איז דאָך אַ מאַסיווער גאָלדענער עיגול.

טאָם קענטי האָט מיט שײַנענדיקע אויגן אַ שפּרונג געטאָן פֿאָראויס און אויסגעשריען:

— שטײט! דאָס איז גענוג! איז עס קײַלאַכדיק? און דיק? און אויף דעם זײַנען אויסגעקריצט אותיות און דעוויזן? יאָ? אָ, איצט ווײס איך שוין, וואָס אַזוינס איז דער „גרויסער שטעמפּל“, צוליב וועלכן עס איז געווען אַזאַ טומל מיט אַזויפֿיל זוכעניש. ווען איר זאָגט עס מיר פֿריער, וואָלט איך אײַך אים געגעבן נאָך מיט דרײַ וואָכן צוריק. איך ווײס גאַנץ גוט, וואו עס ליגט, אָבער ניט איך האָב עס דער ערשטער דאָרטן אַוועקגעלײגט.

— ווער דען, מײַן קיניג? — האָט געפֿרעגט דער לאָרד־רעגענט.

— אָט דער, וואָס שטײט דאָרטן, דער אמתער קיניג פֿון

ענגלאַנד. און ער אַליין וועט אייך זאָגן, וואו עס ליגט, דאַן וועט איר בלײַבן, אַז ער האָט עס שוין לאַנג געוואוסט. דערמאָן זיך נאָר, מײַן קיניג — האָט ער זיך געווענדט צו עדוואַרדן, — שטרענג אָן דײַן זכרון — דאָס איז געווען די לעצטע, די סאַמע לעצטע זאַך, וואָס דו האָסט געמאָן יענעם טאָג, איידער דו ביסט אַרויס־געלאָפן אין מײַנע שטאָטס צו באַשטראָפן דעם זעלנער, וואָס האָט מיך באַליידיקט.

עס איז אָנגעשטאַנען אַ שטילקייט, וואָס איז ניט געשטערט געוואָרן ניט מיט אַ וואָרט, ניט מיט אַ באַוועגונג. אַלעמענס אויגן זײַנען געווענדט אויף דעם ניי־געקומענעם, וואָס איז געשטאַנען מיט אַן אָנגעבויגענעם קאָפּ און פאַרקנייטשטן שטערן און האָט צווישן טויזנטער אַנדערע געשעענישן געזוכט אין זײַן זכרון דעם איין קלײנעם פאַקט, וואָס אויב ער געפינט אים, זיצט ער אויפן טראָן. אויב ניט, — בלייבט ער אויף אייביק וואָס ער איז איצט — אַ היימלאָזער בעטלער. אַ מאָמענט נאָך אַ מאָמענט זײַנען פאַרבײַ־געגאַנגען, פון די מאָמענטן זײַנען געוואָרן מינוטן — דאָס ייִנגל האָט זיך אַלץ געראַנגלט מיט זײַן זכרון, ניט געבנדיק קיין שום צייכן, אַז ער דערמאָנט זיך.

צום סוף האָט ער, פאַרשטיקנדיק אַ זיפץ, לאַנגזאַם געשאָקלט מיטן קאָפּ און מיט ציטערדיקע ליפּן מיט אַ געבראָכענעם קול געזאָגט:

— איך דערמאָן זיך די גאַנצע סצענע — פון אָנהייב ביזן סוף, אָבער דער שטעמפּל איז דאָ ניטאָ.

ער האָט זיך אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט, נאָכהער האָט ער ווידער אויפגעהויבן דעם קאָפּ און מיט מילדער זעלבסטווערדע געזאָגט:

— מײַנע לאָרדן און דזשענטלמענער, אויב איר ווילט רויבן פון אײַער אמתן קיניג זײַנע רעכט דערפאַר, וואָס ער קען אייך זיי ניט אויפווײַזן, קען איך זיך אייך ניט אַנטקעגנשטעלן: איך בין מאַכטלאָז קעגן אייך, אָבער...

— אָ, אומזין, אָ, וואָס פאַר אַ משוגעת, מײַן קיניג! — האָט טאָם אין ציטערניש אויסגעשריען, — וואַרט! טראַכט! גיב זיך ניט אונטער, לאָז ניט אָפּ! די זאַך איז נאָך ניט פאַרלאָרן! און

וועט ניט זיין פארלארן! הער זיך צו, וואס איך וועל דיר זאגן — צו יעדעס ווארט הערט זיך צו. איך וועל דיר דערמאנען יענעם פרימארגן, יעדעס בּרעקל, טריט ביי טריט, ווי עס האט פּאסירט. הער. מיר האבן געשמועסט — איך האב אייך דערציילט פון מיינע שוועסטער בּעטע און נען, איר געדענקט דאס? — און וועגן מיין בּייזער באבען, און וועגן די פּראסטע שפּילן מיט די יינגלאך פון שמוק־געסל — איר געדענקט דאס אויך? זייער גוט. הערט־זשע מיך ווייטער און איר וועט זיך אלץ דערמאנען. איר האט מיר געגעבן עסן און טרינקען און האט, מיט פּרינצלאכער איידלקייט, ארויסגעשיקט די דינער־שאפט, איך זאל זיך ניט שעמען עסן — א, איר געדענקט עס אלץ!

ווען טאם האט איינס פאר איינס אויסגערעכנט, וואס זיי האבן געטאן, און דער צווייטער יינגל האט איין הסכמה צוגע־שאקלט מיטן קאפּ, האבן זיי די הויף־באאמטע און די גאנצע הויכע פארזאמלונג אנגעקוקט מיט דעם גרעסטן וואונדער: די געשיכטע האט געקלונגען ווי אמת, אבער וואס פאר שייכות האט דא געקענט זיין צווישן דעם פּרינץ און א בעטלער יינגל? קיינמאל אין לעבן האט זיך א געזעלשאפט ניט געפילט אזוי פאראינטערעסירט, אזוי פארווירט און אזוי איבערראשט ווי איצט.

— פון שפּאס וועגן — האט טאם ווייטער גערעדט, — האבן מיר זיך געביטן מיט די קליידער, און אזוי זיינען מיר געשטאנען פארן שפּיגל. מיר האבן אויסגעזען אזוי ענלאך איינער אויפן צווייטן, אז מיר האבן געזאגט: „עס זעט אויס, ווי מיר וואלטן זיך גארנישט גע־ביטן" — איר געדענקט דאס, יא? דאן האט איר באמערקט, אז דער זעלנער האט פארוואונדעט מיין האנט — זעט! אט איז דער צייכן. עס טוט אזוי וויי, איך קען נאך איצט מיט דער האנט ניט שרייבן — אזוי שטייף זיינען די פינגער. דא איז אייער מאיע־סטעט אויפגעשפּרונגען און, אויסרייענדיק, אז איר וועט זיך אפּ־רעכענען מיטן זעלנער, זייט איר געלאפן צום טיר. איר זייט פארבייגעלאפן א טיש — יענע זאך, וואס איר רופט שטעמפּל, אי געלעגן אויף יענעם טיש — איר האט עס א כאפּ געטאן און ארומ־געקוקט זיך, וואו צו באהאלטן עס. אייער אויג האט באמערקט א...

— שטיי, גענוג! און זאָל גאָטס נאָמען זיין געבענטשט! — האָט דער אָפּגעריסענער פּרעטענדענט אויפן טראָן אויסגעשריען אין גרויס אויפרעגונג, — גיי, מיין ליבער סט. דזשאָן — אין אַ האַנט־באַשיצער פון דעם מילאַנער פּאַנצער וועסטו געפינען דעם שטעמפּל!

— ריכטיק, מיין קיניג, ריכטיק! — האָט סאָם קענטי אויסגעשריען, — איצט געהערט די קרוין פון ענגלאַנד צו דיר. און פאַר דעם, וואָס וועט עס וועלן אָפּלייקענען, וואָלט גלייכער געווען געבאָרן צו ווערן אַ שטומער! גיי, מיין לאָרד סט. דזשאָן, זאָלן דיינע פיס באַקומען פליגלען!

די גאַנצע פאַרזאַמלונג איז געווען אויף די פיס און אויסער זיך פון אומרואיקייט, פאַרגעפיל און שרעקלאַכער אויפרעגונג. די גאַנצע קירך און די עסטראַדע האָט געהוזשעט מיט אַ מיש־מאַש פון קולות און אַ היבשע ווײַלע האָט קיינער ניט געהאַט און ניט געוואָלט הערן קיין זאַך, אַחוץ דאָס, וואָס זיין נעבנסטער שכן האָט אים אַריינגעשריען אין אויער, אָדער וואָס ער האָט אַריינגעשריען זיין נעבנסטן שכן אין אויער.

די צייט — קיינער האָט ניט געוואוסט וויפל — איז געפלויגן אומבאַמערקט. מיטאַמאָל איז שטיל געוואָרן און לאָרד סט. דזשאָן האָט זיך באַוויזן אויף דער עסטראַדע, האַלטנדיק הויך איבערן קאָפּ דעם שטעמפּל. און די גאַנצע פאַרזאַמלונג האָט אויסגעשריען:

— לאַנג לעבן זאָל דער אמתער קיניג!

פינף מינוט נאָכאַנאַנד האָט די לופט געציטערט פון דונער־געשרייען, פון מוזיק־קלאַנגען און איז ווייס געווען פון טיכלאַך, וואָס האָבן געפּאַטשט אין דער לופט. און אין צענטער פון דעם אַלעמען איז אַן אָפּגעריסענער ייִנגל — די ווײַכטיקסטע פּערזאָן פון ענגלאַנד — געשטאַנען אינמיטן עסטראַדע אַ גליקלאַכער, אַ שטאָל־צער, אַרומגערינגלט מיט קניענדיקע בעטיטלטע קנעכט און וואַ־סאַלן.

אַלע זיינען אויפגעשטאַנען און סאָם קענטי האָט אויס־געשריען:

— איצט, אָ, מיין קיניג, נעם די דאָזיקע קיניגלאַכע קליי־

דער און גיב דיין קנעכט, דעם אָרימען טאָם קענטי, צוריק זיינע טראַנטעס און שמאַטעס!

דאָ האָט זיך דער לאָרד־רעגענט אריינגעמישט:

— רייסט אראָפּ פון דעם קליינעם פּשוט זיינע זאַכן און וואַרפט אים אַריין אין פעסטונג!

אָבער דער נייער קיניג, דער אמתער קיניג האָט ניט דערלאָזן.

— איך וועל עס ניט דערלאָזן — האָט ער געזאָגט — נאָר צוליב אים האָב איך באַקומען ווידער מיין קרוין. קיינער זאָל אויף אים ניט אַרויפלייגן זיין האַנט אָדער שלעכטס טאָן אים. און וואָס אָנבאַלאַנגט דיר, מיין גוטער פעטער, מיין לאָרד־רעגענט, ביסטו זייער ניט דאַנקבאַר דעם אָרימען יינגל: איך האָב געהערט, אַז ער האָט זיך געמאַכט פאַר אַ הערצאָג — דער רעגענט האָט זיך פאַרשעמט — ער איז אָבער קיין קיניג ניט געווען. וואָס־זשע איז דיין פיינער טיטל איצט ווערט? מאָרגן זאָלסטו זיך משתדל זיין פאַר מיר דורך אים. איך זאָל באַשטעטיקן דעם טיטל, ווען ניט בלייבסטו אַ פּשוטער גראַף ווי פריער, אָבער ניט קיין הערצאָג.

אויסהערנדיק דעמדאָזיקן אויסרייד, איז דער הערצאָג אויף אַ ווײַלע אָפּגעטראָטן אַהינטער. דער קיניג האָט זיך געווענדט צו טאָמען און פריינדלעך געזאָגט:

— מיין אָרים יינגל, ווי קומט עס, דו זאָלסט געדענקען, וואו איך האָב אַוועקגעלייגט דעם שטעמפּל, אין דער צייט, וואָס איך אַליין האָב עס ניט געדענקט?

— אָ, מיין קיניג, דאָס איז זייער גרינג געווען פאַר מיר צו געדענקען, מחמת איך האָב עס עטלאַכע טעג באַנוצט.

— באַנוצט עס — און דאָך ניט געוואוסט, וואָס דאָס איז אַזוינס?

— איך האָב ניט געוואוסט, אַז דאָס איז די זאַך, וואָס זיי זוכן. זיי האָבן עס מיר ניט אָפּגעמאָלט, אייער מאַיעסטעט.

— ווי־זשע האָסטו עס באַנוצט?

— ס׳אָם איז רויט געוואָרן איבער די אויערן, האָט אראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ און געשוויגן.

— זאָג, זאָג, גוטער ייִנגעלע, האָב קיין מורא ניט — האָט געזאָגט דער קיניג, — צו וואָס האָסטו באַנוצט דעם גרויסן מלוכה־שטעמפּל פון ענגלאַנד?

ס׳אָם האָט אַ ווײַלע פאַרשעמט געמורמלט, נאָכהער האָט ער אויסגעזאָגט:

— אויף צו קנאַקן ניס דערמיט!

אָרים קינד! דער געלעכטער, וואָס האָט אויסגעבראָכן, האָט אים באַלד אומגעוואָרפן פון די פיס. ס׳אָמער איז נאָך געווען אַ שטיקל ספק, אַז ער איז דער קיניג, האָבן דידאָזיקע ווערטער זײַנע צעשטרייט יעדן ספק.

דערווייל האָט מען פון ס׳אָמען אַראָפּגענומען דעם רײַכן קיניגלאַכן מאַנטל און אַרויפגעלייגט אים אויף דעם קיניגס אַקסלען, צודעקנדיק מיט אים די צעריסענע קליידער. דאַן האָט זיך ווידער אָנגעהויבן די קרוינונגס־צערעמאָניע. דער קיניג איז געזאַלבט געוואָרן, און די קרוין איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף זײַן קאָפּ, אין דער צײַט, וואָס האַרמאַטן האָבן אָנגעזאָגט די שמחה דער גאַנצער שטאָט, און גאַנץ לאָנדאָן האָט ווי געטריגט זיך פון אַפּלאָדיסמענטן.

# דריי־און־דרייסיקסטער קאַפּיטל.

## עדוואַרד אלם קיניג.

מ י י ל ס  ה ע נ ד אָ ן האָט אויסגעזען גענוג אויפפאַלנדיק, איידער ער האָט זיך אַריינגעמישט אין דעם געשלעג אויף „לאָני־דאָן־בריק", און נאָך שענער האָט ער אויסגעזען, ווען ער איז אַרויס פון געשלעג. ער האָט געהאַט זייער ווייניק געלט, ווען ער איז אַריינגעפאַלן אין דעם געדרענג; ער האָט גאָרניט געהאַט, ווען ער איז אַרויס פון דאָרטן: קעשענע־גנבים האָבן אויסגע־ליידיקט זיינע טאַשן ביזן לעצטן פאַרדינג. אָבער דאָס מאַכט גיט אויס, זאָל ער נאָר געפינען דאָס יינגל. ניט אומזיסט איז ער געווען אַ זעלנער — ער וועט ניט אַרבעטן גלאַט אין דער וועלט אַריין: פריער פון אַלץ דאַרף מען אויסאַרבעטן אַ פּלאַן פון דער אַרבעט.

וואָס דאַרף דאָס יינגל געוויינלאַך טאָן? וואוהין וועט ער, על־פּי שכל, גיין? קיין ספק, אַז ער וועט גיין צו זיינע פריער־דיקע ערטער: אַזוי איז שוין די טבע פון משוגעים — און פון קלאָרע אויך — צו גיין אין דער אַלטער היים, ווען זיי בלייבן עלנט און היימלאָז. וואו קען זיך געפינען זיין אַמאָליקע היים? זיין אָפּגעריסנקייט צוזאַמען מיט יענעם באַנדיט, וואָס גיט זיך אַרויס פאַר זיין פאָטער, זאָגן עדות, אַז זיין היים דאַרף זיך גע־פינען אין איינער פון די אָרימסטע און געמיינסטע געגנטן פון לאָנדאָן. וועט אים זיין שווער צו געפינען, און וועט ער אים דאַרפן לאַנג זוכן? ניין, עס זעט אויס צו זיין אַ קורצע און גרינגע אַרבעט. ער וועט ניט זוכן דאָס יינגל, — ער וועט זוכן אַ המון: פריער אָדער שפּעטער, וועט ער געפינען דאָס יינגל

אינמיטן פון אַ גרעסערע אָדער קלענערער חברה לײדיקגײערס, וואָס שטייט און מאַכט חוזק, און רייצט זיך מיט דעם אָרימען יינגל, וואָס שרייט, אַז ער איז קיניג, ווי געוויינלאַך. *מיילס הענדאָן* וועט דאַמאָלסט עטלאַכע פון זיי צעשעדיקן, צונעמען פון זיי זיין קלײנעם „האָדולניק״, באַרואיקן און אײַנשטילן אים מיט גוטע ווערטער, און קיינמאָל מער ניט צעשיידן זיך מיט אים.

אויסגעאַרבעט דעם פּלאַן, האָט זיך *מיילס* אַרויסגעלאָזן זוכן. שעה נאָך שעה האָט ער געוואַנדערט איבער לאָנדאָנער שמוציקע גאַסן און הינטער־געסלאַך, געזוכט געזעמלס, געפונען זיי אָן אַ שיעור, אָבער ערגעץ איז ניט געווען קיין סימן פונם יינגל. דאָס האָט אים זייער געוואונדערט, אָבער ניט אָפּגענומען דעם מוט. נאָך זיין מיינונג, איז זיין פּלאַן אַ ריכטיקער פּלאַן, ניט מער, עס פאַרציט זיך אַ ביסל לענגער, ווי ער האָט גערעכנט.

ווען ס׳איז געוואָרן טאָג, איז ער שוין געווען דורכגעגאַנגען אַ סך מײלן און געזוכט צווישן אַ סך קופּעס מענטשן, אָבער מיט דעם אײנציקן רעזולטאַט, וואָס ער איז געווען שרעקלאַך מיד, געגנוג הונגעריק און זייער שלעפעריק. ער וואָלט געוואָלט עפּעס אָנבייסן, אָבער ס׳איז ניט געווען פאַרוואָס צו קויפן. בעטלען איז אים אַפילו ניט אײַנגעפאַלן; פאַרמשכנען דעם שווערד — איז פאַר אים געווען דאָסזעלביקע, וואָס שיידן זיך מיט ערע. ער וואָלט זיך געקענט שיידן מיט עפּעס פון זיינע מלבושים, אָבער געפינען אַ קונה אויף אַזעלכע מלבושים איז ניט גרינגער, ווי צו געפינען אַ בעלן אויף אַ גוטער קרענק.

ביי האַלבן טאָג האָט ער זיך נאָך אַלץ אַרומגעשלעפּט, געזוכט צווישן דעם המון, וואָס איז נאָכגעגאַנגען נאָך דער קרוינונגס־פּראָצעסיע, אויסרעכענענדיק, אַז אַ קיניגלאַכער פּאַראַד דאַרף געוויס צוציען צו זיך דעם יינגל, וואָס איז צעמישט אויף דעם פּונקט. ער איז נאָכגעגאַנגען די פּראָצעסיע איבער אַלע גאַסן, ביז צו וועסטמינסטער־קירך. ער האָט זיך אומעטום אויסגעמישט צווישן עולם, ביז ער איז צום סוף, גאָר אַ צעטומלטער, אַוועקגעגאַנגען אָן אַ זייט, צו באַטראַכטן און אויסבעסערן זיין פּלאַן. ווען ער האָט זיך אַרומגעקוקט, האָט ער דערזען, אַז ער

געפינט זיך אונטערן שטאָט, און עס ווערט שוין שפעט. ער איז געווען ניט ווייט פון טייך, אין אַ פּאַרשטאָט מיט רייכע פּריוואַט־הייזער, וואו מען נעמט ניט גאָר פריינדלאַך אויף פאַרשוינען אין אַזעלכע מלבושים, ווי זיינע.

עס איז געווען ניט קאַלט, האָט ער זיך אויסגעצויגן אויף דער ערד אונטער אַ פּאַרקאַן, אָפּצורוען אַ ביסל און באַטראַכטן זיך עס איז אים באַפאַלן אַ שלעפעריקייט, פונדערווייטנס האָט דער־גרייכט דער אָפּקלאַנג פון הארמאַטן־שיסעריי; ער האָט אַ טראַכט געטאָן: „דער נייער קיניג איז געקרוינט געוואָרן"—און איז פעסט איינגעשלאָפן. — ער האָט פריער דרייסיק שעה ניט געשלאָפן און ניט גערוט.—אויפגעכאַפּט האָט ער זיך ערשט אויף מאָרגן אַרום האַלבן טאָג.

ער איז אויפגעשטאַנען אַ שטייפער, מיט אָפּגעלעגענע פיס, אַ האַלב־פאַרחלשטער. ער האָט זיך איינגעוואַשן אין טייך, באַרו־איקט דעם מאָגן מיט אַ גוטן טרונק וואַסער און געלאָזן זיך גיין צו ווערס־מיניסטער, וואַרטשענדיק אויף זיך אַליין, למאַי ער האָט צעריבן אַזויפיל צייט אומזיסט. הונגער האָט אים געהאָלפן אויס־צואַרבעטן אַ נייעם פּלאַן: ער וועט זיך פּרובירן צושלאָגן צו סער העמפרי מאַרלאָאו און לייען ביי אים אַ פּאַר מאַרק און...— אָבער דאָס איז דערווייל גענוג. אַז ער וועט דאָס אויספירן, וועט ער צייט האָבן אויסצואַרבעטן דעם פּלאַן ווייטער.

אַרום עלף אַ זייגער איז ער צוגעקומען צום פּאַלאַץ, און כאָטש אַ גרויסער עולם איז געגאַנגען אין דערזעלביקער ריכטונג איז ער געווען גענוג קענטיק צווישן אים—זיין אָנטאָן האָט שוין געזאָרגט דערפאַר.—ער האָט זיך גוט איינגעקוקט אין די פּנימער, זוכנדיק אַזאַ איינעם, וועמען ער זאָל קענען בעטן אָנזאָגן דעם אַלטן לייטענאַנט מאַרלאָאו, אַז ער וויל אים זען. וועגן אַליין דערשלאָגן זיך אין פּאַלאַץ איז ניט געווען וואָס צו קלערן.

אין אַ ווײַלע אַרום איז פאַרביי הענדאָנען דורכגעגאַנגען אונזער באַקאַנטער שמייס־יינגל. ער האָט זיך אומגעקערט און, גוט באַטראַכטנדיק אים, אַ קלער געטאָן: אויב דאָס איז ניט יענער שלעפער, וועגן וועלכן זיין מאַיעסטעט באַאומרואיקט זיך אזוי,—

בין איך אן אייזל—כאָטש דאָס בין איך אַזוי אויך.—ער פּאַסט זיך צו צו דער באַשרייבונג ביז צום לעצטן פּאָדים. אַז באָט זאָל באַשאַפן צוויי פּונקט פון אײנע,—וואָלט געהייסן גלאַט ביליג מאַכן וואונדער דורך אָפּטע ווידערהאָלונג. איך וואָלט געוואָלט געפינען עפּעס אַן אויסרייד צו פאַרפירן מיט אים אַ שמועס.

מיילס הענדאָן האָט אים פאַרשפּאָרט די טירחה. ער האָט זיך אַליין צו אים אומגעקערט — ווי עס טרעפט אָפּט, ווען איר פילט, אַז עמיצער קוקט אייך פון הינטן נאָך—און, באַמערקנ״ק אין דעם יינגלס אויגן אַ גרויס אינטערעס צו זיך, איז ער צו אים צוגעגאַנגען און געזאָגט:

— דו ביסט נים לאַנג אַרויס פון פּאַלאַץ, געפינסטו זיך ורטן?

— יאָ, אייער גנאָד.

— קענסטו סער העמפרי מאַרלאָאו?

דאָס יינגל האָט אַ ציטער געטאָן. „גאָט מיינער — האָט ער געטראַכט — דאָס איז דאָך מיין פאַרשטאָרבענער פאָטער״ — און געענטפערט הויך:

— זייער גוט, אייער גנאָד.

— גוט. איז ער דאָרטן?

— יאָ — האָט דאָס יינגל געענטפערט, און צוגעגעבן פאַר זיך: „אין קבר״.

— קען איך ביי דיר בעטן די טובה, דו זאָלסט אַזוי גוט זיין איבערגעבן אים מיין נאָמען און זאָגן אים, אַז איך וויל אים זאָגן אַ פּאָר ווערטער בסוד?

— איך וועל עס גערן טאָן, סער.

— זאָג־זשע אים, אַז מיילס הענדאָן, אַ זון פון סער ריטשאַרד, וואַרט דאָ דרויסן. איך וועל דיר דערפאַר זייער דאַנקבאַר זיין, מיין וואוילער יינגל.

דאָס יינגל האָט אויסגעזען אַנטוישט. „דער קיניג האָט אים אָנגערופן מיט אַן אַנדער נאָמען — האָט ער געטראַכט. — אָבער עס מאַכט נים אויס. אויב דאָס איז נים דער, וואָס דער קיניג

זוכט, איז עס זיין צווילינג־ברודער, וואָס וועט קענען דערציילן דעם קיניג נייס פון דעם אַנדער „סער־שטיקלאַך־און־ברעקלאַך".

און, ווענדנדיק זיך צו מיילסן, האָט ער געזאָגט:

— שטעלט זיך אָט אַהער אַ ווײַלע, גוטער הער. איך וועל אייך באַלד ברענגען אַ תשובה.

הענדאָן האָט זיך געשטעלט, וואו מען האָט אים אָנגעוויזן — דאָס איז געווען אַ נישע אין וואַנט מיט אַ שטיינערנער באַנק אינעווייניק, וואו די וואַך־זעלנער פלעגן זיך באַהאַלטן אין אַ שלעכט וועטער. ער האָט זיך גאָר־וואָס צוגעזעצט, ווען עטלאַכע אַלעבאַרדיסטן מיט אַן אָפיצער אָן דער שפּיץ זיינען פאַרבײַגעגאַנגען. דערזעענדיק אים, האָט דער אָפיצער אַ קאָמאַנדע געטאָן, די סאָלדאַטן זאָלן זיך אָפּשטעלן און געהייסן הענדאָנען צוגיין. הענדאָן איז צוגעגאַנגען — און איז גלייך אַרעסטירט געוואָרן אַלס פאַרדעכטיקטע פּערזאָן, וואָס דרייט זיך אַרום פּאַלאַץ.

דאָס איז געווען אַ מיאוסע מעשה. הענדאָן האָט געוואָלט דערקלערן, וואָס ער טוט דאָ, אָבער דער אָפיצער האָט אים גראָב אָפּגעהאַקט און געהייסן די סאָלדאַטן אָפּנעמען בײַ אים זיין געווער און באַזוכן אים.

— הלואי זאָל דער באַרימהאַרציקער גאָט געבן, זיי זאָלן עפּעס געפינען — האָט מיילס געזאָגט, — איך האָב גענוג געזוכט און האָב גאָרנישט געפונען, כאָטש איך נייטיק זיך מער פון זיי...

— קיין זאַך ניט געפונען, אויסער עפּעס אַ פּאַפּיר — האָט געמאָלדן דער אונטער־אָפיצער.

דער אָפיצער האָט עס אויפגעעפנט, און הענדאָן האָט אַ שמייכל געטאָן, דערקענענדיק די „גרייזלאַך און דריידלאַך", וואָס זיין קליינער פריינד האָט אָנגעשמירט אויף „דריי שפּראַכן" יענעם ביטערן טאָג אין הענדאָן־שלאָס.

דעם אָפיצערס פּנים איז פינסטער געוואָרן, ווען ער האָט איבערגעלייענט דעם ענגלישן נוסח פון פּאַפּיר, און הענדאָן איז פאַרקערט בלייך געוואָרן, ווען ער האָט דערהערט דעם אָפּיצער זאָגנדיק:

— אַ נייער בעלן אויף דער קרוין! זיי מערן זיך היינט

ווי די הײזלאַך, אויף מײַן וואָרט! האַלט נאָר גוט צו דעם שופּט, ביז איך וועל אַרײַנטראָגן דעם זעלטענעם פּאַפּיר אין פּאַלאַץ און אָפּשיקן עס צום קיניג.

ער איז שנעל אַוועקגעגאַנגען, איבערלאָזנדיק דעם אַרעסטירטן אין די הענט פון די זעלנער.

— נו, איצט וועלן זיך, דוכט זיך, ענדיקן אַלע מײַנע צרות — האָט הענדאָן געמורמלט. — איך וועל זיך שוין געוויס וויגן אויף אַ שטריקל, צוליב דאָס שטיקל פּאַפּיר. וואָס וועט עס ווערן פון מײַן אָרימען ײנגל — אָ, איין גאָט ווייס!

נאָר אָט האָט ער דערזען דעם אָפיצער לויפנדיק צוריק אין גרויס אײַלעניש, און ער האָט זיך געמאַכט האַרץ צו באַגעגענען זײַן גורל מיט מוט, ווי עס פּאַסט פאַר אַ זעלנער. דער אָפיצער האָט באַפוילן די זעלנער, זיי זאָלן אָפּלאָזן דעם געפאַנגענעם און אָפּגעבן אים צוריק זײַן שווערד. נאָכהער האָט ער זיך מיט גרויס אָפּשײַ פאַרנייגט פאַר אים און געזאָגט:

— זײַט אַזוי גוט, סער, נאָכגיין נאָך מיר.

הענדאָן איז נאָכגעגאַנגען, קלערנדיק:

„ווען איך וואָלט איצט ניט געפירט ווערן צום טויט, ווען מען קען זיך ניט ערלויבן צו טאָן אַ פרישע עבירה, וואָלט איך דעם לומפּ דערוואָרגן פאַר זײַן חווק מאַכן פון מיר“.

זיי זײַנען דורכגעגאַנגען אַ גרויסן הויף און צוגעקומען צום הויפּט־אַרײַנגאַנג פון פּאַלאַץ, וואו דער אָפיצער האָט, ווידער טיף פאַרנייגנדיק זיך, איבערגעגעבן הענדאָנען אין די הענט פון אַ פאַרפּוצטן הויכן באַאַמטן, וואָס האָט אים אויפגענומען מיט גרויס כבוד און דורכגעפירט דורך אַ גרויסן אויפנאַמס־צימער צווישן צוויי ציילן דינער (וואָס האָבן זיך נידעריק געבוקט בײַ זייער דורכגאַנג, אָבער, וואָס האָבן זיך געשטיקט פון געלעכטער ווי נאָר אונזער „פאַרשטעלעניש“ איז געווען צו זיי מיטן רוקן), אויפגעהויבן זיך אויף ברייטע טרעפּ צווישן גאַנצע מחנות הויפלײַט, און צום סוף אַרײַנגעפירט אים אין אַ גרויסן זאַל, מאַכנדיק פאַר אים אַ וועג צווישן דער ענגלישער אַריסטאָקראַטיע, וואָס איז דאָ געווען פאַרזאַמלט, דערמאָנענדיק אין איין גאַנג הענ־

דאָנען ער זאָל אַראָפּנעמען זײַן הוט, און געלאָזן שטיין אים אינמיטן זאַל — אַ ציל פאַר אַלע אויגן, פאַר אַ סך בייזע בליקן און געגנוג פריילאַכע און שפּאָטישע שמייכלען.

מיילס העגדאָן איז געווען גאָר צעטומלט: פינף טריט פון אים איז אונטער אַ חופה געזעסן אויפן טראָן דער יונגער קיניג דעם קאָפּ אָנגעבויגן און אָפּגעקערט אָן אַ זייט און גע־שמועסט מיט אַ פּאַרשוין, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ גן־עדן־פייגל — אַ הערצאָג אפשר. — העגדאָן האָט אַ טראַכט געטאָן, אַז שטאַרבן אין די בעסטע יאָרן איז גענוג שווער אויך אָן אַזעלכע בזיונות פאַר אַזאַ עולם. ער וואָלט געוואָלט, דער קיניג זאָל שוין מאַכן אַ סוף דערמיט — צו שווער צו פאַרטראָגן די ערנידערונגען פון אייניקע פון די וויכטיקע פּאַרשוינען, וואָס דרייען זיך דאָ אַרום.

אין דעם מאָמענט האָט דער קיניג אַ ביסל אויפגעהויבן דעם קאָפּ און העגדאָן האָט זיך אין אים גוט איינגעקוקט. עס האָט אים דער אָטעם פאַרכאַפּט פון דעם, וואָס ער האָט דערזען! ווי אַ פאַרכישופטער האָט ער געקוקט אויף דאָס יונג פּנים און נאָכהער אויסגערופן:

— וואָס, דער קיניג פון דעם „חלומות־און־שאָטנס־קיניג־רייך" אויף זײַן טראָן!

ער האָט אַלץ געמורמלט און גערעדט האַלבע ווערטער, ניט אויפהערנדיק צו קוקן און וואונדערן זיך. נאָכהער האָט ער זיך אַרומגעקוקט אויף אַלע זייטן, ריידנדיק צו זיך אַליין: „אָבער די אַלע זיינען דאָך אמתע, לעבעדיקע מענטשן, אויף מײַן וואָרט, אמתע — בנאמנות, ס'איז ניט קיין חלום...

ער האָט ווידער אָנגעשטעלט די אויגן אויפן קיניג און געטראַכט: איז עס אַ חלום?... אָדער איז ער טאַקע דער אמתער הערשער פון ענגלאַנד און ניט דער עלנטער אָרימער טאָם פון משוגעים־הויז, פאַר וועלכן איך האָב אים געהאַלטן? — ווער וועט מיר אויפלייזן די רעטעניש?

מיטאַמאָל האָט אַ געדאַנק אויפגעבליצט אין זײַנע אויגן: ער האָט אַ שפּריז געטאָן צום וואַנט, געבראַכט אַ שטול און אַנידערגעזעצט זיך!

אלע זיינען געוואָרן אויסער זיך. איינער פון די הויף־לייט האָט אים אַ כאַפּ געטאָן ביים קאָלנער און אויסגעשריען:

— שטיי אויף, דו אָפּגעריסענער נאַר! דו קלייבסט זיך זיצן אין דער געגנוואַרט פון קיניג?!

דער טומל האָט צוגעצויגן דעם קיניגס אויפמערקזאַמקייט. ער האָט אויסגעצויגן זיין האַנט און אויסגעשריען:

— באַרירט אים ניט. דאָס איז זיין רעכט!

דער עולם איז אָפּגעטראָטן צוריק געוואַלדיק איבערראַשט. דער קיניג האָט ווייטער געזאָגט:

— זייט וויסן איר אַלע, ליידיס, לאָרדן און דזשענטלמע־נער, אַז דאָס איז מיין אָנפאַרטרויטער און שטאַרק־באַליבטער דינער, מ י י ל ס ה ע נ ד אָ ן, וואָס האָט מיט זיין גוטן שווערד געראַטעוועט זיין קיניג פון קערפּערלאַכער באַשעדיקונג און אפשר — פון טויט, און דערפאַר איז ער, ביי דעם קיניגס ווילן, דערהויבן געוואָרן צום ריטער־ראַנג. זייט ווייטער וויסן, אַז פאַר אַ העכערער דינסט—דערפאַר, וואָס ער האָט פאַרהיט זיין הערשער פון שמיץ און שאַנד, נעמענדיק עס אויף זיך, — איז ער געמאַכט געוואָרן פּ ע ר פון ענגלאַנד, גראַף פון ק ע נ ט און וועט באַקומען גאָלד און גיטער ווי עס פּאַסט פאַר זיין כבוד. נאָך מער, דעם זכות, וואָס ער האָט איצט געטאָן אויסנוצן,—געהערט אים דורך אַ קי־ניגלאַכן געשאַנק, וואָרים מיר האָבן געטאָן באַפוילן, אַז די בכורים פון דער משפחה הענדאָן זאָלן האָבן דאָס רעכט צו זיצן אין דער געגנוואַרט פון ענגלאַנדס מאַיעסטעט פון היינט אָן און ווייטער, דור נאָך דור, אַזוי לאַנג, ווי דער טראָן וועט אַ קיום האָבן. באַרירט אים ניט!

צוויי פּערזאָן, וואָס האָבן על־פּי סיבה פּאַרשפּעטיקט און זיינען נאָר־וואָס אָנגעקומען פון דער פּראָווינץ, זיינען געשטאַנען און צוגעהערט זיך און געקוקט דאָס אויפן קיניג, דאָס אויף דער „פּאַרזעניש", ווידער אויפן קיניג און נאָכאַמאָל אויף דער „פּאַר־זעניש" אין אַ מין ווילדן וואונדער. דאָס זיינען געווען סער ג י ו און ליידי ע ד י ט. אָבער דער נייער גראַף האָט זיי ניט באַמערקט.

ער האָט אַלץ ניט אַראָפּגענומען די אויגן פון מאָנאַרך און גע־מורמלט:

— אָ, גאָט מיינער! און דאָס איז מיין בעטלער! דאָס איז מיין משוגענער; דאָס איז דער, פאַר וועמען איך האָב זיך געוואָלט באַרימען מיט די זיבעציק צימערן אין מיין הויז און מיט די זיבן־און־צוואַנציק דינער! דאָס איז דער, וואָס האָט קיינ־מאָל קיין אַנדער זאַך ניט געהאַט, ווי שמאַטעס פאַר קליידער, איבערגעבליבענע ברעקלאַך פון טיש צום עסן און קלעפּ אויף פאַרבייסן! דאָס איז דער, וועמען איך האָב צוגענומען פאַר אַ זון, און געוואָלט מאַכן אים פאַר אַ מענטשן! אָ, הלוואַי וואָלט איך געהאַט אַ זאַק צו באַהאַלטן אין אים מיין קאָפּ פון חרפּה!

מיטאַמאָל האָט ער זיך דערמאָנט און האָט אַ פאַל געטאָן אויף די קני און, אָנכאַפּנדיק דעם קיניגס האַנט, געשוואָרן גע־טרייקייט און געדאַנקט פאַר דעם טיטל און גיטער. נאָכהער איז ער אויפגעשטאַנען און אָפּגעטראָטן אָן אַ זייט — אַ ציל פאַר אַלע אויגן און פאַר גענוג קנאה אויך.

איצט האָט דער קיניג באַמערקט סער גיו און האָט מיט אַ צאָרנדיקער שטים און ברענענדיקע אויגן געזאָגט:

— נעמט אַוועק פון דעמדאָזיקן רויבער זיינע געגזלטע גיטער און טיטל און האַלט אים אונטערן שלאָס און ריגל, ביז איך וועל אים אויספאָדערן.

דער געוועזענער סער גיו איז אַרויסגעפירט געוואָרן.

איצט איז אין צווייטן עק זאַל פאָרגעקומען עפּעס אַ באַ־וועגונג. די פאַרזאַמלטע האָבן געמאַכט אַ וועג און טאָם קענטי, איינפאַך, אָבער רייך געקליידט, געפירט פון אַ צערעמאָניאַל־מייס־טער איז דורכגעגאַנגען צווישן צוויי לעבעדיקע ווענט. ער האָט געקניט פאַרן קיניג, וואָס האָט געזאָגט:

— איך האָב זיך דערוואוסט די געשיכטע פון די פאַר־גאַנגענע עטלאַכע וואָכן און איך בין צופרידן מיט דיר. דו האָסט געטאָן רעגירן די מלוכה מיט וואָרהאַפטיקער קיניגלאַכער גוט־האַרציקייט און רחמנות. האָסטו געפונען דיין מוטער און שוועס־טער? — זיי וועלן באַזאָרגט ווערן. און דיין פאָטער וועט אויפ־

געהאַנגען ווערן, אויב דאָס איז דיין פאַרלאַנג און דאָס געזעץ ערלויבט עס. זייט וויסן, איר אַלע, וואָס טוט הערן מיין שטים, אַז פון היינט אָן און ווייטער וועלן אַלע, וואָס געפינען זיך אין „קריסטוס יתומים־הויז" *) און געניסן פון קעניגס צדקה,— באַקו־מען שפייז פאַר זייערע מוחות און הערצער אַזוי גוט ווי פאַר זייערע קערפּערס, און די דאָזיקער ייִנגל וועט טאָן וואוינען דאָרטן און וועט שפּעטער זיין גאַנצן לעבן פאַרנעמען דאָרטן אַן ערן־אָרט צווישן די לערער. און אַזוי ווי ער איז געווען אַ קעניג, דאַרף איִם אָפּגעגעבן ווערן באַזונדער כבוד, זיי־זשע אויפמערק־זאַם אויף זיין באַזונדער קליידונג, דורך וועלכע אַלע דאַרפן אים דערקענען און קיינער טאָר זיי ניט נאָכמאַכן. און וואוהין ער זאָל ניט קומען, וועט עס דערמאָנען דעם פאָלק, אַז ער איז אַמאָל געווען אַ קעניג און קיינער זאָל זיך ניט דערוועגן ניט צו אַכטן אים און ניט צו באַגריסן אים. ער טוט זיך געפינען אונ־טער דער שוץ פון טראָן, ער האָט די שטיצע פון דער קרוין, ער וועט זיין באַוואוסט און גערופן מיט דעם ערן־טיטל:

„דעם קעניגס האָדעוואַניק".

דער שטאָלצער און גליקלאַכער טאָם קענטי איז אויפ־געשטאַנען, געקושט דעם קעניגס האַנט און איז נאָכהער אַרויס־געפירט געוואָרן. ער האָט ניט פאַרלאָרן קיין צייט, נאָר גלייך געפלויגן צו זיין מוטער דערציילן איר, בעט און נען די גאַנ־צע מעשה, זיי זאָלן זיך פרייען צוזאַמען מיט אים.

*) די עלטסטע שול און קינדערהיים פאַר אָרימע קינדער אין לאָנדאָן.

# שלוס.

## שטראָף און באַלוינונג.

װי גיו הענדאָן האָט זיך אַליין מודה געװען, האָט זיך אַרויסגעװיזן, אַז זיין װייב האָט זיך דאַמאָלסט אָפּגעזאָגט אין הענ־דאָן־שלאָס פון מיילסן, װייל זי איז דערצו געצוואונגען געװען פון אים, גיו הענדאָן, װאָס האָט צוגעזאָגט — און מען האָט אים געקענט גלויבן, — אַז אויב זי װעט אים ניט פאָלגן און לאָזן זיך דערקענען צו מיילסן, װעט ער איר נעמען דאָס לעבן. און װען זי האָט אים געזאָגט: „נעם מיין לעבן, ער איז מיר ניט טייער”, — האָט ער געזאָגט, אַז איר װעט ער לאָזן לעבן, אָבער ער װעט טויטן מיילסן. דאָס איז שוין געװען אַן אַנדער זאַך, האָט זי געגעבן דאָס װאָרט ניט צו דערקענען מיילסן און האָט דאָס װאָרט געהאַלטן.

גיו איז ניט באַשטראָפט געװאָרן פאַר באַשווינדלען זיין ברודער און פאַר אַלע זיינע מעשים, װייל זיין פרוי און זיין ברו־דער האָבן ניט געװאָלט עדות זאָגן קעגן אים. און די װייב װאָלט ניט געקענט באַװייזן קעגן אים, װען זי זאָל אפילו װעלן, װייל ער האָט זי אַװעקגעװאָרפן און איז אַװעק אין פרעמדע לענדער, װאו ער איז אינגיכן געשטאָרבן. מיט דער צייט האָט דער אַמאָ־ליקער מיילס הענדאָן און איצטיקער גראַף קענט חתונה געהאַט מיט זיין אַלמנה.

אין דאָרף הענדאָן איז געװען ששון ושמחה, װען דאָס פאָר איז צום ערשטן מאָל געקומען אין שלאָס.

טאָם קענטיס פאָטער איז װי אין װאַסער אריין.

דער קיניג האָט אויפגעוווכט דעם פּאַרמער, וועלכן מען האָט געשטעמפּלט און פּאַרקויפט פאַר אַ קנעכט. האָט אים אויסגעלייזט פון זיין זינדיק לעבן אין דעם „סקאַנדאַליסטס" באַנדע און באַזאָרגט אים מיט אַ פיינע הכנסה.

ער האָט אויך באַפרייט דעם אַלטן אַדוואָקאַט פון געפענגעניש און אומגעקערט אים זיין געלט-שטראָף.

ער האָט פאַרזאָרגט די טעכטער פון די צוויי פאַרברענטע פרויען און שטרענג באַשטראָפט דעם באַאַמטן, וואָס האָט געשמיסן הענדאָנען.

ער האָט געראַטעוועט פון עשאַפאָט דאָס יינגל, וואָס האָט געכאַפּט דאָס פאַלק-פויגל און די פרוי, וואָס האָט געגנבעט ביים וועבער אַ שטיקל געוואַנט.

ער האָט אָבער פאַרשפּעטיקט צו ראַטעווען דעם מענטשן, וואָס איז פאַראורטיילט געוואָרן פאַר דערשיסן אַ הירש אין קיניגס וואַלד.

ער האָט באַוויזן גנאָד דעם ריכטער, וואָס האָט אויף אים רחמנות געהאַט, בעת ער איז באַשולדיקט געווען אין גנבענען אַ חזירל און עס האָט אים הנאה געטאָן צו זען, ווי דער ריכטער איז מיט דער צייט געוואָרן אַ גרויסער און פון אַלעמען געאַכטער מענטש.

זיין גאַנץ לעבן האָט דער קיניג ליב געהאַט צו דערציילן זיינע פּאַסירונגען פון דער שעה אָן, וואָס ער איז ארויסגעלאָפן פון פּאַלאַץ אין די בעטלער-קליידער ביז דער לעצטער נאַכט, ווען ער האָט זיך אריינגעגנבעט אין קירך צוזאַמען מיט אַ קאַמפּאַניע אַרבעטער און באַהאַלטן זיך אין טויטן-געצעלט פון קיניג עדוואַרד דעם בעל-תשובה און איז אַזוי פעסט איינגעשלאָפן, אַז ער האָט נאָך אַ האָר פאַרשלאָפן די קרוינונגס-צערעמאָניע. ער האָט געזאָגט, אַז דאָס אָפטע איבערדערציילונג פון דער געשיכטע פאַרפעסטיקט זיין ווילן צו ציען פון איר נוצן פאַרן פאָלק, און ער וועט דעריבער ניט אויפהערן צו דערציילן די מעשה ווי לאַנג ער וועט לעבן, כדי צו האַלטן פריש אין זיין זכרון די טרויערי-

קע בילדער און דעם קוואַל פון רחמנות, וואָס זיי וועקן אין זיין האַרץ.

מיילס העַנדאָן און טאָם קענטי זיינען געווען דעם קיניגס ליבלינגס די גאַנצע צייט-פון זיין קורצער הערשאַפט, און זיי האָבן מיטן גאַנצן האַרצן געטרויערט נאָך זיין טויט.

דער גוטער גראַף קענט איז געווען צו פאַרנונפטיק אויס-צונוצן זיין זונדערבאַרע פריווילעגיע, אָבער צוויי מאָל אין זיין לעבן האָט ער עס יאָ אויסגענוצט: איין מאָל, ווען די קיניגין מערי האָט באַשטייגט דעם טראָן, און דאָס צווייטע מאָל ווען די קיניגין עליזאַבעט איז געקרוינט געוואָרן. איינער פון זיין ווייטערדיקן דור האָט אויסגענוצט די פריווילעגיע ווען דזשיימס דער ערשטער איז געוואָרן קיניג. איידער דעמדאָזיקן גראַפס זון האָט זיך אויסגעקליבן אויסצונוצן זיין זכות, איז פאַרבייגעגאַנגען אַ פערטל יאָרהונדערטס און „די פריווילעגע פון די קענטס" איז כמעט ווי פאַרגעסן געוואָרן, און ווען איינער פון די קענטס האָט אין געגנווארט פון טשאַרלז דעם ערשטן און זיין גאַנצן הויף גענומען און אוועקגעזעצט זיך, כּדי פעסטצושטעלן זיינע רעכט, איז געוואָרן נישקשה פון אַ גערודער! אָבער די זאַך איז באַלד ערקלערט געוואָרן און זיין רעכט באַשטעטיקט. דער לעצטער פון דער פאַמיליע קענט איז געפאַלן אין דער בירגער-קריג, קעמפנדיק פאַרן קיניג, און די זונדערבאַרע פריווילעגיע האָט זיך געענדיקט צוזאַמען מיט אים.

טאָם קענטי האָט דערלעבט ביז אַ טיפן עלטער. ער איז געווען אַ שיינער גרייז-גראָער זקן מיט אַן ערנסט און גוטמוטיק פּנים. זיין גאַנצן לעבן איז ער פון אַלעמען געאַכט געווען. מען האָט אים אויך אָפּגעגעבן כּבוד פאַר זיין באַזונדער קליידונג וואָס האָט אַלעמען דערמאָנט, אַז „ער איז אַמאָל געווען קיניג", און וואו נאָר ער האָט זיך באַוויזן, האָט מען פאַר אים געמאַכט וועג און איינער דעם צווייטן פלעגט זאָגן: „טו אויס דיין הוט, דאָס איז דער אויסגעהאָדעוועטער פון קיניג!"

ער פלעגט ענטפערן אויף די באַגריסונגען מיט אַ ליבלאַכן

שמייכל, וואָס איז פון אַלעמען געשאַצט געוואָרן, ווייל יעדערער האָט געוואוסט זיין בכבודיקע לעבנס-געשיכטע.

דער קיניג עדוואַרד דער זעקסטער האָט אינגאַנצן געלעבט עטלאַכע יאָר, אָרים ייִנגלו — אָבער געלעבט ווי עס געהערט צו זיין. זייער אָפט, ווען עמיצער פון די וויכטיקע הויף-באַאַמטע, עפּעס דאָרטן אַ באַגילדטער הויף-קנעכט פלעגט אַרויסטרעטן קעגן דעם קיניגס מילדקייט און אויפוויזן, אַז דאָס געזעץ, וואָס ער וויל לינדערן, איז אַזוי אויך גענוג מילד און פאַרשאַפט גאָרניט די באַשטראָפטע קיין יסורים, — פלעגט דער יונגער קיניג אָנווענדן אויף דעם בעל-עצה זיינע גרויסע, אויסדרוקספולע, רחמנותדיקע אויגן און ענטפערן:

— וואָס ווייסטו פון יסורים און אונטערדריקונג? איך און מיין פאָלק ווייסן וואָס דאָס מיינט, אָבער ניט דו.

די הערשאַפט פון עדוואַרד דעם זעקסטן איז געווען אַ באַרימהאַרציקע הערשאַפט, ווערליק פאַר יענע גרויזאַמע צייטן. לאָמיר-זשע דאָס ניט פאַרגעסן איצט, ווען מיר צעשיידן זיך מיט אים און דערמאָנען אים שטענדיק צו גוטן.

---